ה. סמאָליאר

# פון מינסקער געטאָ

אָ ג י ז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס״
מאָסקווע 1946

# אינהאלט

## ע ר ש ט ע ר   ט י י ל

### ווידערשטאנד

זײַט



## צווייטער טייל

### נעקאָמע



---

ע ר ש ט ע ר   ט ײ ל

# ווידערשטאנד

## I. דער וועג אפ צוריק

אינ דעמ גאנג פונ די הונדערטער אונ טויזנטער פרויענ, קינדער אונ מענער איז שוינ קיינ זייכער ניט געווענ פונ געייל, פונ בעהאָלעדיקנ לויפנ, פונ אָנגעשטרענגטנ בייקומענ זומפּנ אונ טייכנ, פונ פלינקנ מאסקירנ זיכ פונעמ סוינעס לופט-מעכאַבלים. דער טראָט איז שווער געוואָרנ, די פיס האָבנ זיכ געפּלאָנטערט, ווו א שטיינדל — האָט מענ עס אויסגעמיטנ; אנ אָפּגעבראָכענער צווייג אפנ וועג — איז מענ אימ פארבייגעגאנגענ. וויפל מאָל איז מענ געפאלנ, ליגנ געבליבנ, כאָטש ס׳איז קיינ סימענ פונ קיינ כּעניע ניט געווענ. דאָס העמד אפנ לייב — אונ א סאכ זיינענ אוועק בלויז אינעמ איינעמ העמד — איז מוירעדיק שווער געוואָרנ. קינדער האָט מענ שוינ אפ זיכ ניט געטראָגנ, אפילע פאר די הענטלעכ ניט געפירט. זיי האָבנ שטיל, אָנ טייַנעס אונ געבעט, זיכ נאָכגעשלעפּט נאָכ די עלטערע. אָפּט איז מענ זיצנ געבליבנ, ווו א גרופּע האָט זיכ צוגעזעצט — זיינענ באלד אנדערע צו איר צוגעשטאנענ, אונ אָנ א וואָרט צו זאָגנ האָט מענ זיכ אפ דר׳ערד אויסגעצויגנ, דאָס פּאָנעמ איינגעגראָבנ אינעמ פארסארפעטנ גראָז, זוכנדיק א ביסעלע קילקייט פארנ שלייפ-אָדערל, וואָס האָט געצויגנ, גענאָגט, דעמ קאָפּ שטיינ-שווער געמאכט. האָט זיכ פונ ערגעץ-ווו א כליפּענ דערהערט, האָט מענ אפילע דעמ קאָפּ ניט אויסגעדרייט א קוק צו געבנ: ווער, ווו?.. אונ ווידער האָט מענ זיכ אופגעהויבנ, קעדיי די אָנגעשוואָלענע פיס, די צעווייטעקטע גלידער ווייטער צו שלעפּנ.

ווהינ?..

דער סוינע איז פונ פאָרנט. אינ מינסק זיינענ נאָכ קיינ דייטשנ ניט געווענ, אונ באָריסאָוו איז שוינ פארנומענ. פרווט מענ זיכ

פאַרנעמען אַף רעכטס, אַף לינקס, וואַקסן פון אומעטום אויס דעם סוינעס דעסאַנט־גרופּעס. פון זיי האָט מען עס צום ערשטן מאָל דערהערט דעם טויט־פּאַראָל: „יודען — קאַפּוט!“ און קלאָר איז געוואָרן, אַז ווײַטער גייען איז ניטאָ וווהין.

אָן אײַלעניש זיך, אָן רייד האָט מען גענומען פאַרקערעווען אַף צוריק, מיטן גרויסן טראַקט. מיט זײַטיקע וועגעלעך איז אָפט געפערלעכער געווען. פון טאַנקען מיט שוואַרצע האַקנקרייצן האָבן כוצפּעדיקע צורעס אַרויסגעקוקט. לאַסט־מאַשינעס זײַנען געפלויגן, און אַף יעדער פון זיי אַן אויפשריפט, וואָס פלעגט אין האַרצן טרעפן ווי מיט אַן אָנגעבערענטן צוואָק — „נאַך מאָסקאַו“. ס'פלעגט אַמאָל אַזאַ מאַשין זיך פאַרהאַלטן, און אַ באַזויפטע מאָרדע פלעגט אַרויסגרעפּצן: „פּילייכט פאַרען זי מיט אונז נאַך יערוזאַל'עם?“

אין וווהין גייט מען, וווהין?

ס'האָט אַלץ בײַסיקער געגעסן די נאָזלעכער דער רויך פון דער כאָרעווו געוואָרענער היימשטאָט מינסק. ס'איז שוין דאָרט קיין היימיש ווינקל ניט געבליבן, וווּ דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. און ווי קערט מען זיך אום אַהין, וווּ יעדער שטיין דערמאָנט וועגן נעכטיקן גליק, וואָס איז מער ניט פאַראַן, וועגן אייגענע, נאָענטע, וועלכע זײַנען ערגעץ־וווּ אַוועק, האָבן אין וועג זיך פאַרלוירן, און מע ווייסט ניט מער איינער פון דעם צווייטן? און אונדזערע זײַנען, ווײַזט אויס, ווײַט פאָרויס און דערגיין צו זיי איז שוין ניט מעגלעך.

ס'פלעגט אָפט אַ גרופּע זיך פאַרדרייען אין אַ זײַט — אין אַ נאָענטן קאָלווירט איז אַ קאָרעוו פאַראַן, עפּשער וועט זיך אײַנגעבן דאָרט איבערוואַרטן, ביז אונדזערע וועלן צוריקקומען?

ס'זײַנען געווען אויך יידישע מישפּאָכעס, וואָס פלעגן פון ברייטן שליאַך אַוועקגיין אַף אַ דאָרף־וועגל. אין אַ שכייניסדיקן קאָלווירט איז פאַראַן אַ ווײַסרוס אַ שווער, אַ שוואָגער, אַ שוועסטערקינד — ביז וואָס־ווען וועט מען אָפּרוען, קומען צו זיך. דער איבעריקער אוילעם איז ווײַטער געגאַנגען. קיינער האָט ניט געוווּסט נאָך וואָס, וווהין.

ס'האָט שוין אַפילע עפּעס יאָ געוווּסט דער באַוואַקסענער ייִד מיט די אײַנגעהויקערטע פּלייצעס, אין וועלכן ס'איז שווער געווען צו דערקענען דעם פּאָרזיצער פון פּרעסע־טוער־פּאַריין אין ווײַסרוסלאַנד יויעל ליפשיץ. פון אַ רײַזע אין דעם באַפרײַטן מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד האָט ער געהאַט מיטגעבראַכט אַ געלן מאָגן־דאָוויד, וואָס אַ וואַרשעווער ייִד האָט פון זיך אַראָפּגעריסן נאָכן דורכגיין די סאָוועטישע גרענעץ.

— איז וווהינ גייט מענ איצט, כ' רעזניק?

אפ דעמ עטלעכע-אונ-צוואנציקיאָריקנ רעזניק, דעמ שרײַבער אונ סעקרעטאר פונ ליטעראַרישנ זשורנאל „שטערנ", האָט זיכ טיפע זיקנע אויפגעלייגט. מיט צעדולטע אויגנ האָט ער זיכ אינ אלע זײַטנ ארומגעקוקט:

— צוריק, אינ געטאָ! — פונ זײַנ האלדז האָט זיכ א כאָרכלענ ארויסגעריסנ, וואָס איז ענלעכ געווענ סײַ אפ פארשטיקטנ שלוכצנ, סײַ אפ כויזעק-הירזשענ.

איז מענ אוועק ווײַטער, אונ דערמאָנונג האָט געעגבערט דעמ זיקאָרנ: סאכאקל איז עס מיט א יאָר 4 צוריק געווענ, ס'האָט די היטלער-בעסטיע דאנ נאָכ „פרידלעכ" גענישטערט איבער די לענדער פונ מײַרעוו- אונ מיטל-אייראָפּע. פונ א קאפע ערגעצ אפנ מאָנפּאַר-נאַס, צי פונ איסט-סײַד אונ עפשער גאָר פונ וועלפקעס רעסטאָראַנ אינ ווילנע (ווער געדענקט עס דענ איצט גענוי) האָט דער ייִעש פונ א הײַפל עלנטע אונ איינזאמע ייִדישע אינטעליגענטנ זיכ דורכ-געריסנ מיטנ גרילצנדיקנ אורזיידישנ רופ: „צוריק אינ געטאָ!" געקומענ איז דער דאָזיקער דעזערטירנ-פאראָל גראָד דאנ, ווענ ייִדישע מאסנ אינ גאָר דער וועלט האָבנ זיכ אָנגעשלאָסנ אינעמ אלפּאָלקישנ איינ-הײַטלעכנ פראָנט צומ קאמפ קעגנ פאשיזמ. האָט זיכ פאר דעמ דאָזיקנ פאראָל אינ ערגעצ ניט געעפנט קיינ טיר אונ טויער. ס'גע-דענקט עס דער אמאָליקער רעדאקטאָר פונ דער טעגלעכער צײַטונג „אָקטיאבער" יויעל ליפשיצ, ווי איינמוטיק סאָוועטישע ייִדנ האָבנ אלס פאראט באצייכנט די דאָזיקע אָפּטריניקע פונ אונדזער פאָלק.

— איז ווי? „צוריק אינ געטאָ"? — אונ ווי דערשראָקנ, אז עמעצער זאָל ניט אונטערהערנ כאָלילע דעמ וויקועכ מיט זיכ אליינ, האָט ער פלוצעמ שנעלער גענומענ שפרײַזנ.

נאָכ ווײַט פאר דער פושקינ-גאס האָבנ מענטשנ זיכ דערוווסט: אינ שטאָט כאפט מענ מענער. נעענטער צו דער אמאָליקער אויס-שטעלונג איז א מעלדונג געהאנגענ: „מענער פונ 15 ביז 45 יאָר דארפנ זיכ מעלדנ אינ דער פעלד-קאָמענדאטור. פאר ניט מעלדנ זיכ— טויט-שטראָפ!" דאנ האָט עס נאָכ גאָר אומגעוויינלעכ געקלונגענ: טויט-שטראָפ! אינ ס'האָט דער גרויל פונ דער פלאקאט-דראָונג באגלייט מענטשנ ביז די פוסטע גאסנ פונ שטאָט, ווו אפ יעדנ ראָג זײַנענ געשטאנענ היטלער-יונגענ אינ שטאָלענע קאסקעס מיט שארבנס אפ זיי אונ מיט מעטאלענע בלעכלעכ ווי האלבע לעוואָנעס אפנ האלדז, „קאָמ, קאָמ היר!"—אונ אינ די צענדליקער האָט מענ געפירט די מענער: ווײַסרוסנ אונ ייִדנ, רוסנ אונ גרוזינער, ייִנגלעכ אונ גרײַזע—

אלעמענ קיינ דראָזדי, אַפנ פעלד, באַמ טײַכל, ווו טויזנטער, צענדליקער טויזנטער מענער — קריגס־געפאנגענע און ציווילע — זײַנענ פארשפארט געוואָרנ אינעמ נאָרוואָס געשאפענעמ קאָנצענטראציע־לאגער. פונ אלע זײַטנ איז דער לאגער ארומגעשטעלט געווענ מיט קוילנ־ווארפערס און פראָזשעקטאָרס. באַ 30 טויזנט מענער האָבנ זיכ געמוזט וואלגערנ אַפ דער ערד, אינ די יול־היצ האָט ארויסגעצויגנ דאָס לעצטע ביסל קויכעס. די מינדסטע באַוועגונג זיכ באַקוועמער צו מאכנ — און א קויל פליט אינ דער מענטשנ־געדיכטעניש. מע ציט זיכ צומ וואסער, און דאָרט לויערט דער טויט.

באַמ לאגער פלעגנ זיכ זאמלענ אינ די טויזנטער פרויענ. קיינ ברויט איז אינ שטאָט ניט געווענ, — די פאשיסטישע מאראָדיאָרנ האָבנ אלצ צעראַבעוועט. ס'זײַנענ געווענ בלויז גרויסע, האלב־כאָרעווע שפּײַכלערס פונ קארטאָפל־מעל און סיראָפּ. האָבנ מענטשנ זיכ אויסגעלערנט דערפונ בײַכאָלימ צו מאכנ און טראָגנ עס אינ לאגער. ניט געקוקט אַפ טויט־געפאר, פלעגנ פרויענ זיכ דורכרײַסנ, דערלאנגענ די אייגענע א פּאָר קוכנס פונ קארטאָפל־מעל; פונ באַהעלטעניש ארויסשלעפּנ א פלעשעלע וואסער, דער געפאנגענער זאָל קענענ אָפּנעצנ די אויסגעטריקנטע אינגעווייד. ס'פלעגנ פרויענ קומענ זוכנ א טאַטנ, א מאַנ, א זונ, א ברודער — פלעגט אָנשטאָט די ניט געפונענע ווערנ אַנ אייגענער סטאמ א מענטש, וואָס האָט זיכ געצויגנ צומ ביסנ.

פרײַנטשאפט האָט זיכ געוועבט אינ דער גרויסער נויט און געפאר, האגאַמ דער סוינע האָט צווישנ אוילעמ געפאנגענע א גרויסע מאסע „בלאטע“, קרימינעל־פארברעכער געוואָרפנ, און זיי האָבנ געפּרוּווט אײַנשטעלנ דאָס געזעצ פונ פויכט און פונ נאציאָנאלער העצע. ווענ דאָס האָט ניט געהאָלפנ, איז געקומענ דער היטלעריסטנ־באַפעל: „ייִדנ באַזונדער!“ אינ דעמ אויסראָטונגס־לאגער אינ דראָזדי זײַנענ דאַנ דרײַ לאגערנ געשאפנ געוואָרנ:

ייִדנ — באַזונדער, קריגס־געפאנגענע — באַזונדער, און אלע איבעריקע ציוויל־מענער — באַזונדער. ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ די וואקכאנאליע פונ זוכנ באַהאלטענע ייִדנ און איבערגעטאָנענע קריגס־געפאנגענע. רוסנ און ווײַסרוסנ פלעגנ אָפט אָפּהאלטנ א באַקאַנטנ ייִד פונ אריבערגיינ אינ ייִדנ־לאגער. זיי פלעגנ אימ פארשטעלנ, אויסבאַהאלטנ. ס'פלעגנ ייִדישע פרויענ קומענ מיט פעקלעכ קליידער (אָפט אפילו ניט פרויענ־קליידער), קעדיי איבערצוטאָנ קריגס־געפאנגענע און זיי ראטעווענ פונ דעמ גיהענעמ. די

ברידערלעכע הילף, די גרויסע פעלקער-פרײַנטשאפט, וואָס פאר יעדן סאָוועטישן מענטשן איז עס אזוי נאטירלעך (און דאָס האָבן אפילע די היטלעריסטן אין דעם שרעקלעכן קאָנצלאגער ניט געקאָנט אינגאנצן אָפּנעמען), — די דאָזיקע פרײַנטשאפט האָט עס געבוירן דעם אָנהייב פון ווידערשטאנד, דערווײַל נאָך בלויז פון פאסיוון, שטילן ווידערשטאנד.

אפן פינפטן טאָג געפאנגענשאפט זײַנען די ציוויל-מענער ניט-ייִדן, באפרײַט געוואָרן. אף די כאָרעווע שטאָטישע גאסן האָבן זיך ווו-ניט-ווו גענומען באווײַזן מענער און פרויען. ניט געקוקט אף דער דראָענדיקער מעלדונג פון טויט-שטראָף, האָבן פיל ייִדן זיך פאַרשטעקט אין באהעלטענישן (דאָס וואָרט „מאלינע״ איז ערשט שפעטער באקאנט געוואָרן). צווישן כורוועס, אף בוידעמער זײַנען מענטשן געלעגן און געווארט. אף וואָס? ס'איז פאר אלעמען זיכער געווען, וואָס זיכערער קאָן גאָר ניט זײַן: אונדזערע קומען דאָך באלד צוריק! אונדזערע זײַנען שוין ניט ווײַט! האָט מען פון ערגעץ־וווּ שיסן געהערט, ווער רעדט נאָך אן אויפרײַס פון גראנאטעס אָדער א לאנגע אווטאָמאטן-ריי, איז מען זיכער געווען: דאָס זײַנען טריט פון אונדזעריקע.

די לאגער־וועכטער האָבן באפוילן: אינטעליגענטן זאָלן זיך מעלדן. האָבן זיך אויך געמאָלדן מענטשן, וואָס זיינען ניט געווען קיין אינזשעניערן, ארטיסטן, ארכיטעקטן, שרײַבער. ס'האָט דער נאיִוו-גלייבנדיקער געמיינט: אינטעליגענטן זײַנען בא אונדז אין גרויס קאָוועד, — עפשער איז דאָס בא „זיי״ אויך אזוי...

הונדערטער און טויזנטער פון די בעסטע, פון די געלערנטסטע זײַנען ערגעץ אוועקגעפירט געוואָרן, און באלד, מאמעש אין מינוטן ארום, האָבן קוילנווארפערס צו וויסן געגעבן, וואָס פאר א קאָוועד אינטעליגענטן, באזונדערס ייִדן, האָבן צו דערווארטן פון די, וואָס זייען וויסטעניש אין אונדזער לאנד. „צוריק אין געטאָ״ איז שוין דער יונגער שרײַבער רעזניק ניט געגאנגען — זײַן קערפער איז ליגן געבליבן אינעם ברודער-קייווער ניט ווײַט פון קאָנצענטראציע-לאגער דראָזדי.

גאָרעליק האָט געענדיקט די מינסקער קאָנסערוואטאָריע. זײַן סאמעט-ווייכע שטימע פלעגט אונדז אזוי הארציק גלעטן בײַם יעדן ארויסטרעטונג זײַנער דורך דער מינסקער ראדיאָ. „א זינגער?״ — וווּנדערן זיך די בלוט-העלדן און באפוילן גאָרעליקן, ער זאָל זינגען. האָט גאָרעליק געזונגען פארן פילטויזנטיקן, פילשפראכיקן עולם

געפאנגענע, געזונגענע האָט ער יִידישע פאָלקסלידער. געזונגען האָט ער:

„דער שנײַדער נײט,
די נאָדל גײט,
אין מויעכ דרײט:
ניטאָ קײנ ברױט...“

און מענער, יִידן און ווײַסרוסן, רוסן און גרוזינער, פארהאר־טעוועטע אין קאמפ, אינ צאָרעס, אינ פײַן האָבן געווײנט...

— דיזער בלײַבט היר! — האָבן געווורטײלט די מעסער־העלדן, וואָס האָבן דאן שוינ געוווסט וועגן די „קאָנצערטן“, וועלכע ס׳וועט גאָרעליקן אויסקומען צו געבן אפן יובילײ־פלאַצ. צוזאמען מיט אלע איבעריקע יִידישע געפאנגענע איז ער נאָכדעם אריבערגעפירט געוואָרן אינ מינסקער טפיסע און פון דאָרט אין געטאָ.

## II. אָנהײב געטאָ

אינעם טאָג, ווען דער לעבן געבליבענער יִידישער מענער־אוילעם איז ארויסגעלאָזט געוואָרן פון טפיסע, איז איבער די מינסקער גאסן צעהאנגענע געוואָרן דער באפעל וועגן געטאָ[1]:

מינסק, דעמ 20־טן יול, 1941 יאָר

### באפעל

### וועגן שאפן א יִידישן ווינ־ראיאָן
### אין דער שטאָט מינסק

1

פונעם טאָג אָן, ווען ס׳וועט ארויסגעגעבן דער דאָזיקער באפעל, ווערט אין דער שטאָט מינסק אויסגעטײלט א באזונדער טײל שטאָט, ווו ס׳זאָלן ווױנען בלויז יִידן.

2

אלע יִידישע אײַנוווינער פון דער שטאָט מינסק זײַנען פארפליכטעט, נאָכן פארעפענטלעכן דעמ דאָזיקן בעפעל, אין מעשעכ פון 5 טעג זיכ אריבער־קלײַבן אין יִידישן ראיאָן. ווער ס׳וועט פון יִידן נאָכן ענדיקן זיכ פון דעמ דאָזיקן טערמינ געפונען ווערן אין דעמ ניט יִידישן ראיאָן, וועט ארעסטירט ווערן און ווי אמשטרענגסטן באשטראָפט ווערן. די ניט־יִדישע אײַנוווינער, וועלכע ווױנען אין די גרענעצן פון יִידישן ווינ־ראיאָן, מוזן גלײַכ פארלאָזן דעמ יִידישן ראיאָן. אויב ס׳וועלן ניט זײַן קײן דירעס, באפרײַטע פון יִידן, אינעם ניט־יִידישן ראיאָן, וועט דער דירעס־אָפטײל בא דער מינסקער שטאָטישער אופראווע געבן אנדערע פרײַע דירעס.

1 געגעבן לויטן ווײַסרוסישן טעקסט, אומעטום ווערט „יִיד“ באצײכנט „זשיד“. — ה. ס.

3

ס׳ווערט דערלויבט נעמענ מיט זיכ שטוביקנ פארמעגנ. ווער ס׳וועט ווערנ געכאפט באמ צונעמענ פרעמד גוטס אָדער באמ רויבנ, וועט ווערנ באשטראָפט דורכ דערשיסנ.

4

דער יידישער ראיאָנ ווערט באגרענעצט מיט פאָלגנדיקע גאסנ:[1] קאָלווירט-געסל ביז קאָלווירט-גאס, וויַטער מיטנ טייַכל ביז צו ניעמיגע-גאס, אויסשליסנדיק די פראוואָסלאוונע קירכע, ביז צו רעפובליקאנער גאס מיט די בייַליגנדיקע גאסנ: שאָרנע, קאָלעקטאָרנע, מעבל-געסל, פערעקאָפ-גאס, ניזאָווע-גאס, דער יידישער בעסוילעמ, אָבוטקאָווע גאס, 2-טע אפאנסקי-געסל, זאסלאווסקי-גאס ביז דעמ קאָלווירט-געסל.

5

דער יידישער ווויִנ-ראיאָנ מוז, גלייַכ נאָכנ אריבערקלייַבנ זיכ, אָפגעצוימט ווערנ פונ דער שטאָט מיט א שטייַנערנער וואנט. אויסבויענ די דאָזיקע וואנט מוזנ די איַינוווינער פונעמ יידישנ ראיאָנ, דערבייַ דארפנ אלס בוי-מאטעריאל באנוצט ווערנ שטייגער פונ ניט-באוווינטע אָדער כאָרעווע געבייַדעס.

6

יידנ פונ די יידישע ארבעט-קאָלאָנעס איז פארבאָטנ צו זייַנ אינ ניט-יידישנ ווויִנ-ראיאָנ. די דאָזיקע קאָלאָנעס קאָנענ ארויסגייַנ פונ זייער ראיאָנ, נאָר האָבנדיק א ספעציעלע קאָמאנדירונג אפ באשטימטע ארבעט-פלעצער, וועלכע ווערנ צוגעטיילט דורכ דער מינסקער שטאָט-אופראווע. פארנ ברעכנ דעמ דאָזיקנ באפעל וועט מענ באשטראָפט ווערנ מיט דערשאָסנ ווערנ.

7

יידנ איז דערלויבט ארייַנצוגייַנ אונ ארויסגייַנ פונעמ יידישנ ראיאָנ נאָר דורכ צוויי גאסנ — דורכ אפאנסקי אונ דורכ אָסטראָווסקי, דורכקלעטערנ דורכנ טויער איז פארבאָטנ, דער דייַטשישער וואכ אונ דער אָרדענונגס-וואכ איז באפוילנ צו שיסנ אינ די, וואָס היטנ ניט אָפ דעמ דאָזיקנ באפעל.

8

אינעמ יידישנ ווויִנ-ראיאָנ קאָנענ אריַינ בלויז יידנ אונ פערזאָנענ וועלכע געהערנ צו דייַטשישע מיליטער-טיילנ אונ אויכ צו דער מינסקער שטאָט-אופראווע, אונ דאָס נאָר צוליב דינסט-איניאָנימ.

9

אפנ יידנראט ווערט ארופגעלייגט א האלוואָע פונ 30.000 טשערוואָנצעס אפ הויצאָעס, וועלכע זייַנענ פארבונדנ מיטנ אריבערגייַנ פונ אייַנ ראיאָנ אינ צווייטנ. די דאָזיקע סומע, פאר וועלכער דער פראָצענט-אָנצאָל וועט שפעטער ווערנ רעגולירט, מוז ארייַנגעטראָגנ ווערנ אינ משעכ פונ 12 שאָ נאָכנ

---

1 פאקטיש איז דער געטאָ-ראיאָנ באלד פונ אָנהייב געווענ קלענער, ווי ס׳ווערט געגעבנ אינ דעמ דאָזיקנ באפעל — ה. ס.

ארויסגעבן דעם דאָזיקן באַפעל אין קאַסע פון דער שטאָט-אופּראַווע (קארל מארקס-גאַס נומ. 28).

10

דער יידנראַט דאַרף גלייך געבן דעם דירעס-אָפּטייל בא דער שטאָט-אופּראַווע א מעלדונג וועגן אַלע דירעס, וואָס יידן לאָזן איבער אין דעם ניט-יידישן וווינ-ראַיאָן און זיינען נאָך ניט פאַרנומען דורך אַרישע (ניט-יידישע) איינוווינער.

11

די אָרדענונג אינעם יידישן וווינ-ראַיאָן וועלן האַלטן באַזונדערע יידישע אָרדענונג-אָפּטיילן (א ספּעציעלער באַפעל וועגן דעם וועט באַצייטנס קומען).

12

פאַרן ענדגילטיקן איבערקלייבן זיך פון די יידישע איינוווינער אין זייער ראַיאָן טראָגט די פולע אַכריות דער יידנראַט פון דער שטאָט מינסק. יעדער מין אויסמיידן דעם דאָזיקן באַפעל וועט אַמשטרענגסטן באַשטראָפט ווערן.

דער פעלדקאָמענדאַנט.

נאָך דעם דאָזיקן געטאָ-באַפעל איז געקומען דער באַפעל וועגן דער געלער לאַטע. מיט דייטשישער פּינקטלעכקייט ווערט אין דעם דאָזיקן באַפעל אָנגעוויזן די גרייס פון דער לאַטע, גענוי דאָס אָרט, ווו זי דאַרף צוגענייט ווערן. און דערביי, פאַרשטייט זיך, די אַלץ אָפּטערע דראָונג: „פאַר ניט אויספילן דעם באַפעל — טויט-שטראָף".

אין דער ערשטער מינוט האָט צווישן מינסקער יידן געהערשט פולע אָפּהענטיקייט. „זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין", — מע האָט גענומען פעסטער זיך דריקן איינער צום צווייטן, ניט ארויסוויזן דאָס פּאָנעם אין גאַס, פונוואַנען ס'האָט זיך קעסיידער געהערט דאָס זלידנע צאָקען פון די היטלערישע באַטשוועקטע שטיוול. דורך שכייניס ווייסרוסן, רוסן פלעגט מען זיך איינשאַפן דאָס נויטווענדיקסטע, אַפן מאַרק קויפן א פּאָר קאַרטאָפל (אינעם לאַנד פון גרויסער קאַרטאָפל-גערעטעניש האָט מען בולבעס געקויפט אַפן שיסעלע...), פון א כאָרעווער כאַטע ברענגען א פּאָר שפּענער אופצוזידן א ביסל וואַסער. קיין מענטשן מיט געלע לאַטעס האָט מען אַף די גאַסן ניט אָנגעזען. היטלערישע יונגען האָבן ארומגענישטערט איבער גאַסן און געסלעך, געזוכט א יידישן אויסזען. פלעגן זיי אַזאַ איינעם כאַפּן — אָפט זיינען עס גרוזינער אָדער גאָר ווייסרוסן געווען — פלעגן זיי מיט א גאָלמעסער צעשניידן די קליידער אַף דעם אָרט, ווו עס דאַרף לויטן באַפעל זיין די געלע לאַטע. בא דער קאָמענדאַטור אַף קאַרל מאַרקס-גאַס האָט מען גרופּעסווייז געבראַכט מענטשן און מע האָט זיי אָפּגעגאָסן פון קאָפּ ביז די פיס מיט געלער פאַרב,

אפ זייערע קליידער האָט מענ אויסגעמאָלט א געלנ קרײַז, א מאָגנ-דאָוויד אָדער כטאמ א כויזעק-צייכענונג.

איינע אזא גרופע האָט מענ באזונדערס לאנג אָפגעהאלטנ אפנ גאס, בא דער קאָמענדאטור. מע האָט זיי ניט „געפארבט". ס'איז ארויס א היטלערישער אָפיצער אונ באפוילנ, ס'זאָל ארויס פאָרויס דער, וועלכער קענ דײַטש ריידנ. קיינער רירט זיכ ניט פונ אָרט. א צווייט מאָל, שוינ דראָענדיקער, באפעלט דער אָפיצער, ס'זאָל זיכ מעלדנ דער, וואָס פארשטייט דײַטש. א סאכ פארשטייענ, אונ קיינער רירט זיכ ניט. „עטוואס פערשטיי איכ", — זאָגט שטיל עליע מושקינ אונ גייט אָפ עטלעכע טריט פאָרויס. ווענ מושקינ איז צוריק ארויסגעקומענ פונ דער קאָמענדאטור, האָט ער אויסגעזענ נאָכ גרויער אונ זײַנע גלײַכע פלייצעס זײַנענ אײַנגעהויקערט געוואָרנ.

צומאָרגנס איז אינ אלע גאסנ אונ געסלעכ פונ דער קומענדיקער געטאָ געווענ אויסגעהאנגענ א באפעל, אז „דער יודע (אינ ווײַס-רוסישנ טעקסט — „זשיד") עליאס מושקינ ווערט באשטימט אלס קאָמיסארישער פאָרזיצער פונ יידנראט" אונ אז אלע זײַנע פאראָר-דענונגענ מוזנ גלײַכ אויסגעפילט ווערנ.

פאראָרדענונגענ פלעגנ זיכ באווײַזנ, שוינ געשריבנ אפ א שרײַב-מאשינ, צו 3–4 א טאָג: א רעגיסטראציע פונ די, וואָס זײַנענ ארויס פונ טפיסע, אונ א רעגיסטראציע פונ דער גאנצער יידישער באפעלקערונג. אלע אינדערפרי מוזנ די מענער אונ די ארבעטספייקע פרויענ זיכ מעלדנ אינ יידנראט (אפ מיאסניקאָוו-גאס, אונטער דעמ געטאָ-ראיאָנ), אונ פונ דאָרט דארפ מענ קאָלאָנעסווײַז אָפגעפירט ווערנ דורכ דײַטשנ אפ ארבעט. ס'מוז גלײַכ דורכ אלעמענ ארײַנ-געטראָגנ ווערנ אנ אָפצאָל אפ בויענ א וואנט ארומ דער געטאָ, ס'מוזנ אָפגעגעבנ ווערנ אלע ווערט-זאכנ — זילבער, גאָלד, צירונג, קעדיי אָפצוצאָלנ די קאָנטריבוציע, אונ דעריקער — ביזנ 25-טנ יול, אינ משכ פונ 5 טעג, מוז די גאנצע יידישע באפעלקערונג אריבערגיינ אינעמ קווארטאל, וואָס איז באשטימט געוואָרנ אלס געטאָ.

יידנ האָבנ גענומענ ארויסקריכנ פונ זייערע באהעלטענישנ. דאָס לעבנ האָט באקומענ א שײַנ פונ אָרדענונגס-מעסיקײַט, דאָס לעבנ האָט באקומענ אנ „אינהאלט"; מע האָט גענומענ האווענ, לויפנ, טײַנענ אונ בעטנ בא מושקינענ, מע זאָל פארקלענערנ דעמ קאָנ-טריבוציע-אָפצאָל, מע זאָל העלפנ קריגנ א דירע אינ געטאָ-ראיאָנ, מ'זאָל אָפלייגנ דעמ טערמינ פונ אריבערגיינ אינ געטאָ-ראיאָנ. גאנצענע טעג פלעגט מענ זיכ טומלענ ארומ דעמ יידנראט. דאָרט פלעגנ זיכ בא-

קאַנטע טרעפנ, דערוויסנ זיכ, ווער ס'איז אינ מינסק געבליבנ אונ וועמענ ס'האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו עוואַקוירנ.

דאָ, באַמ ייִדנראַט, פלעגנ זיכ אינ געהײמ פאָרמירנ גרופּעס אַפּ פּרוּוונ זיכ דורכרײַסנ דורכ דער פראָנט-ליניע. פונדאַנענ איז דער 15-יאָריקער פּימקע פרעסמאַנ (דער שפּעטער באַריכטער געוואָרענער אופרײַסער פונ דײַטשישע צוגנ) צוזאַמענ מיט א גרופּע יאַטלעכ אינ זײַנ עלטער אוועק אַפּ מיזרעכ, דערגאַנגענ שוינ ביז סמאָלענסק אונ זיכ געמוזט אומקערנ, ווײַל ס'האָט זיכ זײ בעשום-אויפנ ניט אײַנגעגעבנ אדורכצורײַסנ זיכ דורכ דעמ סויגעס כאַיִל. דאָ, באַמ ייִדנראַט, פלעגנ פונ מויל צו מויל איבערגעגעבנ ווערנ די סאַמע „נײַסטע" ייִדיעס וועגנ דער „ווירקלעכער" לאַגע אַפּנ פראָנט. קיינער האָט דעמ קוואַל ניט געוווּסט, אָבער טאָג-טעגלעכ פלעגט מענ דאָ הערנ דעמ פראָנט-באַריכט, וועלכער איז שטענדיק פול געווענ מיט גרויסע ניצכוינעס פונ דער רויטער אַרמיי אונ מיט מאַפּאָלעס פונ די דײַטשנ, כאָטש... דער צוריקמאַרש פונ דער רויטער אַרמיי האָט נאָכ דאַנ געדויערט. מענטשנ האָבנ פונ קיינ ניט-גינסטיקע פראָנט-באַריכטנ הערנ ניט געוואָלט. זײ האָבנ געהאַלטנ, אַז יעדע ייִדיע וועגנ דעמ, אַז די רויטע אַרמיי האָט אָפּגעגעבנ א שטאָט, איז אַנ אויסטראַכטעניש. ווענ ס'פלעגט פאַרנאַכט זיכ צוריקקערנ א גרופּע, וואָס האָט געאַרבעט אַפּ דער אײַזנבאַנ, פלעגט מענ זי באַלעגערנ אונ מיט נײַגער אויסהערנ דעמ טאָג-באַריכט: אַזויפיל אונ אַזויפיל עשעלאָנענ מיט פאַרווּנדעטע זײַנענ אָפּגעגאַנגענ אַפּ מײַרעוו, אַזויפיל אונ אַזויפיל מיט „לעבעדיקער כּכויִע" איז אוועק אַפּ מיזרעכ. איז די צאָל „מײַרעוודיקע" גרעסער געווענ, האָט עס געהייסנ: „ער" טרעט אָפּ!.. ווידער פאַרקערט — איז עס א סימנ, אַז היטלער כאַפּט די עמעסע קלעפּ, זינ „ער" מוז אַלצ נײַע אונ נײַע רעזערוונ צופירנ. סטאַמ א ייִדיע פונ א גרופּע, וועלכע האָט זיכ פונ ערגעצ-ווו אומגעקערט פונ צוואַנגס-אַרבעט, אַז „זייער" דײַטש האָט הײַנט באַזונדערס געווילדעוועט, האָט געהייסנ: „זײ נערווירנ זיכ, ווײַל ס'האַלט שוינ מיט זײ שמאָל".

דאָ, באַמ ייִדנראַט, האָבנ גענומענ אָנקומענ די ערשטע ייִדיעס וועגנ די „וואַלד-ברידער" אונ וועגנ זייערע העלדישע אופטועכצנ. מענטשנ האָבנ זיכ געשוואָרנ, אַז זײ האָבנ עס געזענ מיט די אייגענע אויגנ: צומ ברויט-זאַוואָד, אַפּ כלעבנע גאַס (אינ געטאָ), איז צוגעפאָרנ א מאַשינ מיט מענטשנ אינ דײַטשישע מיליטער-קליידער, זײ האָבנ אָנגעלאָדנ א פולע מאַשינ מיט ברויט. געטיילט גאַנצע

לעבלעך ברויט אלעמען, ווער פון ייִדן ס'איז נאָר דערביי געווען, און באַם אָפּפאָרן האָבן זיי אין א ריינע רוסישער שפּראַך זיך גע־זעגנט: „פאַרלירט ניט, ברידער, דעם מוט — איר וועט גאָר גיך באַפרייט ווערן". יעדע אַזא יעדיע פּלעגט בלייבן שטעל, אין די פאַרשיידנסטע ווערסיעס, פאַרשפּרייט ווערן ניט נאָר אין געטאָ, נאָר אין דער גאַנצער שטאָט און פּלעגט, פאַרשטייט זיך, אויך דערגיין צו די היטלער־לייט.

אין געטאָ זיינען מעלדונגען אויפגעהאַנגען געוואָרן מיט דער דראָונג: „ווער ס'וועט פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען, דעריקער וועגן דער לאַגע פון דייטשישן מיליטער אויפן פראָנט, וועט איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון דער דייטשישער מאַכט". אַזוי האָט גערעדט דער ייִדנ־ראַט — אַזוי האָט אים באַפוילן די פעלדקאָמענדאַטור, וועלכע האָט דעם ייִדנראַט געדאַרפט אַלס אויספירער און איבערגעבער פון די צענדליקער נייע און נייע פאַראָרדענונגען, באַשטעלונגען, באַפעלן און גזירות.

דאָ, באַם ייִדנראַט, האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט אַלטע באַקאַנטע פּאַרטיי־כאַווערים, וועלכע האָבן געפּרוווט מיט די אויגן זיך דערגרונטעווען איינער צום צווייטנס נעשאָמע מיט דער איקער־פראַגע: „צי ביסטו דער זעלבער געבליבן?" און שטיל, שטיל האָט איינער דעם צווייטן געפרעגט: „וואָס טוט מען?"

אַז טאָן מוז מען, אַז מ'טאָר ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט דאַן, ווען דאָס גאַנצע לאַנד איז אויפגעשטאַנען צום בלוטיקן קאַמף קעגן ווילדן פאַשיסטישן באַצווינגער, — דאָס האָט געפילט יעדער ווירקלעך סאָוועטישער מענטש. דער סטאַלינישער רוף פונעם 3־טן יול איז אויך אין געטאָ דערגאַנגען (צום ערשטן מאָל האָבן מענטשן זיך דערוווּסט וועגן כאַווער סטאַלינס אַרויסטרעטונג דורך ייִסראָעל לאַפּידוס, דעם שפּעטערדיקן קאָמאַנדיר פון א פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד, וועלכער האָט פאַרן קומען אין געטאָ געהערט ראַדיאָ), און סאָוועטישע מענטשן האָבן גענומען זוכן דעם וועג, ווי אַזוי זיך צו באַהעפטן צום אַלפאָלקישן קאַמף אינעם סוינעס הינטערלאַנד. געוועזענע פּאַרטיי־כאַוויירים, וועלכע האָבן די פראַגע געפּרוווט לייזן פאַר זיך: איך בלייב ניט אין געטאָ! — און זיינען אַוועק „אין דער וועלט". דער קאָמוניסט וו. קראַווטשינסקי לאָזט זיך גיין פון מינסקער געטאָ אין אוזדער ראַיאָן, ווייל פון דאָרט זיינען דערגאַנגען ייִדיעס, אַז אין די וועלדער זיינען פאַראַן פּאַרטיזאַנער, ס'זיינען פאַראַן רויטאַרמייִשע טיילן, וועלכע האָבן ניט באַוויזן דערגיין צו דער פראָנט־ליניע. 10 טעג זוכט קראַווטשינסקי א צוטריט צו די

דאָזיקע טײלן, ער שיקט ארויס שעלוכים, װעלכע דערגרייען ביז די גרויסע נעװאָרעלער װעלדער, אָבער קיין פארבינדונג גיט זיך אים ניט אײַן צו באקומען, און ער גייט צוריק אין געטאָ. דער קאָמוניסט מוישע יעקעלטשיק האָט גלײַך נאָכן ארויסגיין פון טפיסע זיך פארשאפט א פאספאָרט, לויט װעלכן ער איז גאָר... א קאראימער, און איז אװעק פון געטאָ אינעם ראיאָן פון דער װײַסרוסישער באפעלקערונג. אפ אן עגלעכן אויפן „אָרדענען" זיך אײַן זייער א סאך יידן, דעריקער פרויען.

„װאָס טוט מען"? — פרעגט יאקאָװ קירקאיעשטא, דער געװעזענער פאַרװאלטער מיטן פראָפאגאנדע-אָפטייל פונעם ביאליסטאָקער שטאָט־קאָמיטעט פון דער פארטיי. געװען איז ער אמאָל א פאר־װאָרלאָזט יאטל פון א שטעטל אין מאָלדאװיע. אינעם באװוסטן אָדעסער „יעװדאבמאָל" („הויז פאר יידישער ארבעטער-יוגנט") האָט ער באקומען דערציִונג און בילדונג, האָט באקומען א פאך אלס קװאליפיצירטער שוסטער. שפעטער האָט ער נאָך געלערנט, ער האָט געענדיקט פראָפאגאנדיסטן־קורסן באם צק אלקפ(ב) און איז געקומען קיין ביאליסטאָק. ער האָט גוט געװוּסט אין האָט אנדערע דערציילט, װאָס הייסט בויען די אייגענע סאָציאליסטישע װירטשאפט און װיאַזוי קעמפן פארן װוילשטאנד פון אונדזער היימלאנד. ער האָט אין דער שטאָט ביאליסטאָק, װאָס ניט װײַט פון איר האָט זיך אָנגעהויבן די גרענעץ צװישן צװיי װעלטן, גערופן צו װאכזאמקייט, צו קאמפס-גרייטקייט קעגן דער פאשיסטישער בעסטיע.

— געטאָ... ס'קלינגט װי דאָס װאָרט „געט" — זאָגט ער — מ'װיל אונדז אָפּגעטן מיט אלעמען ארום, מיט די װײַסרוסן און רוסן, מיט די אלע, פון װעלכע ער אונטערשיידט זיך אינעם סאָװעטן-לאנד בלויז מיט דער באצייכענונג „ייד" אינעם פאספאָרט...

אויך ער איז געקומען צום יידנראט, קעדיי צו געפינען באַקאַנטע, באקאנטע, װעלכע זאָלן אין דער דאָקומענטן-ביוראָ באשטעטיקן, אז ער הייסט שוסטערמאן (זאָלן די היטלער-לײַט ניט פאלן אפ קירקאיעשטעס שפּור). ענדערן די פאמיליע מוז אויך מייער פעלדמאן. מ'האָט אים געכאפט אפ צװאנגס-ארבעט און אװעקגעפירט רייניקן דעם טפיסע-הויף. צװישן די װעכטער האָט ער באמערקט א באקאנטן, מיט װעלכן ער האָט געארבעט אפ דער טעקסטיל-פאבריק, דארף מען מאכן, פריִער פאר אלץ, א נײַע „קסיװע". די דאָזיקע קונץ קען מייער פעלדמאן שוין פון לאנג. װיפל אזעלכע פאלשע פאספאָרטן

האָט ער, דער דערפארענער טוער פונ דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג אינ מערעוו-ווײַסרוסלאַנד, שוינ געהאַט אינ זײַנ לעבנ!

די רעגיסטראַציע פונעם יידנראַט, ווײַט ניט קײנ פולע, באַווײַזט, אַז אינ געטאָ זײַנענ פאַראַנ באַ 55 טויזנט יידנ (שפעטער, מיט די אָנגעקומענע רעשטלעכ פונ די אַרומיקע שטעטלעכ, איז די צאָל אויסגעוואַקסנ ביז 80 טויזנט), ווו וועט עס אַזאַ האַמונ זיכ באַזעצנ אַפ אַזאַ קלײנעם שטעטל צווישנ ניעמיגע אונ צווייטער אַפאַנאַסקי געסל, צווישנ נײַ-מיאַסניצקע אונ האַלב קאָלעקטאָרנער גאַס? ס'דערנעענטערט זיכ שוינ דער לעצטער טערמינ — דער 1-טער אויגוסט, אונ קײנ העלפט אַפילע פונ דער יידישער באַפעלקערונג האָט נאָכ ניט באַוויזנ צו געפינענ אַ ווינקל פאַר זיכ. ס'גייט אָנ אַ געיעג אונ אַ דינגעניש פאַר יעדנ צימער. אינעם געטאָ-ראַיאָנ זײַנענ דעריקער קלײנע, פריוואַטע הײַזקעס. מיט ווייטעק אונ טרערנ פאַרלאָזנ ווײַסרוסישע מישפאָכעס זייערע יערושע-כאַטקעס, ווו מע איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרנ צוזאַמענ מיט יידנ, אונ מע געזעגנט זיכ ווי ברידער, ווינטשנדיק אײנער דעם צווייטנ, מע זאָל זיכ בעקאָרעוו צוריק זענ. פונ צענטער שטאָט (דעריקער פונ מאָסקווער גאַס, ווו הופש הײַזער זײַנענ גאַנצ געבליבנ) אונ פונ דער ווײַטער קאָמאַראָווקע, פונ פערעספע אונ פונ ליאַכאָווקע ציענ זיכ יידנ אינ געטאָ, ניטאָ קײנ וואָגנ, ניטאָ קײנ פערד, שלעפט מענ, וואָס עס לאָזט זיכ אַפ די פלײצעס, דאָס איבעריקע גיט מענ איבער ווײַסרוסישע שכײנים („אַז אונדזערע וועלנ קומענ, וועט מענ צוריק אָפנעמענ").

ס'האָט זיכ אײַנגעגעבנ דעם יידנראַט, פאַרנ פרײַז פונ יידיש האָב-אונ-גוטס, אָפצולײגנ דעם ענדגילטיקנ טערמינ פונ אַריבערגײנ אינ געטאָ. נאָכ 2 וואָכנ דויערט דאָס פרעסנ זיכ אונ ענגער מאַכנ. וואָס נעענטער ס'איז דער לעצטער טאָג — אַלצ גרעסער ווערט די פאַניק, אַלצ אָפטער זײַנענ קריגערײַענ פאַר אַ ווינקל. באַם יידנראַט ווערט געשאַפנ אַ ספּעציעלער דירעס-אַמט, מיט וועלכנ ס'פירט אָנ דער טעאַטער-רעזשיסער דאָלסקי („אַזאַ ספעקטאַקל — כאָכמעט ער זיכ — איז מיר נאָכ קײנמאָל ניט אויסגעקומענ צו שטעלנ").

קײנ וואַנט אַרום דער געטאָ איז ניט אויסגעבויט געוואָרנ, ס'זײַנענ נאָכ אַפילע קײנ דראָט-פאַרצוימונגענ ניט געווענ — ס'איז שוינ אָבער געווענ פולשטענדיקע געטאָ. נעכטנ איז מענ נאָכ אַרומגעגאַנגענ איבער אַלע שטאָט-קוואַרטאַלנ, אונ הײַנט איז שוינ פאַראַנ אַ גאַנצע פראָצעדור וויאַזוי געהײמ, די אַרומיקע פאָליצײ זאָל ניט באַמערקנ, זיכ פאַרשטענדיקנ מיט אַ פויער, וואָס איז צוגעפאָרנ

נאָענט צו דער געטאָ, קעדײ א טויש-האנדל מאכנ מיט די ייִדנ, מיט א פריִערדיקנ שאָכנ א ווײַסרוס, וואָס איז סטאַם זיך געקומענ דערוויסנ, וואָס הערט זיך אינ געטאָ, וויִאזוי האָט מענ זיך „אײַנגעאָרדנט".

בלויז די קינדער, אונדזערע סאָוועטישע קינדער, קענענ נאָך בעשום-אויפנ ניט באנעמענ—וואָס הייסט געטאָ-גרענעצ. שלײַכנ זײ זיך פלינק דורך צווישנ דער פאָליצײ-וואך (כאָטש געלע לאטעס דארפנ טראָגנ אפילע 10-יאָריקע), אונ מע איז גאנצע טעג בא ווײַסרוסישע שול-כאווײרימ. מע ברענגט אינ אָוונט מיט זיך א ביסל קארטאָפל, א לעבל ברויט אונ א פרײַנטלעכ טרײסט-וואָרט פאר באקאנטע אונ פרײַנט, אז אלע צאָרעס וועלנ זיך אינגיכנ ענדיקנ. דער 11-יאָריקער ווילִיק רובעזשינ איז אײנער אלײנ אינ מינסק געבליבנ — ער ווײסט ניט, ווו טאטע-מאטע זײַנענ אהינגעקומענ. קענ ער אינ געטאָ ניט זיצנ. ער גײט דורך ענלעכע מאָל אינ טאָג די געטאָ-גרענעצ, זיצט אָפ גאנצע טעג בא פיִאָנערנ פונ זײַנ אָטריאד אונ קומט צוריק א זאטער. ער העלפט נאָך אפילע סאָרע האָלאנדס מישפאָכע, וועלכע האָט אימ ווי א זונ צו זיך צוגענומענ. פארנ 10-יאָריקנ אליקנ איז א ספאָרט געוואָרנ אָפצונארנ די שווארצע פאָליצײ-ראָבנ אונ נאָכאנאנד זיך דרײענ צווישנ געטאָ אונ „רוסישנ ראיאָנ" (אזוי רופט מענ אינ געטאָ די גאנצע שטאָט מינסק א.יסער דער געטאָ). ער ווײסט גענוי די טויש-פרײַזנ אפ אלע מינימ פראָדוקטנ, אונ ער פירט אלײנ פויערימ צו קויפנ בא ייִדנ א פאָר בעטנ, אנ אלמער, א נײ-מאשינ.

אינ געטאָ פארקויפט מענ אלצ, וואָס עס לאָזט זיך: די שרעק פארנ מאָרגעדיקנ טאָג איז מוירעדיק גרויס. פארדינענ וועט מענ ניט, קײנ זאפאסנ זײַנענ ניטאָ, קײנ פויערימ לאָזט מענ ניט צו צו דער געטאָ, אונ ייִדנ גײנ אפנ מארק לאָזט מענ אויכ ניט. איז פונ וואָס וועט מענ לעבנ?! פארקויפט מענ שפּאָט-ביליק אלצ, אלצ. ווײַל צו וואָס אײגנטלעכ דארפ מענ אינ געטאָ מעבל, אז ס'איז פארנ לעבעדיקנ מענטשנ קײנ פלאצ ניט פאראנ? צו וואָס א פאטעפאָנ, צו וואָס גוטע קיכ-געשיר?

ניט געקוקט אפ דער פאָליצײ-וואך, ניט געקוקט אפ פיל פאלנ, ווענ ייִדישע פרויענ אונ מענער ווערנ געשלעפט אינ טפיסע אונ קערנ זיך מער פונ דאָרט ניט אום, גײט אָנ בא דער געטאָ-גרענעצ אנ אײַליקער האנדל, קעדײ זיך צו פארזיכערנ מיט א שטיקל ברויט אפנ מאָרגעדיקנ טאָג.

באלד ווערט אָבער די לאגע אזא, אז אפילע וועגנ דעמ נאָענטסטנ

טאָג איז ניט קעדײַ צו טראַכטנ. ס'קומענ אָנ די שוידערלעכע געטאָ-נעכט,

אַז ס'ווערט טונקל, זעט מענ אַפ די געטאָ-גאַסנ ניט אָנ קיינ לעבעדיקנ נעפעש. מ'פאַרקלאַפּט די טויערנ — און טויערנ זײַנענ ווי קלוימערשטע שוץ-ווענט אויסגעוואַקסנ אומעטום, אַפילע בא קלייניקע אײַנגעהײַקערטע הילצערנע הײַזקעס, — און מ'זאַמלט זיכ אַפ די הויפנ, ווו ס'גייט אָנ א לעבעדיקער שמועס וועגנ אַלצ, וואָס איז געשענ פאַרנ טאָג. נײַעס איז פאַראַנ א סאַכ, און אַפ יעדנ הויפ איז פאַראַנ איינער אַזאַ, וואָס פאַרשטייט זיכ אַפ דער דײַטשישער שפּראַכ. דערציילט ער, וואָס ער האָט פונ א צופעליק געפונענער דײַטשישער צײַטונג אַרויסגעלייענט, און דער אוילעם קאָמענטירט גלײַכ אַלע ידיעס לויטנ נוסעכ „לייענט פאַרקערט". נאָכדעם קומענ ידיעס, וואָס אַלפּי כויזעק רופט מענ זיי „ידיעס פונ יהווא" (יידנ ווילנ אַזוי). לויט די דאָזיקע ידיעס זײַנענ שוינ אונדזערע צוריק אינ אָרשע, אינ באָריסאָוו, און אַז מינסק וועט „ער" ניט באַווײַזנ צו עוואַקוירנ, ווײַל מ'רינגלט אימ אַרום. ס'זײַנענ פאַראַנ אַפילע ידיעס, אַז אונדזערע האָבנ דורכ לופט-דעסאַנטנ אָפּגענומענ באַראַ-נאָוויטש... צווייפלענ דערלויבט זיכ קיינער ניט, ווײַל אָנ די דאָזיקע מאָראַלישע מאָרפיומ-פּאָרציעס וואָלט גאָר ניט מעגלעכ געווענ צו לעבנ. ווײַל ווי וועט מענ עס אויסהאַלטנ?

אָט דערציילט איינער: מ'האָט זיי נעכטנ געכאַפּט באַמ יידנראַט („מײַרעווודיקע" זאָגנ בא דער „קעהילע") און אָפּגעפירט אַפ דער באַגאַזש-סטאַנציע. דאָרטנ האָט מענ זיי, 40 יידנ, געהייסנ שטויסנ באַרג-אַרופ א פאַרטאָרמאָזירטנ צוג מיט מאַסע — עטלעכע און דרײַסיק וואַגאָנעס. האָט מענ פונ זיכ דעמ צענטנ שווייס אַרויסגעיאָגט, און דער צוג רירט זיכ ניט. נאַהײַקעס האָבנ אָנ אופהער געקלאַפּט איבער די פּלייצעס, איבער די קעפּ — און דער צוג רירט זיכ ניט, האָבנ די ראָצכימ גענומענ שיסנ. באַלד זײַנענ אייניקע געפאַלנ פאַרבלוטיקטע אונטער די רעדער, און דער צוג האָט זיכ גערירט...

אָט דערציילט א צווייטער: טאָרפ האָט מענ זיי געהייסנ אַריבער-טראָגנ פונ איינ אָרט אַפ א צווייטנ — א מעטער 400 די ווײַט. האָט מענ געטראָגנ פאָרווײַז אָנגעלאָדענע קאַסטנס. בא יעדנ מאָל דורכגיינ פאַרבײַ די שוימרימ פלעגנ יענע מיט קרײַד אָפּמערקנ אַפ די קעסטלעכ, וויפל האָט מענ שוינ דורכגעטראָגנ. בא דעמ 8-טנ מאָל דורכטראָגנ האָבנ זיי גענומענ שלאָגנ די, בא וועלכע ס'איז ווייניקער געווענ ווי 8 קעסטלעכ. און אַזוי אינ מעשעכ פונעמ גאַנצנ טאָג. מענטשנ זײַנענ אינ כאַלאָשעס געפאַלנ. די היצ איז גרויס, און

קיין וואַסער גיט מען ניט. „פרעסט ניט אַזויפיל פעטס, וועט איך ניט דורשטן“, — שרייען די פייניקער, און ס'ווילט זיך שוין מער ניט טרינקען, כאָטש דער טריפנדיקער שווייס ווערט אַלץ מער גע־זאַלצן. צוריקוועגס אין געטאָ האָט מען אַ סאַך שוין געמוזט שלעפּן אויף די פּלייצעס, דאָס זיינען געווען שוין האַלבע מייסים.

— ווי און ווינד איז אונדז, — הייבט אָן אַ דריטער, — מ'האָט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען פּאָרוויז באַם יידנראַט — די יונגע און די פרויען פּאָרויס, די עלטערע פון הינטן. ווי נאָר מיר זיינען אַרויס פון געטאָ, איז געקומען אַ באַפעל: „מעקעט ווי די שעפּסן“. ס'איז בא אונדז דאָס לאַשן אָפּגענומען געוואָרן. אָבער ווען די מערדער האָבן גענומען אָנלאָדן די אויטאָמאָטן, האָבן מיר גענומען מעקען... ענלעך איז עס געווען גיכער צו אַ יאָמער בייס אַ לעווייע. ס'זיינען דורכגעגאַנגען ווייסרוסישע באַקאַנטע שכנים, אַרבעטער פון איין אונטערנעמונג, און האָבן די קעפּ אָפּגעדרייט אָדער זיינען אין אַ נאָענטן טויער אַריין, כדי ניט צו זען די שאַנד. היטלער־יונגען, אָפט פון שול־עלטער, האָבן מיט כוואַליע־הירזשען זיך אָפּגעשטעלט, מיט די הענט געמאַכט, ווי די ריזשירט, געקלאַפּט מיט זייער פאָטאָ־אַפּאַראַטן, כדי צו „פאַרייביקן“ די שאַנד.

שטילער ווערט אַלץ אין הויף. ס'רופט שוין קיין אינטערעס ניט אַרויס די דערציילונג פונעם מוזיקער גלאַז, אַז אים און זיין טאָכטער ליוסיע, די סטודענטקע פון דער קאָנסערוואַטאָריע, האָט מען אַרויס־גערופן אינעם אָפּערן־טעאַטער, מע וועט זיי אַפילע געבן אַ פּאַיאָק גלייך מיט די ווייסרוסישע אַרטיסטן. מע דאַרף זיי.

פּלוצעם — און ס'פאַרהילכט דעם טויטן געטאָ־אַרום אַ שוידערלעך געשריי — „ראַטעוועט“! ניט איין שטימע — אַ סאַך. עס שרייען פרויען, עס שרייען קינדער, באַלד הערט זיך אַ שיסעריי פון פּיס־טאָלעטן, און ס'ווערט נאָכדעם שטיל, נאָך שטילער ווי געווען. קיינער איז ראַטעווען ניט געגאַנגען. מע איז אין פּאַכעד שנעל פאַרקראָכן אין די אייגענע נאָרעס, פאַרקלאַפּט שטאַרקער די טיר, פאַרשטעלט זי מיט שראַנקען, מיט אייזערנע שטאַבעס און מיט וואָס נאָר עס לאָזט זיך... ווי, ווי, וואָס וועט אונדז נאָך ברענגען די היינטיקע נאַכט?!

אַזעלכע נעכט פלעגן זיך אין געטאָ אַלץ אָפטער איבערכאַזערן.

איז ווי האָט מען שוין געקאָנט טראַכטן וועגן מאָרגעדיקן טאָג?

צומאָרגנס פלעגט מען זיך דערוויסן: ס'האָבן זיך אַריינגעריסן באַנדיטן — ווער ווייסט, ווער דאָס זיינען געווען. מע האָט אַלץ פון

שטוב צוגענומען. דעם טאטן דערשאָסן, דעם ברודער שווער פאַר־וווּנדעט און איבערגעלאָזט א וואָרענונג: מיטן פאָנעם צום וואַנט — זיך ניט רירן פון אָרט! איז מען אזוי געבליבן שטיין, ווי צוגענאָגלט...

נאָך א צווייטער נאכט אזא דערציילט מען: ס׳זײַנען אַרײַן באַזויפטע היטלער-לײַט, געצוואונגען די שוועסטער זיך אויסטאָן מוטער-נאקעט און טאנצן אפן קײַלעכדיקן טישל. נאָכן שענדן די מיידלעך האָבן די אויסוואורפן זיי אפ שטיקער צעשניטן מיט די קינזשאלן...

נאָך די דאָזיקע נעכט זײַנען געקומען די טעג פון 14־טן, 25-טן און 31-טן אווגוסט. שוין ניט קיין איינצל-פאלן — די גאנצע געטאָ איז ארומגערינגלט געוואָרן פון אלע זײַטן, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א געיעג נאָך מענער. מע האָט געכאפט אלעמען, אפילע קראנקע פון די בעטן, און זיי געטריבן אפן יובילײ־פלאַץ (וואָס אין געטאָ רופט מען אים „שקלאפן-פלאַץ"). דאָס געביין פון די טויזנטער גע־כאפטע איז אין גרעסטן טייל שפורלאָז פארשוווּנדן. בלויז וועגן א טייל האָט מען זיך שפעטער דערוווּסט: זיי געפינען זיך אין דעם נײַ-געשאפענעם קאָנצענטראציע-לאגער אפ שיראָקע-גאס.

אין געטאָ הייבט אָן ווערן היכ-סעזאָן אפ כאַלינעס. די מענער האָבן זיך אין יענע טעג געראטעוועט הויפטזאכלעך אדאנק זיכערע באהעלטענישן. כאָטש צוקער האָט אין זײַן צימער אפ אפאנסקי-גאס נומ. 22 געמאכט א צווייענדיקע וואנט, ווו ס׳האָבן געקענט אין געציילטע מינוטן פארשווונדן ווערן עטלעכע מישפּאָכעס...

קיינער האָט אין מינסקער געטאָ קיין אילוזיעס ניט געהאט, אז די דאָזיקע מאלינעס וועלן עס זײַן די שוצמויערן קעגן די היטלערישע אויסראָטער. בלויז געציילטע סוביעקטן פון א געוויסן מין קלאל-טוער פארשפרייטן אין געטאָ דעם ביטאָכן, אז עפשער וועט מען איבערקומען, עפשער וועט מען אויסדויערן — מע דארף נאָר שטיל זיצן. דער דאָזיקער רעצעפּט האָט אָבער קיינעמס ווייטעק ניט אָפגעשוואכט — ניט פונדאנען האָט דער סאָוועטישער מענטש דערוואַרט דעם ענטפער אפ דער פראגע, וואָס האָט געעגבערט אלעמענס מויכעס: „וואָס טוט מען?!" . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אלץ אקשאָנעסדיקער ווערן די קלאנגען אין געטאָ, אז אָנגעזעענע פארטיי- און רעגירונג-טוער געפינען זיך אין מינסק, אז זיי מאס־קירן זיך, ארבעטן אפילע אין די אנשטאלטן פונעם אָקופאנט, קעדיי לײַכטער קענען פירן די ארבעט, וועגן וועלכער קיינער רעדט ניט

אָפּנ, אָבער אלע פארשטייענ, וווהינ זי צילט. ס'זײַנענ געווענ מענטשנ אינ געטאָ, וואָס האָבנ פארזיכערט, אז זיי ווייסנ עס זייער גענוי: אינ מינסק געפינט זיכ דער סעקרעטאר פונעמ צק קפּ(ב)ו דער כ' וואנייעוו. „מע ווייסט" אפילע, אז ער ארבעט אינ דער דײַטשישער שטאָט-אופּראווע. אנדערע ווייסנ צו דערציילנ וועגנ דעמ כ' קאָזלאָוו, דעמ אָנפירער פונ דער מינסקער געגנטלעכער פּארטיי-אָרגאניזאציע, אז ער איז ערגעצ נאָענט פאראנ. ס'זײַנענ פאראנ לעבעדיקע „איידעס", וואָס האָבנ „אליינ" געזענ, ווי אײַנגעטוליעט אינ א גרויסער טוכ האָט זיכ דורכגעשלײַכט דורכ דער גאס די כ-טע אוראלאָווא- פאָלקס קאָמיסאר פאר בילדונג פונ דער ווײַסרוסישער רעפּובליק. די דאָזיקע אלע ידיעס, כאָטש ווייניק קאָנטראָלירטע, האָבנ צוגעגעבנ מוט דער געטאָ-באפעלקערונג, וועלכע האָט אומגעדולדיק געווארט, עס זאָל קומענ דאָס געגארטע וואָרט, די אָנווײַזונג וואָס צו טאָנ. אינ מינוטנ פונ גרעסטער פארצווייפלונג, פונ באשײַמפּערלעכסטער טויט-געפאר האָט די סאָוועטישע ייִדישע באפעלקערונג געגארט דאָס וואָרט פונ דער פּארטיי, וועלכע האָט די ייִדישע מאסנ באפרײַט פונ דער דוירעסדיקער קנעכטשאפט, זיי געגעבנ די ברייטסטע מעגלעכקײַטנ פאר פולער גלײַכבארעכטיקונג מיט אלע ברידערלעכע פעלקער פונעמ סאָוועטנפארבאנד.

דאָס דאָזיקע וואָרט האָט מינסקער געטאָ דערהערט. לעכאטכילע— בלויז א באגרענעצטער קרײַז פּארטרויטע מענטשנ; נאָכדעמ — אלצ ברייטערע שיכטנ, וואָס האָבנ טאָג-אײַנ טאָג-אויס געהערט די שטימ פונ מאָסקווע, דאָס סטאלינישע וואָרט פונ דער פּארטיי-אָנפירונג אונ פונ דער אָנפירונג פונ דער פּארטיזאנער-באוועגונג, פונ וועלכער דער שטאב-שעפ איז געווענ דער אָנפירער פונ די ווײַסרוסישע באָלשעוויקעס דער גענעראל-לייטענאנט פּ. ק. פּאָנאָמארענקאָ.

## III. אָנהייב ווידערשטאנד

געווענ איז אזוי:

אינעמ ערשטנ געטאָ-כוידעש, אווגוסט 1941, איז זיכ די ערשטע בעראטונג צונויפגעקומענ, קעדיי צו באשליסנ: וואָס אונ וויאזוי צו טאָנ. א דירע האָבנ מיר אויסגעקליבנ ניט ווײַט פונ דעמ יובילײ-פּלאצ אפּ אָסטראָווסקי-גאס, וועלכע האָט געהאט 3 ארויסגענג: אפּ אָסטראָווסקי-גאס, רעפּובליקאנער-גאס, כלעבנע-גאס („אויב ציִענ — זאָל זײַנ ווו" — האָט אונטערגעזאָגט די אמאָליקע דערפארונג פונ אומלעגאלער ארבעט). די באוועגונג אינ דעמ טייל געטאָ איז געווענ

די גרעסטע, דעריבער איז די געפֿאַר באַמערקט צו ווערן קלענער געווען. די נאָענטקייט צום ייִדנראַט, וועלכער האָט זיך שוין דאַן געפֿונען אין געטאָ גופֿא, אויף ראַטאָמסקער גאַס, אין דער אַמאָליקער געבײַדע פֿון 4-טן מיליציע-אָפּטייל, האָט געגעבן די מעגלעכקייט באַצײַטנס צו וויסן, ווי האַלט עס אין געטאָ. א טאָג איז אויסגע-קליבן געוואָרן זונטיק, ווען כאַפּערײַען אויף צוואַנגס-אַרבעט קומען ווייניקער פֿאָר. בײַ דער דירע האָט דעזשורירט די אָנפֿאַרטרויטע און איבערגעגעבענע כאַווערטע סאָניע ריוווקין — א לענינגראַדערן, וואָס האָט, ווי פֿיל פֿון אונדז, ניט באַוויזן זיך צו עוואַקויִרן פֿון גרענעץ-פּאַס (זי האָט געאַרבעט אין א מיליטערישן אמט). צו הילף סאָניען זײַנען צוגעטיילט געוואָרן עטלעכע קאָמיוגיסטנס, וועלכע האָבן דע-זשורירט באַם ייִדנראַט און בײַ די געטאָ-טויערן, קעדיי באַצײַטנס צו וואָרענען פֿון א געפֿאַר.

ס'איז לעכאַטכילע געווען אָנגעזאָגט: מע דאַרף קומען צו דער באַראַטונג מיט דורכגעטראַכטע פֿאָרשלאָגן, ווײַל פֿון ערגעץ קיין גענויע אָנווײַזונגען האָבן מיר דערווײַל נאָך ניט. אין קיין געטאָ־באַדינגונגען איז קיינער פֿון אונדז נאָך קיינמאָל ניט געווען, אַזוי אַז קיין שום פֿאַרטיקע דערפֿאַרונג איז אויך ניט פֿאַראַן... דאַרפֿן מיר צוזאַמען זיך אָנשטרענגען, קעדיי צו זאָגן דאָס נייטיקע וואָרט די אַלע, וואָס וואַרטן אויף דעם, און ווײַזן דעם וועג צו טאַט.

צוטרוי האָבן מיר איינער צום צווייטן געהאַט. מיר האָבן זיך געקענט פֿון פֿריִערדיקער געמיינזאַמער אַרבעט. יאַשע קירקאַיעשטאַ האָבן מיר געקענט פֿון זײַן אַרבעט אין ביאַליסטאָק. מייער פֿעלדמאַ-נען — פֿון זײַן לאַנגיאָריקער אונטערערדישער אַרבעט אין מײַרעוו-ווײַס-רוסלאַנד. מיט באָריס כאַימאָוויטשן האָבן מיר זיך אָפּט אין געטאָ געטראָפֿן און געוווּסט — ער איז אויף אַלץ אַנטשלאָסן, ער איז גרייט זיך גלײַך נעמען צו דער אַרבעט. שיִע שניטמאַן — דאָס זעלבע. ניט געקומען איז צו דער באַראַטונג נאָטקע ווײַנהויז: זײַן לאַגע איז אין געטאָ געווען א באַזונדערס שווערע. אים האָבן קינד-און-קייט געקענט, כאָטש דער געדיכטער קאָפּ האָר איז שוין בײַ אים גרוי געווען, האָט מען אים אַנדערש ניט גערופֿן ווי „נאָטקע" — אָט אַזוי, ווי אין יענע יאָרן, ווען ער, איינער פֿון די פּאָפּולערסטע קאָמיוגישע טוער אין מינסק, רעדאַקטאָר פֿון דער קינדער-צײַטונג „פּיאָנער" — פֿלעגט מיט א כאָפּטע יאַטן שפּרײַזן געאָרעמט איבער מינסקער גאַסן מיט לידער, מיט שפּיל, מיט שטיפֿערײַ און וויץ. באַווײַזן זיך אין געטאָ וואָלט פֿאַר אים געהייסן: אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון דער

געסטאפּאָ, וועלכע האָט דאַן באַזונדערס געגישטערט, געזוכט קאָמו-ניסטן. פּלעגן מיר זיך פאַרשטענדיקן מיט אים אין זיין מאַלינע אַפן ניי-מיאַסניצקע-גאַס, אַפן בוידעם, בא דעם קוימען. נאָענטע כאַווערים האָבן אים באַזאָרגט מיט אַ דאָקומענט, אַז ער אַרבעט אַלס מולער אין געטאָ גופע. זיין מיינונג וועגן אונדזערע נאָענטסטע אויפגאַבן האָבן מיר געוווּסט, און דער באַראַטונג איז זי איבערגעגעבן געוואָרן. ניט געוועגן זיינען אויך צוויי קאָמוניסטן, וועלכע האָבן הייס באַגריסט דעם געדאַנק זיך נעמען גלייך צו דער אַרבעט — כאַים אַלעקסאַנדראָ-וויטש, אַן אַלטער פּאַרטיי־טוער מיט אַ באַדייטנדיקער דערפאַרונג פון אונטערערדישער אַרבעט, און דער שרייבער הירשל דאָבין — זיי ביידע האָבן צו יענער צייט געאַרבעט אַפ צוואַנגס־אַרבעט (אַלעקסאַנדראָוויטש אַלס סטאָליער און דאָבין אַלס שוסטער), און ס'איז ניט געווונטשן געווען, עס זאָל אַפ זיי פאַלן דער מינדסטער כשאַד.

שטיל, ווי פאַרטיפט אין זיך, איז געווען יעדנס וואָרט אַפ דער דאָזיקער באַראַטונג. ס'איז אַלעמען קלאָר: דער סטאַלינישער רוף פאַרפליכטעט אונדז אַלעמען, ניט געקוקט אַפ די מוירעדיקע געטאָ-באַדינגונגען, זיך נעמען צו דער אַרבעט. צו וואָס שטרעבן מיר? און דאָ זיינען מיר אַלע איינייק געווען: עפּענען אַ וועג, וואָס זאָל דער גרעסטער צאָל יידן געבן אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצורייסן פון געטאָ און זיך אָנשליסן אינעם אַלפאָלקישן קאַמף קעגן אָקופּאַנט. אונדזער לאָזונג איז: „אַרויס פון געטאָ!". וויאַזוי? ס'זיינען געווען פאַרשיידענע מיינונגען און פאָרשלאָגן. איינס איז פאַר אונדז אַלע-מען קלאָר געווען: אָן דער טאָג-טעגלעכער הילף פון דער ווייס-רוסישער באַפעלקערונג וועלן מיר די געטאָ-צוימען ניט דורכברעכן. דערפון — די אויפגאַבע: מיט אַלע קויכעס זוכן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט די ווייסרוסישע כאַווערים, ווערן אַן אָרגאַנישער גליד אין דער געמיינזאַמער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע קעגן דייטשישן אָקופּאַנט.

נאָטקעס שטאַנדפּונקט — דערוויל, אין אָנהייב, באַגרענעצן זיך בלויז מיט פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט — נעמען מיר ניט אָן. אַלע האַלטן מיר, אַז צוגלייך מיט דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט דאַרף קומען אַ ברייטע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט. ס'דאַרף געשאַפן ווערן אַן אומלעגאַלע פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע, בא וועלכער ס'דאַרפן אַרבעטן קאָמיוגישע גרופּן. ס'מוז אַרום אונדז אויסוואַקסן אַ ברייטע פּעריפּעריע פון געטרייע סאָוועטישע מענטשן, וועלכע זיינען אום-דערשראָקן גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס ס'וועט נייטיק זיין אין די אינטערעסן פון אונדזער קאַמף.

די באראטונג באשליסט: שאפנ אנ אָרגאניזיר-צענטער פונ דרײַ כאווײרימ. ס'ווערנ אויסגעטײלט די כ'כ י. קירקאיעשטא, נ. ווײַנהויז אונ י. סטאָליארעוויטש [1] אלס סעקרעטאר פונ צענטער. יעדער אײנער פונ אונדז באקומט באשטימטע קאָנקרעטע אופגאבנ: נאָטקע ווײַנהויז — אָרגאניזירנ דעמ רעגולערנ אופנעמ פונ אָפּעראטיווע פראָנט-באריכטנ, קעדײ זײ ברײט פארשפרײטנ צווישנ דער באפעל-קערונג; יאשע קירקאיעשטא — אָרגאניזירנ דעמ אומלעגאלנ אפּאראט (דירעס, מאלינעס, שרײַב-מאשינ, פארבינדונג); אונ יעפימ סטאָליא-רעוויטש — אָרגאניזירנ פארטײ-גרופּנ אונ פארבינדנ זיכ מיטנ „רוסישנ ראיאָנ". אלע אָנטײלנעמער פונ דער באראטונג באקומענ די הויפּט-דירעקטיוונ: 1) אונטער פערזענלעכער אכרײַעס (פאראנטוואָרטלעכ מיטנ אײגענעמ קאָפּ) צוקלײַבנ זיכערע, אומדערשראָקענע, איבערגעגעבענע פארטײ-כאווײרימ, וועלכע זאָלנ ווערנ די אָרגאניזאטאָרנ פונ גרעסערע קרײַזנ סאָוועטישע מענטשנ; 2) ברײט פּאָפּוליאריזירנ אינ געטאָ אונ אויסער איר די מאטעריאלנ פונ דער סאָוועטישער ראדיאָ; 3) אינ פאל פונ א געפאר ארײַנצופאלנ אינ די הענט פונ סוינע קײנ לעבעדיקער זיכ ניט אונטערגעבנ.

דער גרונטשטײנ פונ דער קאמפּס-אָרגאניזאציע אינ מינסקער געטאָ איז געלײגט געוואָרנ. צי וועלנ מיר זיכ כּכראווענ מיט די אופגאבנ, וועלכע מיר האָבנ זיכ אָנגעצײכנט? אײנס איז זיכער: מיר מוזנ אונ וועלנ זיכ אָנשליסנ אינ דעמ גרויסנ קאמפּ, וואָס דאָס גאנצע סאָוועטישע פאָלק האָט אופגענומענ קעגנ בלוט-סוינע פונ אונדזער הײמלאנד, אונ אויב אומקומענ — איז אינ קאמפּ!

צומ ערשטנ מאָל פאר די שרעקלעכע געטאָ-טעג האָבנ מיר פּלוצעמ דערפילט, אז ס'איז עמעסער זומער ארומ אונדז, אונ ס'האָט זיכ אזוי שטארק, שטארק פארוואָלט ארײַנאָטעמענ אינ זיכ די מע-כײַעדיקע פרישקײַט, וואָס א מילד ווינטל האָט פונ די שכײנעסדיקע ווײַסרוסישע פעלדער פארטראָגנ אהער, אינ דער דושנער, ענגער מינסקער געטאָ.

אונ נאָכ האָט זיכ געוואָלט: געפינענ ערגעצ יויעל ליפּשיצנ אונ אימ אָנזאָגנ די גוטע בסורע, אז ניט „צוריק אינ געטאָ", נאָר פונ הײַנט אָנ איז אונדזער קאמפּס-לאָזונג, ארומ וועלכנ מיר וועלנ מאָביליזירנ אונדזערע געפּלאָגטע ברידער אונ שוועסטער — „ארויס פונ געטאָ!". יויעל ליפּשיצ איז שוינ אָבער ניט געווענ: דעמ 14-טנ

1 דער שרײַבער פונ די דאָזיקע שורעס הײסט אינ געטאָ יעפימ סטאָליארעוויטש.

**אויגוסט, בייס דער ערשטער מאסנ-אָבלאווע האָבנ די היטלער-מערדער אימ ארויסגעשלעפט א קראנקנ פונ בעט אונ אימ אומגעבראכט צוזאמענ מיט נאָכ טויזנטער ווי ער.**

* * *

קימאט איג דער זעלבער צייט אונ איג שכיינעס מיט אונדז, אפ רעפובליקאנער גאס נומ. 46[1], איז זיכ צונויפגעקומענ א צווייטע גרופע קאָמוניסטנ מיטנ זעלבנ ציל: באשליסנ, וואָס טוט מענ, קעדיי צו אויספילנ דעמ פארטיי־כויוו אינ די דאָזיקע שווערסטע באדינגונגענ, אינ וועלכע א סאָוועטישער מענטש האָט ווענ-עס-איז געקענט ארייג-פאלנ. געווענ זייגענ אלטע, אויסגעפרווווטע כאוויירימ, וועלכע האָבנ איינער דעמ צווייטנ געקענט פונ דער ארבעט אינ דעמ פרייענ, סאָוועטישנ מינסק. ארומ נאומ פעלדמאנענ גרופירט זיכ א גוט צע-מענטירטער קאָמוניסטנ-קרייז: דער אלטער דרוק-ארבעטער געצל אָפּנהיימ, דער שוסטער יעסעליעוויטש, לענע מייזעליס, זיאמקע אָקונ, מישע טשיפּטשינ, וועלוול לאָסיק אא. דער דאָזיקער קרייז האָט פארבינדונ-גענ מיט א גרעסערער גרופע יידישע דרוק-ארבעטער, וועלכע זייגענ אפ צוואנגס-ארבעט בא די דייטשנ אינ א דרוקעריי. ס'זייגענ פאראנ מעגלעכקייטנ צו טאָנ דאָס, וואָס באָלשעוויקעס פלעגנ שטענדיק טאָנ אינ אונטערערד — דרוקנ אונ פארשפרייטנ דעמ עמעס וועגנ פאָלקס-קאמפ קעגנ סוינע.

אפ דער ערשטער באראטונג פונ דעמ דאָזיקנ קרייז ווערט באשלאָסנ: זיכ נעמענ שאפנ א דרוקעריי אינ געטאָ אונ ארויסלאָזנ פלוג-בלעטלעכ, פראָנט-ידיעס, אופרופנ — רופנ די געטאָ-באפעלקערונג זיכ ווידערצושטעלנ די היטלערישע מערדער.

טאָג בא טאָג ווערט אינ געטאָ ארייגגעטראָגנ פולע קעשענעס מיט שריפט אונ אנדערע דרוק-מאטעריאלנ. ס'פארנעמט זיכ דערמיט דער קאָמיוגיסט מישע אראָצקער, דער דרוק-ארבעטער קאפלאנ, די כ-טע לענע מייזעליס. זיי האָבנ פארבינדונגענ מיט א רוסישנ כאווער, וועלכנ מע רופט, צוליב קאָנספיראטיווע טעמימ, „דאָס קאָלירטע היטעלע" (זיינ ווירקלעכע פאמיליע איז פאָדפריגא אנדריי איוואנאָוויטש — שפעטער אוועק אינ די פארטיזאנער-רייענ). פונ אימ באקומענ זיי אלצ, וואָס איז נייטיק פאר א פולקומ איינגעאָרדנטער דרוקעריי.

פונ צוויי זייטנ הייבט אָנ מינסקער געטאָ צו הערנ דאָס עמעס-

1 די רעפובליקאנער גאס ביז ניעמיגע איז געווענ איינגעשלאָסנ אינעמ געטאָ־ראיאָנ.

דיקע וואָרט, וואָס וועקט דעם גלויבנ אונ האָפענונג. אינ א קוימענ אפ טאָטערישער גאַס האָט אונדזער ראַדיאָ-טעכניקער דער כ' טוניק אווראָמ (שפּעטער, אלס פּארטיזאַנ, שווער פארווונדעט אינ קאַמפּ מיט די היטלער-באַנדיטנ) אײַנגעאָרדנט א ראַדיאָ-אופנעמער. די אנטענע איז געמאַכט געוואָרנ אזוי ווי א שטריק, אפ וועלכער ס'הענגט וועש. דאָרט נעמט אופ נאָטקע ווײַנהויז צוויי, אונ ווענ ס'געלינגט, אויכ דרײַ מאָל אינ טאָג די נײַסטע פראָנט יעדיעס, פראָנט-איבערזיכטנ אונ לייט-ארטיקלענ פונ דער „פּראַוודאַ", וואָס דערנאָכ גייענ זיי זיכ שנעל פאַנאַנדער ניט נאָר אינ געטאָ, נאָר אויכ צווישנ דער ווײַסרוסישער באַפעלקערונג. אינ געטאָ ווערט מענ אזוי צוגעוווינט צו דער דאָזיקער רעגולערער באַזאָרגונג מיט דער נײַסטער אינפאָרמאַציע פונ פראָנט, אז אינדערפרי, בייסנ פירנ די קאָלאָנעס אפ צוואַנגס-ארבעט, „ראַפּאָרטירט" איינער דעם צווייטנ, וואָס האָט ער זיכ פארנ נעכטיקנ טאָג בײַס דערוווּסט, ווו האַלטנ אונדזערע אונ ווו האַלט דער סוינע. דערבײַ ווערנ די יעדיעס, באַמ איבערגעבנ פונ מויל צו מויל, אפ אזא מינ אויפנ קאָמענטירט, אז זיי דריקנ אָפט מער אויס דעם פאַרלאַנג פונעמ איבערגעבער, איידער די ווירקלעכע לאַגע...

מיר טרעטנ אויכ צו צום אָרגאַניזירנ אונדזער יוגנט, וועלכע רײַסט זיכ צו א לעבעדיקער רעוואָלוציאָנערער ארבעט. אינ אָרגאַני-זיר-צענטער פונ דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע טיילנ מיר אויס די כ-טע עמע ראַדאָווע (געוועזענע ביוראָ-מיטגליד פונ וואָראָשילאָווער רײַקאָמ פונ קאָמיוג), דעמ כ' דאָוויד גערציק (פּסעוודאָנימ „זשעניקע")— א 17-יאָריקנ קאָמיוגיסט, וואָס איז בלויז א גאַסט אינ געטאָ — ער וווינט אונטער א פאַלשנ נאָמענ צווישנ דער ווײַסרוסישער באַפעל-קערונג, — אונ די כ-טע דאָרע בערסאָנ (געוועזענע סעקרעטאַרנ פונ דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע אפ דער ניי-פאַבריק „אָקטיאַבער"). דער דאָזיקער דרײַלינג האָט זיכ ענערגיש גענומענ צו דער אַגי-טאַציע-ארבעט: אפ פלאַקס-גאַס, אינ געטאָ, אָרדנט אײַנ דער 14-יאָ-ריקער קאָמיוגיסט נאָנקע מאַרקעוויטש א ראַדיאָ-אופנעמער אונ זײַנ גאַנצע קאָמיוגישע גרופּע פאַרנעמט זיכ מיט פאַרשפּרייטנ די יעדיעס פונ דער סאָוועטישער אינפאָרמביוראָ. די אָפּגעדרוקטע מאַטעריאַלנ פונ די פּאַרטיי-גרופּנ ווערנ פאַרשפּרייט אויכ דעריקער דורכ אונדזער יוגנט, וועלכע האָט די גאַנצע צײַט אײַנגעהיט די אַלטע פאַרבינדונ-גענ מיט ווײַסרוסישע אונ רוסישע כאַווײרימ פונ שול אונ פונ קאָמיוג, אונ אזויאַרומ העלפנ זיי אונדז א סאַכ מיט אינ דער ארבעט.

באַגרענעצנ זיכ אָבער בלויז מיט פּראָפּאַגאַנדיסטישער ארבעט

האָבנ מיר ניט געטאָרט. די לייזונג פונ אונדזער הויפּט־אופגאבע
פאָדערט פונ אונדז צו געפינענ א פאַרבינדונג מיט דער ווײַסרוסישער
אונ רוסישער באפעלקערונג אונ ווי נאָר מעגלעכ — געפינענ א צוטויט
צו די פּארטיזאנער-גרופּנ, וועגנ וועלכע ס'ווערנ אלץ מער פאַר-
שפּרייט קלאנגענ, אז זיי לעבנ, זיי קעמפנ אונ צעוואקסנ זיכ אינ
א גרויסער פאָלקס-באוועגונג.

צום קאָנטראָלירנ, ווי ווײַט ריכטיק זײַנענ די ידיעות, אז אינ
שטאָט זײַנענ געבליבנ אָנגעזעענע פּארטיי- אונ רעגירונגס־טוער, שיקנ
מיר ארויס פונ געטאָ אָנפּארטרויטע כאווירים (דעריקער פרויענ,
וועלכע זײַנענ ניט ענלעכ אפ קיינ ידישע), זיי זאָלנ דורכ באקאנטע
קאָמוניסטנ זיכ פּרוּווּנ דערשלאָגנ צום אומלעגאלנ צענטער. ס'ווערנ
אָנגעקניפּט קאָנטאקטנ ניט ווײַסרוסישע כאווירים, אָבער דער ענטפער,
וועלכנ עס ברענגענ אונדז די שעלוכים, איז שטענדיק איינער אונ
דער זעלבער: „די כאווירימ פונעמ רוסישנ ראיאָנ האָבנ אליינ נאָכ
ניט קיינ פאַרבינדונג, זיי זוכנ“. מיר הערנ, אז אינ שטאָט גייענ
ארומ פונ האנט צו האנט געדרוקטע מאטעריאלנ — א סימענ פונ
ארבעט אינ אונטערערד. ווענ מיט מי גיט זיכ אונדז אײַנ
אזא מאטעריאל צו באקומענ, ווײַזט זיכ ארויס, אז דאָס איז...
אונדזער אייגענע אויסגאבע. אינ שטאָט לייענט מענ די אויסגאבע
„ידיעות פונעמ סאָציאליסטישנ היימלאנד“, אָבער דאָס וואַרפנ אונדזערע
ערפּלאנענ. מיר באופטראָגנ דאנ אונדזערע כאווירימ נינע ליס
(איר ניט-ידיש פּאָנעמ גיט איר די מעגלעכקײַט טאָג-טעגלעכ ארויס-
גאנווענענ זיכ פונ געטאָ) אונ „זשענקענ“, זיי זאָלנ זיכ פּערזענלעכ
פאַרבינדנ מיט ווײַסרוסישע כאווירימ, וועלכע פאַרדינענ פולשטענדיקנ
צוטרוי, זיכ דערגרונטעווענ צו זייערעווירקלעכע שטימונגענ, אונ
ווענ זיי וועלנ זײַנ איבערצײַגט, אז זיי האָבנ אָנגעטראָפנ אפ
כאווירימ, גרייטע צום אָרגאניזירנ דעמ קאמפּ קעגנ אָקופּאנט, —
זאָלנ זיי באשטימענ מיט אונדז א טרעפונג. מיר שיקנ גלײַכצײַטיק
ארויס דעמ קאָמיוגיסט וואָווקענ (זײַנ פאמיליע איז דעמ אווטאָר
אומבאקאנט) אינ דער ראדאָשקאָוויטשער ריכטונג מיט דער אופגאבע
אָנצובינדנ א קאָנטאקט מיט פּארטיזאנער. פונ יענער געגנט קומענ
אָנ ידיעות, אז דאָרט באווײַזנ זיכ אָפט פּארטיזאנער. וואָווקע האָט
באקאנטע אונ קרובֿימ אינ יענער געגנט, וועט ער זיכ גענוי דער-
וויסנ, וואָס פאַרא מעגלעכקײַטנ זײַנענ פאַר אונדז פאַראנ. צוויי
מאָל איז וואָווקע פונ דאָרט געקומענ אונ דערציילט: יאָ, עס קומענ
ניט-גרויסע פּארטיזאנער-גרופּנ אינ יענע דערפער, זיי פאַרהאלטנ

זיכ דאָרט אָבער ניט לאנג. וויל מענ פארבינדנ זיכ מיט זיי, דאַרפ מענ זײַנ אינ דאָרפ, אונ דאָס קענ וואָווקע ניט אלס ייִד.

מיר כאפנ זיכ אָנ פאר דער מינדסטער, כאָטש שײַנבארער מעגלעכקײַט. צו אונדזערנ א קאָמיוגיסט אינ געטאָ איז געקומענ זײַנער אנ אלטער באקאנטער, א שילער פונ א ווײַסרוסישער טעאטראלער סטודיע. געקומענ איז ער פונ א פארטיזאנישנ אָטריאד מיט א ביטע, מע זאָל פאר זײַנ קאָמאנדיר מאכנ א פאלשנ פאספאָרט. קעדיי זיכ צו איבערצײַגנ, אז מיר האָבנ ווירקלעכ צו טאָנ מיט א מענטשנ, וואָס פארדינט צוטרוי, שיקנ מיר ארויס די כ־טע עמע, וועלכע האָט פונ אירע ערשטע שריט אינ דער אומלעגאלער ארבעט ארויסגעוויזנ א גוואלדיקנ כוש פאר מענטשנ. דערבײַ האָט זי נאָכ א מעגלעכקײַט, אדאנק איר ברייטער באקאנטשאפט אינ דער פארגאנגענהײַט, צו קאָנטראָלירנ, מיט וועמענ זי האָט צו טאָנ. עמע באקומט א דירעקטיוו: אויב דער געקומענער פארדינט צוטרוי — דאנ וועלנ מיר אלצ טאָנ, וואָס פארנ אָטריאד איז נייטיק. מיר בעטנ אָבער א שטענדיקע פארבינדונג אונ א מעגלעכקײַט פלאנמעסיק צו שיקנ אונדזערע כאוויירים אינ פארטיזאנישנ אָטריאד.

מיר באקומענ א ידיִעה, אז אינ שטאָט קומט ווירקלעכ פאָר א צוגרייטונג צום שאפנ אנ אונטערערדישע פארטיי־אָרגאניזאציע, אז אפ דער אָרגאניזיר־קאָנפערענצ וועלנ מיר אײַנגעלאדנ ווערנ. קיינ צוזאָג צו נעמענ אונדזערע מענטשנ אינ אָטריאד באקומענ מיר ניט, ווײַל די פארטיזאנער, אינ וועמענס שליכעס ס'איז געקומענ דער כאווער, געפינענ זיכ אינ קעסיידערדיקער באוועגונג, זיי האָבנ נאָכ ניט קיינ שטענדיקע באזע, האָבנ ווייניק געווער, אונ מעמיילע איז זיי נאָכ שווער צו נעמענ נײַע מענטשנ. מיר באפוילנ דעם ייִדישנ קינדער־דיכטער מוישע לעווינ (ליטעראַרישער פסעוודאָנים „בער סארינ”) אָרגאניזירנ די פאבריקאציע פונ פאלשע פאספאָרטנ. דאָס גיט זיכ אימ גלענצנדיק אײַנ, אונ מיר באזאָרגנ מיט דאָקומענטנ ניט בלויז דעמ געקומענעמ כאווער, נאָר אויכ אונדזערע מענטשנ פונ געטאָ, וועמענ ס'קומט אָפטמאָל אויס זיכ דורכצורײַסנ דורכ די געטאָ־צוימענ.

אָנהייב סענטיאבער 1941 איז אינ געטאָ געקומענ א שאָליעכ פונ א פארטיזאנישנ אָטריאד. דאָס איז געווענ א ייִדיש באָכערל מיטנ פסעוודאָנים „פעדיע” (ווענ מיר האָבנ זיכ מיט אימ באגעגנט שוינ נאָכ דער באפרײַונג פונ מינסק, אפנ פארטיזאנער־פאראד, האָבנ מיר זיכ עטוואָס געװויערס וועגנ אימ דערוווּסט: זײַנ פאמיליע איז שעדלעצקי. קינדווײַז איז ער א קײַלעכדיקער יאָסעמ געבליבנ אונ

איז דערצויגן געוואָרן אין א מינסקער קינדערהיים. אין יול 1941 איז ער אוועק צום קאפיטאן סערגייעוו, וועלכער האָט גענומען אָרגאניזירן איינע פון די ערשטע פארטיזאנער-גרופן אין ווייסרוסלאנד (פאר זיין פארטיזאנישער קאמפס-טעטיקייט איז פעדיע באלוינט מיט 3 אָרדענס און א מעדאל). ער איז געקומען אין געטאָ א באוואָפנטער אין שליכעס פון זיין קאָמאנדיר קאפיטאן ביסטראָוו (פסעוודאָנים פונעם סאָוועטישן טוער סערגייעוו). פעדיע האָט זיך געווענדט צום פאָרזיצער פונעם יידנראט עליע מושקין מיט דער פאָדערונג ניט צו געבן די דייטשן קיין שום קאָנטריבוציע, נאָר אלץ, וואָס איז צונויפגעזאמלט געוואָרן בא דער יידישער באפעלקערונג, אָפגעבן די פארטיזאנער. מיר באקומען גלייך א פארבינדונג מיט פעדיען.



פ. שעדלעצקי
דער ערשטער פארטיזאנער-שאָליעך אין
מינסקער געטאָ.

פאר אונדז, וועלכע האָבן שוין געהאט אף זיך צוויי כאדאָשים געטאָ, איז אן אויסערגעוויינלעכע פרייד געווען צו דערזען א יידישן יאט אָן א שום שפור פון געלערלאטע, מיט א שפראך און שטימונגען, וואָס האָבן געעטעמט מיט דער אומגעצוימטער ראכוועס פון אונדזער לאנד. דאָס איז געווען דער ערשטער לעבעדיקער גרוס פון סאָוועטישע מענטשן, וועלכע זיינען שוין געשטאנען אין דירעקטן באוואָפנטן קאמף אינעם סוינעס הינטערלאנד. דאָס, וואָס איז פאר אונדז געווען בלויז א טרוים, האָט באקומען א קאָנקרעט-לעבעדיקן אויסזען: „דער וועג פון געטאָ מוז פירן צום פארטיזאנישן אָטריאד!“ אין דעם האָבן מיר זיך נאָך מער איבערצייגט נאָך דעם ערשטן שמועס מיט פעדיען. מיר האָבן איבערגעגעבן א בריוו צום קאפיטאן

ביסטראָוו, אין וועלכן מיר לייגן אים פאַר צו שטעלן אין דינסט פון זיין אָטריאַד אַלע אונדזערע קויכעס. וואָס נאָר ער דאַרף — זאָל ער אונדז געבן צו וויסן, — און ער וועט אַלץ באַקומען, אַפילע געווער. זאָל ער אָבער אונדז העלפן אַרויספירן קאָמפּספייקע מענטשן פון געטאָ אין די פּאַרטיזאַנער-רייען.

אַלע כאַווירים, וועלכע זיינען מיט אונדז פאַרבונדן, באַקומען אַ דירעקטיוו: זאַמלען געווער, מעדיקאַמענטן, גרייטן שטיוול, וואַרעמע קליידער, קעדיי אַף יעדן פאַרלאַנג פון קאַפּיטאַן ביסטראָוס אָטריאַד אים געבן די נייטיקע הילף. אונדזער אַרבעט הייבט אָן אַריבערצוגיין די ראַמען פון בלויזער אַגיטאַציע, זי באַקומט אַ קאָנקרעטן מיליטערישן אינהאַלט, ניט נאָר דער ציל איז אונדז שוין קלאָר — מיר ווייסן שוין די מיטלען און זעען די וועגן, וואָס פירן צום ציל, און כאָטש פון טאָג צו טאָג ווערן אַלץ אַכזאָריעסדיקער די היטלערישע געטאָ-אַפּעטראָפּסים, און דער טויט קוקט אַלץ אַזעס-דיקער אַריין יעדן איינעם פון אונדז אין די אויגן, זיינען ביר אַלע פול מיט מוט און מיט גלויבן, אַז ס'וועט אונדז געלינגען זיך איינצושליסן אין די רייען פון די פאָלקס-נעקאָמענעמער, וועלכע פילן אַלץ מער אָן די ווייסרוסישע וועלדער.

* * *

ס'איז געקומען אַ שטאַרקער קלאַפּ.

אין געטאָ קומען קעסיידער פאָר געיעגן אַף מענטשן. עס פלעגט אַראָפּקומען דער דעגענעראַט פון קאָנצענטראַציע-לאַגער אַף שיראָקע-גאַס גאָראָדעצקי (אַ מישלינג פון אַ ווייסגוואַרדייִשער רוסישער מאַמען און אַ פרייסישן סאָלדאַפּאָנישן טאַטן), און זיינע רויב- און מאָרד-העלדן פלעגן זיך לאָזן נישטערן, זוכן, רויבן און שלאָגן. אין אַזאַ אָבלאַווע איז אַריינגעפאַלן יאַשע קירקאַיעשטאַ. ער האָט זיך געלאָזט לויפן („קיין לעבעדיקער אין סוינעס הענט ניט אַריינפאַלן"), און אַ דום-דום-קויל האָט אים געטראָפן. ער איז געפאַלן אַ טויטער ניט ווייט פון יענער דירע, ווו ס'איז אונדזער ערשטע באַראַטונג פאָרגעקומען דוכט זיך, קיינער האָט יאַשען אין געטאָ ניט געקענט, און דאָך איז אַף זיין לעווייע זיך צונויפגעקומען אַ גרויסער אוילעם. דאָס איז פאַר די צוויי געטאָ-יאָרן געווען די איינציקע מאַסן-לעווייע, ביים וועלכער ס'איז בוילעט דעמאָנסטרירט געוואָרן דער האַס צום אָקו-פאַנט. שטיל, אָן ווערטער, האָבן מיר יאַשען באַגראָבן, און קיינער

האָט זיך ניט געוואונדערט אַפֿן דעם טאָוול, וואָס מיר האָבן אַפֿן פֿרישן קייווער אוועקגעשטעלט: „געפֿאַלן אין קאַמף".

דאָ, אַפֿן קייווער, איז אַ נײַע באַקאַנטשאַפֿט געשלאָסן געוואָרן — מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל צונויפֿגעטראָפֿן מיט מיכל געבעלי־עוון. ער פֿאַרנעמט גלײַך יאַשעס אָרט אין דער אָנפֿירונג פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

נאָך יאַשעס טויט באַשליסן מיר שטאַרקער זיך קאָנספּירירן, געפֿינען אַן אָרט, וואָס זאָל געבן אַ מעגלעכקייט ווי־ניט־איז זיך אײַנהיטן פֿון אָבלאַוועס. מיר שטעלן זיך אָפּ אַפֿן אינפֿעקציע־שפּיטאָל אין געטאָ. מיר ווייסן פֿון דער פֿריִערדיקער וועלט־מילכאָמע, וואָס פֿאַר אַ פּאַכעד די דײַטשן האָבן פֿאַר „זויכען־קראַנקײַטן". פֿאַר די פֿאַר געטאָ־כאַדאָשים איז קיין פֿאַל ניט געווען, אַז די היטלער־לײַט זאָלן דורכגיין דעם טויער פֿון שפּיטאָל. מיר פֿאַרבינדן זיך גלײַך מיטן פֿאַרוואַלטער פֿון אינפֿעקציע־שפּיטאָל דעם קאָמוניסט דר. לייב קוליק. מיר ריידן מיט אים אָפֿענע דיבורים: אַהער, צום שפּיטאָל, וועלן זיך ציִען פֿעדעם פֿון אַלע ווינקעלעך געטאָ און פֿון שטאָט. דר. קוליק יִישעווט זיך ניט אַפֿילו קיין סעקונדע: זיך און אַלץ וואָס איז אין זײַן רעשוס, שטעלט ער אין דינסט פֿון אונדזער אַלגעמיינער זאַך. פֿון קוליקן האָבן מיר קיין אַנדער ענטפֿער ניט דערוואַרט. מיר האָבן אים גוט געקענט. אַ געוועזענער פֿאַרוואָרלאָזט יאַטל, איז ער שפּעטער דערצויגן געוואָרן אין אַ סאָוועטישן קינדער־היים, ער איז געוואָרן אַ הויך קוואַליפֿיצירטער שלאָסער. ער איז געווען אַן אַקטיווער טוער פֿון מינסקער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע, איז אַוועק לערנען אין מינסקער מעדיצינישן אינסטיטוט און ענדיקט אים. ער, דער קאָמוניסט לייב קוליק, ווייסט גוט די שפּראַך פֿון מיליטערישער דיסציפּלין און קאַמפֿס־גרייטקייט.

די קעסל־אָפּטיילונג פֿונעם שפּיטאָל ווערט פֿון דאַן אָן אונדזער שטאַב־קוואַרטיר. באַם טויער פֿון שפּיטאָל שטייט קעסיידער אַפֿן דער וואַך די שטענדיק באַשיידענע און גרענעצלאָז געטרײַע קאָמוניסטן ליזע דיס. איר צוהילף געפֿינט זיך די 9־יאָריקע ריטע, איר טעכטערל, וועלכע ווייסט שוין, וואָס הייסט קענען שווײַגן און „וועגן גאָרנישט ניט וויסן". אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ, די סאַמע לעצטע נײַעס, זײַנען פֿאַראַן בײַ ליזען, וועלכע ווייסט וועמען און וואָס מע דאַרף איבערגעבן, וועמען מ'דאַרף אַרײַנלאָזן און וווהין שיקן אַפֿן דער טעריטאָריע פֿון אינפֿעקציע־שפּיטאָל.

אַזעלכע פֿאַרבינדונגס־רינגען האָבן מיר געהאַט שוין באַלד פֿון

די ערשטע טעג פון אונדזער ארבעט אין א ריי פונקטן — אין געטאָ און אויסער דער געטאָ.

אין די ווארשטאטן פון דער דײַטשישער פּאָליציי האָבן מיר געהאט דרײַ אָנפאַרטרויטע כאַווײרים — הירשל דאָבין, אווראָם געלמאַן און זאסקין. די דאָזיקע כאַווײרים האָבן פון אונדז באַקומען א די־רעקטיוו זיך באַמיִען צו דערוויסן אין דער פּאָליציי אלץ, וואָס האָט א שײַכעס צו די דײַטשישע מאָסמיטלען בענעגייע דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, און אלץ, וואָס האָט א שײַכעס צו דער געטאָ.

אינמיטן אָקטיאבער 1941 יאָר גיבן אונדז די כאַווײרים איבער: ס'גרייט זיך א פארשמעלערונג פון דער געטאָ־טעריטאָריע. זיי ווייסן אפילע געניי, וועלכע גאסן ס'דארפן ווערן „יודענרײַן" — ס'גייט דעריקער וועגן ניעמיגע און אָסטראָוסקי — צוויי גאסן, ווו ס'קאָנצענט־רירט זיך קימאט א דריטל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. כאָטש מיר האָבן גלײַך פארשטאנען, אז דאָ שמעקט מיט אן אומגליק — שוין דער בלויזער פאקט, אז די אומדערטרעגלעכע געטאָ־ענגשאפט וועט נאָך גרעסער ווערן, באַטײַט א גוואלדיקע פארערגערונג פון דער לאגע — האָבן מיר אין אונדזער באַזוקײַט געמיינט, אז דאָ האנדלט זיך ווירקלעך בלויז וועגן א טעריטאָריִעלער פארשמעלערונג (צווישן זיך האָבן מיר דאן געשמועסט: „זיי שטויסן אונדז און ווילן אונדז פארשטויסן אלץ נענטער צום בעסוילעם", דאָס איז נאָכדעם ווירקלעך געשען). מיר גיבן א דירעקטיוו אלע אונדזערע כאַווײרים צו וואָרע־נען די באַפעלקערונג פון ניעמיגע און אָסטראָווסקי, אז מע זאָל באַצײַטנס זיך אריבערציִען צו שכיינים אין אנדערע גאסן. א סאך מאכן אזעלכע פרוּוון, זיי ענדיקן זיך אָבער אָן רעזולטאטן — די ענגשאפט, דוכט זיך, איז שוין אזוי גרויס, אז ס'קען קיין שום ריייד ניט זײַן וועגן נאָך ענגער זיך מאכן. אנדערע ווידער האָבן סטאַם רויק געענטפערט: איבער מ'וועט הייסן אָפּרייניקן די דירע, וועט מען דאָך מיסטאמע געבן א צווייט אָרט...

אומ־ר האָט ארומגענומען די גאנצע געטאָ־באַפעלקערונג ערשט ערעוו דעם 7-טן נאָיאבער 1941, ווען פארנאַכט האָט זיך פּלוצעם באַווזן אין געטאָ גאָרנדעצקי מיט זײַן גאנצער כאָפּטע באנדיטן. זיי האָבן צונויפגענומען א פּאָר הונדערט הויך קוואליפיצירטע ארבע־טער, די מיטגלידער פון יידנראַט מיט זייערע מישפּאָכעס און ארויס־געפירט זיי פון געטאָ אין קאָנצענטראציע־לאגער אַפ שיראָקע־גאַס. וואָס דאָס באַטײַט—האָט קיינער ניט געקאָנט זאָגן. אָבער אז עס רוקט זיך אָן א גרויסער אומגליק — האָבן אלע געפילט.

דער אומגליק איז גרעסער געווען, ווי מ׳האָט זיך עס אפילו אין יענער צייט פאָרשטעלן געקענט.

ערעוו דעם גרויסן יאָמטעוו — דעם 24-טן יאָרטאָג פון דער סאָציאַליסטישער אָקט אבער-רעוואָליוציע, האָבן מיר געגעבן א דירעק-טיוו אונדזערע כאַוויירים דורכצופירן דעם 7-טן נאָיאבער קליינע מאסאָווקעס, דערציילן וועגן קאַמפּ פונעם סאָוועטישן פאָלק און רופן אָנצושטרענגען אלע קויכעס, קעדיי צו זיין א וויודיקער גליד פונעם קעמפנדיקן סאָוועטישן פאָלק.

דעם 7-טן נאָיאבער אינדערפרי, פונקט דאן, ווען דאָס באוואָפנטע סאָוועטישע פאָלק, ווי מיר האָבן זיך שפעטער דערוווּסט, האָט אפן רויטן פלאץ אין מאָסקווע דעמאָנסטרירט זיין אנטשלאָסנקייט מיט אלע קויכעס זיך קעגנצושטעלן דעם אָנגרייפנדיקן סוינע און פארטרייבן אים פון אונדזער היימלאנד, איז די מינסקער געטאָ ארומגערינגלט געוואָרן דורך א געדיכטער פאָליציי-נעץ. באלד זיינען אָנגעקומענע געסטאפּאָ-טיילן מיט זייערע מיטהעלפער, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לאָדן מענטשן פון ניעמיגע, פון אָסטראָווסקי-גאַס און פון א ריי שכיינעסדיקע געסלעך אין גרויסע, שווארצע אווטאָמאשינעס.

ניט ווייט אפּ אפאנסקי גאַס, דאָרט, וווּ ס׳איז אמאָל געווען די 6-טע קאָלאָניע פון נקווד, אהין, אין די גרויסע פינצטערע שפייכלערס, וווּ מע פלעגט אמאָל האלטן באגאזש, האָט מען עס „אויסגעלאָדן" די ארויסגעפירטע. די ענגשאפט דאָרט איז געווען אזוי גרויס, אז מענטשן זיינען אין כאלאָשעס געפאלן, קינדער זיינען אויסגעגאנגען אפּ די הענט פון זייערע מוטערס. ס׳איז ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען, ס׳איז קיין לעק וואסער ניט געווען מיט וואָס דעם גומען אָפּצונעצן.

צוועלף טויזנט יידן האָט מען אין מעשעך פון דעם איין טאָג ארויסגעפירט פון געטאָ און אפּ צומאָרגנס זיי געבראכט קיין טוטשינקע, וווּ ס׳זיינען שוין געווען פארטיקע גריבער. אין געטאָ האָט מען שוין מער קיין אילוזיעס ניט געהאט. די נאָענטע שיסערייַ פון אווטאָמאטן און קוילנווארפערס האָט גענוי דערציילט וועגן דעם, וואָס ס׳איז געשען מיט די איינוווינער פון ניעמיגע, פון אָסטראָווסקי און פון די שכיינעסדיקע געסלעך...

פאמעלעך, ווי נאָך קיינמאָל ניט, איז צוגעפאלן די שפעט אָסיענ-דיקע נאכט. אין געטאָ איז שטיל געווען, ווי ניט צוועלף טויזנט, נאָר אלע אכציק טויזנט יידן זיינען אין דעם טאָג אויסגעקוילעט געוואָרן. קיין סימען פון לעבן, קיין פייערל, קיין שאָרך. בלויז די

אָפטע שיסערײַ פֿון די פּאָליציי-וואכן ארום געטאָ האָבן איימעדיק געהילכט אין דער ארומיקער פוסטקייט.

אין מינסקער געטאָ זײַנען אָבער נאָך מענטשן געווען, מענטשן האָבן געלעבט און געהאָפט, אז ניט געקוקט אף אלץ, וועלן מיר זײַן די זיגער.

אין אן ענגן געטאָ-צימער אף דער זעלבער אפאנסקי-גאס, דורך וועלכער ס'זײַנען א גאנצן טאָג געפלויגן די טויט-מאשינעס, האָבן זיך בא דער ארבעטערן פֿון א ניי-פאבריק אידע אליער צו-נויפגעקליבן סאָוועטישע מענטשן, קעדיי אָפצומערקן דעם גרויסן באפרײַונגס-יאָמטעוו — דעם 24-טן יאָרטאָג פֿון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע. אין דער האלב-טונקלקייט זיצן ארום דעם אָרעם געפרא-וועטן טיש יונגע מענטשן מיט טיפע קנייטשן אף די שטערנס, און יעדער איז אין זיך פארטיפט, פרווונדיק דערשטיקן דעם וויי, אום ניט צו פארשטערן דעם יאָמטעוו. עס שטעלט זיך אוף דער ארבעטער פֿון דער קאהאנאָוויטש-פאבריק נאָכעם גאָלדזאק. ער איז ניט קיין רעדנער, זאָגט ער, און צו וואָס דארף מען רײדן? ס'איז דאָך קלאָר: מ'דארף ניט זיצן קיין שיווע, ווײַל זיצן טאָר מען שוין ביכלאל ניט — מ'דארף טאָן, מ'דארף קילן זיך דאָס צעווייטעקטע הארץ און זען דעם סוינע בא זיך אונטער די פיס א צעטראָטענעם.

קורץ איז דאָס וואָרט באַם ארבעטער פֿון קיראָוו-זאוואָד כאַים צוקער. ער ווייסט אף זיכער:

— פּאָביעדא זא נאמי! זיגן וועלן מיר!

— כאַים צוקער, דער שפּעטערדיקער מאלינע-מײַסטער פֿון געטאָ, האָט פֿון א באהעלטעניש ארויסגעשלעפט א פאטעפאָן. און נײַ, ווי נאָך קיינמאָל ניט, האָבן געקלונגען די לעבנס-באשטעטיקנדיקע טע-נער פֿון די סאָוועטישע קאמפס-לידער...

## IV. דער ערשטער דורכרײַס פֿון די געטאָ־צוימען

נאָך דער שכיטע דעם 7-טן נאָיאבער איז די געטאָ-טעריטאָריע באדײַטנדיק אײַנגעשרומפּן געוואָרן. די אויסגעליידיקטע דירעס זײַנען טיילווײַז באזעצט געוואָרן דורך ווײַסרוסן, טיילווײַז דורך די יידן פֿון דײַטשלאנד („האמבורגער״ האָט מען זיי גערופן, ווײַל א סאך פֿון זיי זײַנען געווען פֿון דער שטאָט האמבורג). כוץ די דראָט-פארצוימונ-גען און פּאָליציי-פּאָסטנס ארום דער געטאָ־טעריטאָריע ווערן דראָט-פארצוימונגען געמאכט אין דער געטאָ גופע, קעדיי די יידן פֿון דײַטש-לאנד אָפּצוטיילן פֿון די סאָוועטישע יידן. אויך צווישן די מינסקער

יִדן פּרוּווּן די היטלער־באַלעבאַטים מאַכן אַ פּאַנאַנדערטיילונג: אַף איין זײַט געטאָ (אינעם ראַיאָן פֿון אָבוטקאָווע־גאַס) אַלע פּאַך־אַרבעטער, די לײַט פֿונעם יִדנראַט און די אָרדענונגס־וואַך („מיליציאָנערן" רופֿט מען זיי אַפֿן אַלטן שטייגער), אַף דער צווייטער זײַט פֿונעם יובילײַ־פּלאַץ — אַלע איבעריקע — די ערשטע קאַנדידאַטן אַף אומקומען.

דורך אונדזערע באַפֿולמעכטיקטע, וואָס אינעם אַפּאַראַט פֿונעם יִדנראַט, דעריקער אינעם וווינונגס־אָפּטייל, באַמיִען מיר זיך, אַז די צאָל מענטשן, וואָס דאַרף אַריבערגײן אינעם פּאַך־אַרבעטער־טייל, זאָל זײַן די מאַקסימאַלסטע (מיר באַקומען אין אונדזער רעשוס זייער אַ גרויסע צאָל געפֿעלשטע פּאַך־דאָקומענטן), און דערמיט גיט זיך אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אײַנצו צעשטערן דעם היטלערישן פּלאַן צו שאַפֿן צוויי געטאָס. די שייד־ליניע צווישן פּאַך־אַרבעטער און ניט פּאַך־אַרבעטער ווערט ניט אַזוי קענטיק, ווײַל ס'גיט זיך בעשום־אופֿן ניט אײַנן אַלע פּאַך־אַרבעטער אַריבערצוזעצן אינעם פּאַר זיי באַשטימטן קוואַרטאַל. אַ סאַך בלײַבן דעריבער זיצן אַף זייערע אַלטע פּלעצער. גלײַכצײַטיק באַפֿוילן מיר אַלע אונדזערע כאַווײרים צעשטרייען די אילוזיעס, אַז דער „פּאַך־אַרבעטער־אויסווײַז" איז אַ לעבנס־שײַן. ס'איז בלויז אַ פּאַרבלענדעניש ביז יענעם טאָג, ווען ס'וועט קומען דער צווייטער שכיטע־טערמין.

אונדזער לאַגע איז זייער אַ שווערע: קיין קאָנקרעטע וועגן קענען מיר ניט אָנווײַזן. קיין פֿאַרבינדונג מיט די ווײַסרוסישע כאַווײרים האָבן מיר ניט. מיט קיין פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן זײַנען מיר אויך ניט פֿאַרבונדן. אונדזער אַלעמענס לעבן הענגט אַף אַ האָר, און פֿונוואַנען וועט קומען די הילף — ווייסן מיר נאָך אַלײן ניט. צווישן אייניקע כאַווײרים וואַקסט די טענדענץ צו האַנדלען לויטן קלאַל: „ראַטעווע זיך, ווער עס קען". דאָס וואָלט געווען אַ פֿאַרלייקענונג פֿון די אויפֿגאַבן, וועלכע מיר האָבן פֿאָרמולירט אַף אונדזער גרינדונגס־באַראַטונג.

* * *

„זשענקע" האָט געגעבן צו וויסן: „אין אַ דירע ניט ווײַט פֿון דער געטאָ (אַף דער אָבוטקאָווע־גאַס) וועט וואַרטן אַ רוסישער כאַווער אַף דורכשמועסן זיך מיט אונדז וועגן איניאָנים, וואָס אינטערעסירן אונדז אַלעמען.

צו „זשענקען" האָבן מיר אַלע געהאַט גרויס צוטרוי. ניט גע־

קוקט אף זײַנע 17 יאָר, האָט ער אַרויסגעוויזן זייער א סאך מײַלעס פון א קאָנספּיראַטאָר. דיסציפּלינירט, באַשיידן, זעלבשטענדיק, ווייניק־ריידעוודיק, פלעגט ער אויסער דער געטאָ קעסיידער זוכן און ניש־טערן כאַוויירים, מיט וועלכע מע זאָל צוזאַמען פירן דעם באַפרײַונגס־קאַמף און דורכברעכן אַף אַזאַ אויפן די געטאָ-צוימען. „זשענקע" האָט אָנגעטראָפן אַף א גרופּע כאַוויירים רוסן און ווײַסרוסן, וועל־כע זײַנען אַנטשלאָסן געווען אַלע זייערע קויכעס אָפּצוגעבן דעם קאַמף קעגן דעם אָקופּאַנט. ניט האָבנדיק קיין דערפאַרונג פון אומ־לעגאַלער אַרבעט און ניט וועלנדיק באַצייכנט ווערן אַלס אוזורפּאַ־טאָרן, האָבן די דאָזיקע כאַוויירים זיך ניט אַנטשלאָסן זעלב־שטענדיק צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע (זיי זײַנען איבערצײַגט געווען, אַז אין מינסק עקזיסטירט אַוואַדע אַזאַ אָרגאַניזאַציע, נאָר מע קען צו איר דערווײַל קיין צוטריט ניט באַקומען, ווײַל זי איז שטאַרק פאַרקאָנספּירירט). ווען די כאַוויירים האָבן דורך „זשענקען" זיך דער־וווּסט, אַז מיר האָבן אין געטאָ זיך אָרגאַניזירט, האָבן זיי אויסגע־דריקט דעם פאַרלאַנג צו האָבן מיט אונדז א באַגעגעניש און וועגן אַלץ זיך דורכשמועסן.

אַראָפּגעריסן די געלע לאַטעס, איבערגעטאָן אין לײַטישע מאַל־בושים (אָנשטאָט דעם פאַרשמאָלצענעם קעסל-הייצער-„קאָסטיום"), האָבן מיר, אײנצווייען, צוזאַמען מיט „זשענקען", זיך דורכגעשלײַכט דורך די געטאָ-צוימען. געקומען זײַנען מיר אין א דירע, וואָס איז אַזוי אַנדערש געווען פון אונדזערע געטאָ-נאָרעס, ווי אַנדערש מיר האָבן אויסגעזען אין פאַרגלײַך מיט די כאַוויירים, וואָס האָבן שוין אַף אונדז געוואַרט. אַף א מינוט האָבן מיר געהאַט די אילוזיע, אַז דאָס איז א כאַווערישע באַגעגעניש פון די אַלטע, גוטע צײַטן, אַז ס'איז גאָר קיין געטאָ און קיין געלע לאַטע ניט פאַראַן. אַזויפיל פרײַנטלעכקײַט האָט אַרויסגעקוקט פון די אויגן פונעם יונגנמאַן (א יאָר 30 אַוואַדע), וואָס האָט זיך אונדז פאָרגעשטעלט, אַז ער הייסט סלאַוועק („א פּסעוו־דאָנים אַוואַדע" — זאָגט אונדז אונטער די אַלטע דערפאַרונג פון אונטערערד). כאָטש אָנגעטאָן איז ער געווען ציוויל, איז דאָך קענ־טיק געווען, אַז דעם מיליטערישן מונדיר האָט ער מיסטאַמע גאָר ניט לאַנג אויסגעטאָן. נײַגעריק האָט אונדז אָנגעקוקט די יונגע פרוי אי־נעם רויטן בערעט, וועלכע האָט בלויז זיך צוגעהערט צו אונדזער שמועס (זי האָט שפּעטער, אַף אַן אייגנטימלעך-פּרויִשן אויפן געמאַכט איר „אויספיר": זי האָט געזען, ווי אויסגעצערט פון הונגער מיר זײַ־נען, איז זי אַוועק אין א דאָרף, צונויפגענומען א ביסל עסן און עס

אונדז איבערגעשיקט אין געטאָ...). ס'האָט קיין אויג פון אונדז ניט אראָפּגעלאָזט דער יונגער שלאַנקער כאַווער, וועלכער האָט סלאַוועקן באַגלייט און וועלכער האָט זיך דעריקער אינטערעסירט מיט דער אַר־בעט פון אונדזער יוגנט („א קאָמיוגישער טוער, אַוואַדע", — האָבן מיר זיך געטראַכט).

סלאַוועקן אינטערעסירן צוויי פראַגן: 1) ווער האָט אונדז גע־געבן דעם באַפעל זיך צו אָרגאַניזירן, צו שאַפן אַן אָנפירונגס־אָרגאַן און 2) וואָס און ווי אַזוי רעכענען מיר צו טאָן.

דערפאַרונג פון אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר קאָנספּיראַציע איז ווי אײַנגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן (עפשער האָט די האַרציקע וואַרעמקייט, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט פון די אויגן פון די דרײַ רוסישע כאַ־ווײרים דערצו מיטגעווירקט), און ס'איז אַוועק א שמועס אַן אָפּע־נער, אָן א סימען פון פאָרזיכטיקייט.

— דעם באַפעל זיך צו אָרגאַניזירן האָט אונדז געגעבן אונדזער באָלשעוויסטיש געוויסן, וואָס זאָגט אונדז: אין וואָס פאַר א לאַגע דאָס פאָלק זאָל זיך ניט געפינען — שטעל זיך אין זײַנע פאָדערשטע רייען, פיר אָן מיט זײַן קאַמף, ווײַז אַליין א בײַשפּיל פון מוט און געטרײַשאַפט. און נאָך: מיט גענויע 40 יאָר צוריק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער לעניניש ער פּרינציפּ, אַז א מיטגליד פון דער פּאַרטיי איז בלויז דער, וואָס געהערט צו אַן אָרטיקער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, פּילט אויס אַלע פּאַרטיי־היסטכײַוועסן אאַוו. דערפאַר פלעגן מיר שאַפן פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אפילע אין די פאַשיסטישע טפיסעס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן (סלאַוועק קוקט ווי פאַרכידעשט און בעט אונדז גענויער וועגן דעם דערציילן), דערפאַר האָבן מיר געשאַפן אַזא אָר־גאַניזאַציע אין דעם שווידערלעכסטן קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואָס הייסט געטאָ.

— נו, און אויב אין שטאָט איז פאַראַן אַזא אָרגאַניזאַציע, — פרעגט סלאַוועק, — און ס'איז פאַראַן א באַפולמעכטיקטער צענטער?

— וועלן זיי זיך דערוויסן וועגן אונדז בלויז דעמלט, ווען מיר וועלן זיך נעמען צו דער אַרבעט, און דאַן וועלן זיי אונדז נעמען אונטער זייער אָנפירונג און וועלן זאָגן: „איר האָט ריכטיק געהאַנדלט, כאַווײרים!"

ווײַטער: מיר ווילן אַרויספירן אונדזערע ברידער און שוועסטער פון געטאָ, מיר ווילן זיך אָנשליסן אין דעם אַלפאָלקישן קאַמף קעגן אונדזער אַלעמענס סוינע, מיר ווילן גיין אין די פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן, מיר ווילן העלפן דעם וווקס פון דער באַוועגונג פון פאָלקס־נעקאָמע־

נעמער. מיר האָבן גוטע מענטשן, מיר קענען באַקומען געווער, אונדז פעלט דערוויַיל אײנס — דעריקער — די הילף פון די וויַיסרוסישע פאָלקס-מאסן. קענט איר אונדז באַהילפיק זיַין?

— מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען. „זשענקע" וועט איַיך צו וויסן געבן.

ברידערלעך-האַרציק דריקנדיק די הענט, זיַינען מיר זיך פאַנאַנ-דערגעגאַנגען.

די צוריק צוגעשפּיליעטע געלע לאַטע האָט דאָס מאָל אויסגעזען נאָך מער כויזעקדיק ווי ווען-עס-איז. דר. קוליק און ליזע ריס, וועל-כע האָבן מיט די אויגן אונדז באַגלייט באַם אַרויסגאַנגווענען זיך פון געטאָ, האָבן מיט דערליַיכטערונג אָפּן האַרצן אונדז באַגעגנט, און זייערע בליקן האָבן געפרעגט: „נו, ווי האַלט עס?"

— ס'וועט זיַין גוט!..

## V. אין אײנהײַטלעכ־אָרגאַניזירטע קאַמפּס־רייען

...און געווען איז שלעכט, זייער שלעכט. עס זיַינען קוים צוויי וואָכן פאַרביַי נאָך דער גרויסער שכיטע דעם 7-טן נאָיאַבער, און ווידער איז אַ טייל געטאָ (טאָטערישע גאַס, די צווייטע העלפט זאַמ-קאָווע און אַנדערע גאַסן, ווו ס'וווינען טאַקע אויך פאַכ-אַרבעטער) אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די געסטאַפּאָ-באַנדיטן. ווידער האָבן די טויט-מאַשינעס גענומען קורסירן צווישן געטאָ און טוטשינקע. קראַנקע און אַלטע, וועלכע האָבן גיין ניט געקענט, האָט מען גליַיך אויפן אָרט דערשאָסן. אויפן ווײַסינקן, נאָרוואָס אַראָפּגעפאַלענעם שניי האָט אַנטקעגן דער זון קינדעריש בלוט געבלאַנקט, אויף זאַמקאָווע גאַס איז אַ מאַמע געפאַלן מיט אַ קינד אויף די הענט און מיט אַ קינד בא דער זיַיט. „שיסט, — האָט זי די ראָצכים געזאָגט, — קוילעט אָט דאָ אויפן אָרט, ניטאָ נאָך וואָס צו גיין..." און די ראָצכים האָבן געקוילעט.

נאָך פינף טויזנט ייִדן זיַינען אומגעקומען אין דעם טאָג פון 20-טן נאָיאַבער 1941, צווישן די פינף טויזנט — אונדזער אַלעמענס ליבלינג נאָטקע וויַינהויז, דער, וואָס האָט די געטאָ-מענטשן געשפּיַיזט מיט מוט, מיט גלויבן, אַז דער זיג איז ניט וויַיט, אַז מיר וועלן ביַיקומען די היטלער-באַנדיטן. אין די כאָרעווע דירעס פונעם צע-שטערטן קוואַרטאַל זיַינען פאַרפאַלן געוואָרן אונדזערע ראַדיאָ-אַפּאַ-ראַטן. אויף אַ מינוט זיַינען מיר ווי אָפּהענטיק געוואָרן. הייסט עס,

אז אונדזער ווילן, אונדזערע פּלענער קענען בלײַבן בלויז א טרוים, מיר וועלן אומקומען, איידער אונדז וועט זיך אײַנגעבן צו פאַרוואַנד-לען אין רעאַלקײַט דאָס, וואָס איז געוואָרן דער אינהאַלט פון אונ-דזער געטאָ-לעבן.

מיכל געבעליעוו מיינט, אז ס'איז ווירקלעך אזוי — קיין אויסוועג איז ניטאָ...

מאָטיע פּרוסלין — דער געוועזענער פאַרוואַלטער מיטן פּראָפּאַגאַנ-דע-אָפּטייל פונעם סטאַלינער רײַקאָם פון דער פּאַרטיי, וועלכן מיר האָבן אפ נאָטקעס אָרט ארײַנגעפירט אין אונדזער צענטער, איז געקומען פון א שטעטל הינטער מינסק — פון אוזדע. ער ווייסט צו דערציילן וועגן א יידישן יונגנמאַן, וואָס האָט בא דער גרוב זיך געוואָרפן אפ די מערדער, און אָנגעהויבן זיך מיט זיי דאַנגלען. די איבעריקע יידן האָבן אין דער טומלעניש געמאַכט פּלייטע און דער-ווײַל זיך געראַטעוועט. איז אויב אומקומען — טאָ זאָל זײַן אין קאַמף! לאָמיר זיך נעמען שאַפן א באַוואָפנטע זעלבשוץ!

מיר האָבן פאַרשטאַנען: אופהייבן כאָטש אין איין ווינקל פון געטאָ א באַוואָפנטן קאַמף, הייסט אומקום פון דער גאַנצער געטאָ. אונדזער שטרעבונג איז אָבער: ארויספירן מענטשן פון געטאָ, קעדיי צו לעבן, קעמפן און נעקאָמע נעמען. צי דאַרפן מיר שוין ווירקלעך טראַכטן וועגן א בעקאָוועדיקן טויט?!

א לאָזונג ווערט געוואָרפן אין געטאָ און ווערט לעבעדיק אונ-טערגעכאַפּט:

— באַוואָפנט זיך!

בא די גרענעצן פון געטאָ קומט פאָר א פיבערהאַפטער האַנדל. יידן האָבן שוין באַוויזן אונטערצוקויפן עטלעכע פּאָליציי-לײַט, און ס'זײַנען שוין פאַראַן ערטער, ווו די שטאָכ-דראָטן ווערן איבערגע-ריסן דאַן, ווען ס'איז נייטיק א זאַק קאַרטאָפל דורכשלעפּן, א ביסל מעל אָדער גרויפּן ארײַנוואַרפן. נאָך דער שכיטע פון דעם 20-טן נאָיא-בער ווערט א גוואַלדיקער נאָכפרעג אפ פיסטאָלעטן, גראַנאַטעס, קוילן — אפילע אפ ביקסן. מע צאָלט מיט זייגערלעך, מיט א גאָלד-מאַטבייע, מיט א קאָסטיום — מע פילט זיך זיכערער, ווײסנדיק, אז פאַר דער לעצטער מינוט איז צוגעגרייט עפּעס אזוינס, וואָס וועט געבן די מעגלעכקײַט כאָטש צו שטאַרבן מיט א געקילט האַרצ. דער מוליער מיכל רודינסקי זאַמלט צונויף ווו א גראָשן און קויפט פאַר 12 טויזנט רובל א ביקס. דער שנײַדער באום, וואָס אַרבעט אין דעם דײַטשישן פּאָליציי-וואַרשטאַט, טראָגט בא זיך שטענדיק א שער פון

גאָר אַ גרויסן פאַרנעם — דאָס וועט זײַן געווער, וועז מע וועט דאַרפֿן זיך באַגעגענען מיטן מערדער.

אין די דאָזיקע טעג, פֿולע מיט פּיבערדיקן זוכן אַן אויסוועג, אַ רעטונג פֿון דער קומענדיקער שכיטע, האָט „זשענקע" געבראַכט אונדז אַ צעטעלע: „אַף דעם אָרט, וואָס מ'וועט אײַך מיטדלען אָנווײַזן און מיטן פּאַראָל, וועלכן ס'וועט אײַך איבערגעגעבן, זאָל קומען אײַער אַ דעלעגירטער אַף אַ באַראַטונג".

אונטערגעשריבן: סלאַוועק.

מיר האָבן באַפּולמעכטיקט מיכל געבעליעוון גיין אַף דער דאָזי־קער באַראַטונג. זײַן אויסזען איז ניט קיין שטאַרק ייִדישער, וועט עס אים געבן אַ מעגלעכקײַט זיך באַוועגן אויסער דער געטאָ. כוץ דעם איז ער אַ פֿריִערדיקער מינסקער פּאַרטיי-טוער, וועט ער זיך גיכער אָריִענטירן, מיט וואָס פֿאַר אַן אוילעם ער האָט דאָרט צו טאָן. אַף יעדן פֿאַל גיבן מיר אים אונדזער דירעקטיוו: מע דאַרף גלײַך באַ־קומען הילף, קעדיי אַרויסצופֿירן אין דער ערשטער ריי די קאַמפּס־פּייִקע, די געוועזענע קאָמאַנדירן און שלאַכטלײַט פֿון דער רויטער אַרמיי, וועלכע געפֿינען זיך אין געטאָ.

פֿון דער באַראַטונג איז מישע געקומען אַ צעשטראַלטער. עס איז אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן זײַן געבראָכן געמיט, ער איז רירעוודיק גע־וואָרן. ער האָט אַף דער באַראַטונג געטראָפֿן אַ סאַך אַלטע באַקאַנטע כאַווייריִם, זיי פּאַרדינען פֿולן צוטרוי, זיי האָבן ווילן צו אַרבעט, די באַראַטונג האָט באַשלאָסן שאַפֿן אַן אומלעגאַלע שטאָטישע אָר־גאַניזאַציע, שאַפֿן אַ ברייטע נעץ פּאַרטיי-גרופּן („צענטלעך") אין דער גאַנצער שטאָט, אײַנשליסנדיק אויך די געטאָ, אויסטיילן אַן אָנפֿירנ־דיקן צענטער (אויב אין שטאָט עקזיסטירט שוין אַזאַ צענטער, וועט דער נײַ-געשאַפֿענער אָרגאַן הייסן „רעזערוו-קאָמיטעט"), אַרויסשיקן מענטשן, קעדיי אײַנצושטעלן אַ פֿאַרבינדונג מיט פּאַרטיזאַנישע אָט־ריאַדן, שאַפֿן אַן אומלעגאַלע רעדאַקציע און דרוקערײַ.

ס'איז אונדז אַלעמען פֿריידיק געוואָרן אַפֿן האַרצן. ענדלעך נעמט עס אַ סאָף צו אונדזער איזאָלירטקײַט! פֿון הײַנט אָן זײַנען מיר שוין ניט אויסגעשטעלט בלויז אַף זיך אַליין, מיר זײַנען אַן אָרגאַ־נישער גליד פֿון דער אַלגעמיינער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע! מיר טראָגן גלײַך אַריבער די דאָזיקע יעדיִע צווישן אונדזערע אָרגאַניזירטע כאַ־וויירים, און עס שטאַרקט זיך דער מוט און גלויבן. מיר טרעטן גלײַך צו צו אָרגאַניזירן „צענטלעך" (בעראָש פֿון די ערשטע דרײַ „צענטלעך" שטייען די מיטגלידער פֿון אונדזער אָרגאַניזיר-גרופּע).

אין איינעם א נאָכאבער-פרימאָרגן האָבן מיר א פארשטארקטע וואך אוועקגעשטעלט אין דער געגנט פונעם ייִדישן בעסוילעם. עט-לעכע כאווירים, מיט געלע אָרעם-בענדער אלס אָרדענונגס-וואך האָבן מיר באפולמעכטיקט צו היטן די גאנצע געגנט ארום. דורך די בא-צייטנס איבערגעשניטענע דראָטן איז אין געטאָ ארײַן „זשענקע" און נאָך אים, מיט געלע לאטעס אפן ברוסט און פלייצע—סלאוועק. אינעם צימער פון דר. קוליק קומט פאָר די ערשטע בעראטונג פונעם אָר-גאניזיר-צענטער פון דער געטאָ מיטן פאָרשטייער פונעם אלשטאָטישן קאָמיטעט כ' סלאוועק. מיר דערציילן וועגן דער לאגע אין געטאָ. מיר מוזן אָנמערקן אונדזוערע נאָענטסטע אופגאבן. מיר האָבן טײַנעס צו סלאוועקן: צײַט איז אונדז ווייניק געבליבן, מיר מוזן ראטעווען, וואָס עס לאָזט זיך נאָך. סלאוועק דערציילט אָבער וועגן קאָלאָסאלע שוועריקײַטן, ס'איז נאָך קיין שטענדיקע פארבינדונג מיט פארטיזאני-שע אָטריאַדן ניט פאראן. אין שטאָט זײַנען פאראן זייער א סאך מענטשן, וועלכע מוזן גלײַך אָפגעשיקט ווערן אין די פארטיזאנער-רייען. ס'ווערן געמאכט גרויסע באמיִונגען אין דער ריכטונג. די גע-טאָ וועט זיכער באקומען די מעגלעכקײַט ארויסצופירן די מאקסימאל מעגלעכע צאָל. סלאוועק וויל, אז די אָנפירער פון דער געטאָ-אָר-גאניזאציע זאָלן זיך באוואָרענען אין פאל פון היטלערישע אָנפאלן אף דער געטאָ. ער לייגט פאָר דירעס אינעם „רוסישן ראיאָן". מיר דער-קלערן און טײַנען: ס'האנדלט זיך קלאל ניט וועגן אונדז פערזענלעך. מיר ווילן גראָד ניט זײַן ווי די מײַז, וואָס ראטעווען זיך די ערש-טע, בייס די שיף טרינקט זיך. ס'גייט וועגן דער גאנצער געטאָ-באפעלקערונג.

מיר באשטימען קאָנקרעטע אונדזוערע נאָענטסטע אופגאבן: 1) אָפ-קלײַבן די אמערסטן קאמפס-גרייטע און מאָראליש שטאנדהאפטיקע און אונטער דער פערזענלעכער אכרײַעס פון די סעקרעטארן פון די „צענטלעך" זיי צוגרייטן צום אוועקגיין אין די פארטיזאנער-רייען; 2) ענערגיש זאמלען געווער, אמוניציע מיט אזא אויסרעכענונג, אז ניט ווייניקער ווי א העלפט פון די, וואָס וועלן אָפגעשיקט ווערן אין די אָטריאַדן, זאָלן זײַן באוואָפנט, לעכאָלאפאָכעס מיט פערזענ-לעכ געווער (פיסטאָלעטן); 3) שאפן א פאָנד פון מעדיקאמענטן און צוגרייטן מעדיצין-טוער, אין דער ערשטער ריי מיליטער-דאָקטוירים, אף אָפצושיקן אין די אָטריאַדן; 4) צוליב דער שוידערלעכער נויט אין געטאָ שאפן א פאָנד פון מאטעריעלער הילף אפן כעזשבן פון די, וואָס ארבעטן אף צוואנגס-ארבעט אלס פאך-ארבעטער.

מיר באהאנדלענ די פראגע וועגנ אונדזער באציִונג צומ ייִדנראט. דאָס איז אנ אָרגאנ, וואָס מיט גוואלד אָנגעוואָרפנ געוואָרנ דער ייִדישער באפעלקערונג אונ וואָס אינ זײַנ באשטאנד געפינענ זיכ אויכ מענטשנ, וועלכע זײַנענ אינ גרונט געטרײַע סאָוועטישע בירגער, אָביעקטיוו שפילט ער אָבער די ראָליע פונ א דורכפירער פונ אלע דײַטשישע רעפרעסיווע מיטלענ בענעגייע דער געטאָ-באפעלקערונג. מיר מוזנ דעריבער דעמאסקירנ דעמ ייִדנראט אלס פאָלקס-פײַנטלעכנ אָרגאנ, וואָס איז אײַנגעגלידערט אינ דער גאנצער אָקופאנטישער אונטערדריקונגס-סיסטעמ. סלאוועק באשטרײַט דעמ דאָזיקנ שטאנדפונקט, אונ עס בלײַבט, אז ס'איז נייטיק צו אָרגאניזירנ דעמ ערלעכנ סאָוועטישנ עלעמענט אינעמ ייִדנראט מיטנ ציל אָפצושוואכנ די דײַטשישע טעראָר-מיטלענ, באצײַטנס וואָרענענ וועגנ אלע געפארנ. פונ די קאָנטריבוציע-סומענ אונ פונ אלע דײַטשישע „באשטעלונגענ" אינ געטאָ (אזעלכע באשטעלונגענ קומענ אָנ טאָג-טעגלעכ אפ לעדערווארג, מאנופאקטור, פוטערווארג, זייפ אדגל.) מוז דער גרעסטער טייל איבערגעגעבנ ווערנ אינ רעשוס פונעמ שטאָט-קאָמיטעט פאר דער פארטיזאנישער באוועגונג.

מיר שמועסנ נאָכ מיט סלאוועקנ וועגנ א ריי אלגעמיינע פראגנ. מיר נעמענ אפ זיכ די אופגאבע צו שאפנ אנ אלשטאָטישע דרוקערײַ, מיר גייענ זיכ פאנאנדער מיטנ איינציקנ געדאנק: ס'איז געקומענ דער סאמע אנטשיידנסטער מאָמענט אינ אונדזער ארבעט — פראקטיש פארווירקלעכנ דאָס אלצ, וואָס דארפ ברייט עפענענ דעמ וועג דורכ די געטאָ-צוימענ אינ דער קאמפס-באוועגונג קעגנ אלגעמיינעמ אונטערדריקער.

די אופגאבע איז א שווערע. צי וועלנ מיר גענוג צײַט האָבנ זי צו לייזנ? דער באוווסטזײַנ אָבער, אז מיר זײַנענ ניט מער אליינ, אז צו הילפ אונדז שטייענ די ווײַסרוסישע כאוויירימ, גיט אונדז קויכעס אונ פארשטארקטנ ווילנ אויסצודויערנ אינ דעמ דאָזיקנ ניט גלײַכנ געראנגל.

## VI. פרײַנטשאפט

א ווערטל איז אינ יענע טעג געבוירנ געוואָרנ צווישנ דער מינסקער ווײַסרוסישער באפעלקערונג: „מיט אײַכ, ייִדנ, האָבנ זיי פאראָשטשינעט, אונ מיט אונדז, ווײַסרוסנ, וועלנ זיי פארקנעטנ". די געמיינזאמקײַט פונ גוירל, וואָס דערווארט די גאנצע סאָוועטישע באפעלקערונג מיצאד די היטלער-בעסטיעס, האָט זייער אָפט צעשטערט

די געטאָ-צוימען. די אויסראַטונג פון דער ווײַסרוסישער באַפעלקערונג האָט פון די ערשטע אָקופּאַציע-טעג אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון א גענוי פּלאַנירטער סיסטעם. צוזאַמען מיטן ערשטן דײַטשישן באַפעל וועגן „דערשיסן הונדערט זשידעס קאָמוניסטן" האָבן זיך אַף מינסקער גאַסן באַוויזן מעלדונגען וועגן דעם, אַז „צוליב דיווערסיע-אַקטן קעגן דײַטשישן מיליטער זײַנען דערשאָסן געוואָרן הונדערט מענער. אַף ווײַטער וועלן פאַר יעדן דיווערסיע-אַקט, אויב די שולדיקע וועלן ניט געכאַפּט ווערן, דערשאָסן ווערן פופציק מענער". אַזוי-ווי די שולדיקע פלעגן קיינמאָל ניט געכאַפּט ווערן, פלעגן איבער מינסקער גאַסן דויערן קעסיידערדיקע אָבלאַווע,' די מינסקער טפיסע איז שטענדיק איבערגעפולט געווען מיט ווײַסרוסן — שטאָטישע און דאָרפישע, און פון טפיסע האָט געפירט בלויז איין וועג — צו דער טליע, צום גרוב.

גרענעצלאָזן צאָרן האָט ארויסגערופן בא די ברייטסטע שיכטן פון דער מינסקער באַפעלקערונג די עקזעקוציע, וועלכע האָט זיך אָפגעשפּילט אין די ערשטע טעג פון אָקטיאַבער 1941. אַף אַלע שטאָטישע פּלעצער, אינעם סקווער אַף ענגעלס-גאַס, אַף דער קרייצונג פון די וועגן באָריסאָוו—לאָהאָיסק, אַף טשערוועניער באַזאַר און אין אַנדערע ערטער — זײַנען געווען אופגעשטעלט טליעס, און אַף זיי זײַנען געהאַנגען יונגע סאָוועטישע מענטשן — זאַלבעדריט אַף יעדן פּלאַץ — צוויי מענער און איין פרוי, און אַף זיי זײַנען געהאַנגען טאָוולען מיטן אויפשריפט: „מיר האָבן געקעמפט קעגן דער דײַטשישער מאַכט".

ניט געקוקט אַף דעם שוידערלעכ-ווילדן טעראָר און דער אויסראָטונג פון דער ווײַסרוסישער באַפעלקערונג, ווערט ניט איבערגעריסן דער לעבעדיקער פרײַנטשאַפט-פאָדעם צווישן יידן און ווײַסרוסן. ס'איז א טאָג-טעגלעכע דערשײַנונג, ווען פון די אַנטקעגנדיקע הויפן בא דער געטאָ (פון דער ווײַסרוסישער זײַט), שפּרינגען שנעל ארויס ווײַסרוסישע מענטשן, אויסנוצנדיק די מינוט, ווען די פּאָליציי-וואַכ איז אוועק אין א פאַרקערטער ריכטונג, און כאַפּן א שמועס מיט די יידישע באַקאַנטע פון דער צווייטער זײַט דראָט אָדער וואַרפן אַריבער א ביסל עסן.

בא די געטאָ-צוימען לעבן זעליאָני גאַס דרייט זיך שוין א האַלבן טאָג ארום הין און צוריק א פויער, און ווי ס'באַווײַזט זיך א ייד, בעט ער זיך מאַמעש מיט טרערן: „גייט דערוויסן זיך, וואָס הערט זיך מיט יאַנקל סלאָוטשעס מישפּאָכע, צי לעבן זיי". ווען ער דער-ווארט זיך ענדלעך אַף אַן ענטפער, אַז אַלע זײַנען אומגעקומען,

גייט ער ניט אָפּ פון אָרט, ער רופט פאַרבײַגייענדיקע ייִדענעס, קינ־דער: „אָט באַלד קום איך צו, וואַרט א מינוט", און באַלד איז ער צוריקגעקומען מיט א זאַק קאַרטאָפל, נאָכדעם מיט א זאַק קרויט און בורעקעס, און ער וואַרפט עס אַריבער איבער די צוימען: „עסט גע־זונטערהייט און שטאַרקט זיך. עפּשער וועלן מיר „אים" איבערלעבן"...

פון דער זײַט גרענעץ, וואָס בא שאָרנע־אַבוטקאָווע, פאַרפאָרט אָפּט צו די געטאָ־צוימען דער ווײַסרוס ניקאָלײַ ראָמאַנאָוויטש שטשאַסנ, פון ראַטאָמקע בא מינסק, ער האָט עסנוואַרג געבראַכט פאַר דער ראַ־טאָמקער דאָקטערן דאָרע אַלפּעראָוויטש, פאַר זײַנע באַקאַנטע ייִדישע פאַמיליעס פּליסקין, קאַצ, באָגדאַנאָוו. ער האָט נאָך עפּעס געבראַכט. דערצו אָבער מוז ער שוין אַליין דורכקריכן דורך די געטאָ־צוימען און דירעקט אין האַנט אָפּגעבן. ער האָט פאַר דער דאָקטערן דאָרע אַלפּעראָוויטש געבראַכט א פּיסטאָלעט. א צווייט מאָל איז ער געקו־מען, און צוזאַמען מיט א וואָגן עסנוואַרג האָט ער מיטגעבראַכט א יאַטעלע פון ראַטאָמקער קינדערהויז. 60 ייִדישע קינדער פון ראָ־טאָמקער קינדערהויז האָט ניקאָלײַ ראָמאַנאָוויטש געראַטעוועט. ער האָט זיך דערקליבן צו די דאָקומענטן אין קינדערהויז, און בא וועמענס נאָמען ס'איז געווען באַצייכנט „ייִד", האָט ער עס גרינטלעך אויסגעמעקט און פאַרשריבן: „א ווײַסרוס פון ניט באַוווּסטע עלטערן", אָבער דאָס דאָזיקע יאַטעלע, וואָס אַפּן פור בא אים, האָט ער שנעל געמוזט צונעמען פון קינדערהויז, דאָס יאַטעלע הייסט טשאַפּײַעוו — אַזוי רופן אים גרויס און קליין. האָבן עס די היטלעריסטן דער־שמעקט, און עס דראָעט אים טויט.

* * *

פאַר דעם געוועזענעם לערער פונעם קאָלווירט „קראַסני מאַיאַק" (מינסקער ראַיאָן) האָבן די היטלעריסטן א „זיכערן" פּלאַץ געפונען, ער זאָל מער קיין ווידקונג אָפּ זײַנע ווײַסרוסישע פּאָלקס־ברידער ניט האָבן — זיי האָבן אים פאַרשפּאַרט אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אָפּ שיראָקע גאַס. דאָס איז נאָך געווען אין יענע טעג, ווען דער אויס־וווּרף גאָראָדעצקי האָט געווילדעוועט איבער די געטאָ־געסלעך, געכאַפּט נאָכאַנאַנד צענדליקער ייִדן, קעדיי צו פאַרפּײַניקן אין די שיראָקער קאַזעמאַטן. דער געוועזענער לערער פונעם קאָלווירט „קראַסני מאַיאַק" איז אין לאַגער א שאָפער געוואָרן. ער איז אין שליכעס, דורך אום־וועגן, פאַרפאָרן אין געטאָ, איז אַרײַן צו מושקינען און דערציילט: טאָג נאָך טאָג ווערן ייִדן דערמאָרדעט אָפּ שיראָקע. צו די פּײַניקונ־

גענ איז גאָר קיינ סאָפ ניטאָ. מענטשנ פאלנ פונ גאָראָדעצקיס רע-ציכעס, פונ אויסשעפונג, פונ הונגער. ראטעוועט!

דער ווײַסרוסישער לערער האָט געזוענ די אָנמעכטיקײַט פונ דעם יידנראט אונ האָט אליינ גענומענ ראטעווענ. אפ „זײַנ" מאשינ פלעגט ער יידנ ארויספירנ פונ לאגער אונ הייסנ לויפנ — „אפ מײַנ אכרײַעס — גייט!"

— ווו איז ער איצט, מײַנ רעטער? — פרעגט דער פארטיזאנ פונעם בודיאָני-אָטריאד ליאָווע ביילינ.

די דירע פונ דער פרוי יאסינקאיא מאריא אדאמאָוונא אפ כער-סאָנ־גאס, ניט ווײַט פונ דער געסטאפּאָ, רופנ די יידנ „פיליאל פונ געטאָ". דאָרט זײַנענ טאָג אונ נאכט פאראנ יידנ. האָט דעמ קאָמוניסט יסראָעל האָלאנד, וועלכער האָט אלס צומ טויט פארמישפּעטער „יודענ-קאָמיסאר" זיכ געפונענ אינ קאָנצענטראציע-לאגער אפ שיראָקע גאס, זיכ אײַנגעגעבנ צו אנטלויפנ פונ דאָרט, — האָט ער זיכ אויסבאהאלטנ בא מאריא אדאמאָוונא. דארפ קלארע זשעלעזניאק, אונדזער פארבינד-לערנ פונ געטאָ, צושרײַבנ איר פאלשנ פאספּאָרט, — איז דער אדרעס בא מאריא אדאמאָוונא. אונ מיכל געבעליעוו, ווענ אימ קומט אויס צו בלײַבנ נעכטיקנ אינ שטאָט, — האלט ער זיכ אופ בא מאריא אדאמאָוונא.

אָט אזעלכע ווי מאריא אדאמאָוונא (שפּעטער איז זי צוזאמענ מיט א גרופּע יידנ אוועק אינ די פארטיזאנער-רייענ) זײַנענ געווענ א סאכ. פיל רוסישע אונ ווײַסרוסישע פרויענ האָבנ אפילע געווינט אינ געטאָ, געטראָגנ די געלע לאטע אונ אויסגעשטאנענ אלע צאָרעס, ניט װעלנדיק זיכ שיידנ מיט זייערע יידישע קרויווימ.

נאָכ דער נאכט פונעמ 21-טנ אפנ 22-טנ דעקאבער 1941 האָט די גוטפרײַנטשאפטלעכע באציִונג צווישנ יידנ אונ ווײַסרוסנ צײַטנ-ווײַז אָנגענומענ א דעמאָנסטראטיווע כאראקטער. אינ יענער שרעקלע-כער נאכט זײַנענ אפ דער מאָסקווער, סאָוועטישער אונ פושקינ-גאס, אפ א שעטעכ פונ 6 קילאָמעטער, געווענ אויסגעלייגט צענדליקער טויזנטער גופימ פונ דערשאָסענע סאָוועטישע קריגס-געפאנגענע. האלב-נאקעטע מענטשנ, וועלכע זײַנענ אינ דעקאבער-פראָסט געפירט גע-וואָרנ אפ אָפענע וואגאָנ-פלאטפאָרמעס, האָבנ די הונענ אויסגעלאָדנ אינ מינסק, אונ זיי געהייסנ גלײַכ ווײַטער גיינ אינ אָפענעמ פעלד, אפ כאָרעווע גאסנ, פונוואנענ אנ עסיקער ווינט האָט דאָס לעצטע וואָרעמקײַט ארויסגעטריבנ פונעמ גופ. ווענ די דאָזיקע האלב-פאר-פרוירענע מענטשנ-מאסע האָט זיכ ניט אזוי שנעל באוועגט, האָבנ די

ווילדע פאַשיסטישע וועכטער אָנגעהויבנ א שיסערײַ, וואָס האָט געדויערט א גאנצע נאכט, ביז טאָג.

מענטשנ האָבנ אפ צומאָרגנס זיכ פארמאכט אינ זייערע הײַזער, קעדיי ניט אָנצוקוקנ דעמ פארפרוירענעמ בלוט-טײַכ אונ די בערג פארפרוירענע אונ דערשאָסענע סאָוועטישע מענטשנ. די פויסטנ האָבנ זיכ געבײַלט, אונ ס'איז געוואקסנ דער צאָרנ קעגנ די מערדער. פונ דעמ דאָזיקנ צאָרנ אונ בא דעמ דאָזיקנ בלוט-טײַכ האָט זיכ נאָכ מער געקרעפטיקט די סאָוועטישע פעלקער-פרײַנטשאפט צווישנ די, וועמענס געמיינזאמקײַט פונ גורל אונ קאמפס-ציל האָט געפירט אפ איינ אונ דעמ זעלבנ וועג: צומ אומבעראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ דעמ פאַראסטנ היטלערישנ געזינדל.

אלע די, וועלכע זײַנענ אוועק פונ מינסקער געטאָ אינ וואלד צו פירנ דעמ באוואָפנטנ קאמפ, אונ אלע די, וועלכע זײַנענ סטאמ אוועק אינ ווײַסרוסישע דערפער אונ ישוּוּים, קעדיי צו ראטעווענ דאָס לעבנ, האָבנ עס געפילט אפ שריט אונ טריט: אָנ דער ברידערלעכער הילפ פונ דער ווײַסרוסישער בעפעלקערונג וואָלט קיינ איינ ייִד ניט געבליבנ לעבנ. אונ לעבנ זײַנענ געבליבנ טויזנטער.

## VII. די ערשטע פארטיזאנער פונ געטאָ

„פעדיע” איז ווידער געקומענ אינ געטאָ!

געקומענ איז ער מיט דער אופגאבע פונעמ פארטיזאנער-קאָמאנדיר קאפיטאנ ביסטראָוו צו נעמענ מענטשנ פונ געטאָ אינ פארטיזאנער-אָטריאד. אינ דער פינצטערער קעסל-אָפטיילונג פונעמ אינפעקציעשפיטאָל, ווו מיר באגעגענענ זיכ, איז ווי פלוצעמ ליכטיק געוואָרנ. ווי אפצולאָכעס דרייענ זיכ אָפטער ווי ווענ-עס-איז קראנקנ-שוועסטער אונ דאָקטוירימ קלוימערשט נאָכ הייס וואסער אָדער סטאמ זיכ אָנווארעמענ. מענטשנ האָבנ דערקענט: צומ קעסל-הייצער איז געקומענ א „וואלד-ברודער”. פונ קיינ פאָרזיכטיקײַט ווייסט „פעדיע” סטאמ ניט. אָט אזוי, אינ פארטיזאנישנ היילעכ, אינ פעלצל אונ רימענ, איז ער גלײַכ צו אונדז געקומענ. ער האָט, זאָגט ער, ניט ווײַט פונ געטאָ איבערגעלאָזנ זײַנ פערד. מיר הערנ זײַנ דערציילנ וועגנ פארטיזאנישנ קאמפ, וועגנ פארטיזאנישנ שטייגער, וועגנ דערפער, ווו ס'עקזיסטירט פולשטענדיקע סאָוועטנמאכט, אונ ס'דוכט זיכ, די אויסלייזונג איז אזוי נאָענט! איז ווי נעמט מענ עס אלעמענ אונ מע פירט זיי ארויס פונ געטאָ אהינ, ווו ס'געוועלטיקנ די געזעצנ פונ אונדזער לײַבלעכער סאָוועטנמאכט!

מיר הערנ אויכ וועגנ שוועריקײַטנ — מ׳איז קעסיידער אינ באוועגונג. געווער, אמוניציע איז ווייניק נאָכ פאראנ. גארניזאָנענ פונעמ סוינע זײַנענ ארומ אונ ארומ. מ׳מוז זײַנ זייער שטאנדהאפטיק, ווײַל די שוועריקײַטנ זײַנענ גרויס. דער אויספיר: שיקנ אינ אָטריאד מוז מענ בלויז די אמערסטנ ווידערשטאנד-פייִקע, מיליטעריש-געשולטע אונ אידייִש-פעסטע.

ס׳איז שוינ גרייט א גרופע אפ אָפצוגיינ אינ אָטריאד. דאָס זײַנענ אונדזערע ערשטע שלוכים. כאָטש ניט גרויס איז די צאָל, איז דאָס שוינ אָבער אנ אָנהייב א זיכערער.

פאָרויס, אפ צוצוגרייטנ אלצ, וואָס איז נייטיק, קעדיי אופצונעמענ א גרעסערע גרופע פונ געטאָ, איז ארויסגעשיקט געוואָרנ דער אָנטיילנעמער אינ אונדזער ערשטער באראטונג דער כ׳ באָריס כאימאָוויטש. אליינ אנ ארבעטער, האָט דער כ׳ כאימאָוויטש באקומענ א גרינטלעכע אידייִש-פּאָליטישע אונ מיליטערישע דערציִונג אינ די רייענ פונ דער רויטער ארמיי, ווו ער האָט זעקס יאָר געדינט. נאָכנ דעמאָביליזירנ אימ, טרויט אָנ די פארטיי דעמ כ׳ כאימאָוויטש די פאראנטוואָרטלעכע ארבעט פונ א דירעקטאָר פונ א גרויסער טעקסטיל-פאבריק. א מענטש א ווייניק-ריידעוודיקער, אנ אנטשלאָסענער, האָט ער זיכ גלײַכ פארבונדנ מיט די רוסישע כאווײרימ איוואנ קודריאַקאָוו אונ וולאדימיר שולקאָוו, וועלכע האָבנ צוגעזאָגט העלפנ באקומענ געווער. באצײַטנס זײַנענ צוגעקליבנ געוואָרנ נאָכ פינפ כאווײרימ — דער אָנטיילנעמער פונ אונדזער באראטונג שיִע שניטמאנ, דער קאָמוניסט גינזבורג, דער קאָמיוגיסט רודיצער, די ככ׳ אבראשע אונ רעלקינ. אינ געטאָ גופע האָבנ אונדזערע כאווײרימ זיכ אײַנגעשאפנ צוויי וועגענער מיט פערד, צוגעמאכט צו די וועגענער צווייענדיקע דעקנ אפ צו באהאלטנ דאָס געווער, אונ פיר אזייגער פארטאָג זײַנענ זיי ארויס פונ געטאָ דורכ אנ אָרט, וואָס איז פונ פאָרויס געווענ צוגעגרייט. קומענדיק צו קאלוואריע, האָבנ זיי שוינ דאָרט געטראָפנ דעמ כ׳ קודריאקאָוו, וועלכער האָט זיי אָנגעוויזנ דאָס אָרט, פונוואנענ מע דארפ נעמענ ארויסגראָבנ דאָס געווער. ניט געקוקט דערויף, וואָס א מעטער פופציק פונ דעמ דאָזיקנ אָרט האָבנ קעסיידער קורסירט דײַטשישע אווטאָמאשינעס, האָבנ די כאווײרימ ענערגיש זיכ גענומענ צו דער ארבעט. זיי האָבנ אויסגעגראָבנ דרײַצנ ביקסנ אונ 4.000 קוילנ. אלצ אָנגעלאָדנ אונ פארפאקט אינ די וועגענער, האָבנ זיי פונ זיכ אראָפגעריסנ די געלע לאטעס, אונ מאמעש דורכנ צענטער שטאָט זײַנענ זיי אוועק אינ דער ריכטונג צומ באב-



די ערשטע פארטיזאנער פונ מינסקער געטאָ פונ רעכטס אפ לינקס (ערשטע ריי): א. רעלקינ, פ. שעדלעצקי, צווייטע ריי: ג. גאָרדאָנ, ב. כאימאָוויטש.

ראָוויטשער וואַלד אינ רודינסקער ראַיאָנ (א קילאָמעטער 30 פונ
מינסק). געקומענ אינ דעם דאָזיקנ וואַלד, האָבנ זיי קיינ מינסק גלײַכ
אָפּגעשיקט איינעם פונ דער גרופּע, וועלכער האָט געהאַט א פּאַס-
פּאָרט פונ א ווײַסרוס, קעדיי צו ברענגענ נאָכ מענטשנ. די געבלי-
בענע אינ וואַלד האָבנ גענומענ גראָבנ אנ ערד-הייל. פונ געטאָ האָט
מענ מיט זיכ געבראַכט גראָבײַזנס, העק, זעגנ, אונ די אַרבעט איז
אָוועק שפּאָרעוודיק — פּאַר איינ טאָג איז די הייל, א גוט פּאַרמאַס-
קירטע, פּאַרטיק געוואָרנ. ביז פונ געטאָ איז אָנגעקומענ א נײַע גרופּע,
האָבנ די כאַווײרים באַוויזנ גוט אויסצורייניקנ דאָס געווער אונ זײַנ
אינ פולער קאַמפּס-גרייטקײַט. צו דער באַשטימטער צײַט איז פונ געטאָ
אָנגעקומענ די צווייטע גרופּע פונ צוואַנציק מאַנ. געווענ איז דאָרט
דער עלטערער לייטענאַנט לעאָניד אָקונ, דער מיטגליד פונ אונדזער
אָרגאַניזאַציע גרישע גאָרדאָנ, דער 50-יאָריקער יאַקאָוו פּעסינ, סעניע
אַוורוקינ, יאַשקע אונ נאַום רודיצער. געפירט האָט די דאָזיקע גרופּע
„פּעדיע", וועלכער האָט גלײַכ זיכ פאַרבונדנ מיט זײַנ אָטריאַד. ווענ
די געטאָ-גרופּע איז אָנגעקומענ אינעם פּאַרטיזאַנער-לאַגער פונעם
קאַפּיטאַנ ביסטראָוו (אינ קאָלאָדינער וואַלד), איז זי אפּ א האַרציק-ברי-
דערלעכנ אויפנ אופגענומענ געוואָרנ דורכ די קאָמאַנדירנ אונ פּאַר-
טיזאַנער. דער קאַפּיטאַנ ביסטראָוו פּאַראָרדנט ספּעציעל קוילענענ א
קו, קעדיי מעכאַבעד זײַנ די יידישע כאַווײרים, אונ שוינ פונ דער
ערשטער מינוט הערשט אנ אַטמאָספער פונ עכטער סאָוועטישער
פרײַנטשאַפט. מיט גוואַלדיקנ מיטגעפיל הערנ אויס די פּאַרטיזאַנער
וועגנ דער שוידערלעכער לאַגע אינ געטאָ. דער קאָמאַנדיר פונ אָט-
ריאַד שיקט גלײַכ אָוועק א שאָליעכ אינ געטאָ, ער זאָל ווידער
ברענגענ מענטשנ. „אַלציינס — זאָגט דער קאַפּיטאַנ, — מענער צי פרויענ,
אַלע, וואָס ווילנ אונ קענענ פירנ דעם קאַמפּ קעגנ בלוטיקנ סוינע,
דאַרפנ זײַנ אינ די פּאַרטיזאַנער-רייענ". אינגיכנ קומט אָנ אנ אווטאָ-
מאַשינ גלײַכ פונ געטאָ. צוזאַמענ מיט א גרופּע רוסישע כאַווײרים
איז געקומענ די ערשטע פרויענ-גרופּע פונ געטאָ — צווישנ זיי די
כ-טעס אַניע בראָנשטיינ, דינע ביינינסאָנ, טאַניע בערמאַנ, כאַנע רו-
בינטשיק, נאַדיע רודיצער אונ אַנדערע. דער קאַפּיטאַנ ביסטראָוו גיט
אַרויס דעם באַפעל: פונ די געקומענע פונ געטאָ שאַפנ א ספּעציעלנ
קוילנוואַרפער-אָפּטייל. דאָס איז געווענ דער ערשטער קוילנוואַרפער-
אָפּטייל אינ דעם פּאַרטיזאַנישנ אָטריאַד, וואָס איז שפּעטער באַרימט
געוואָרנ אינ ווײַסרוסלאַנד מיט זײַנ קאַמפּס-טעטיקײַט אַלס פּאַרטיזא-
נער-פּאָלק אפנ נאָמענ פונעם כאַווער סטאַלינ (זײַנ קאָמיסאַר איז אינ-

קורצן געוואָרן דער מיטשעפער פון דער פּארטיזאנער-באוועגונג אין ווײַסרוסלאנד דער העלד פון סאָוועטנפארבאנד ניקאָלײַ פּראָקאָפּיעוויטש פּאָקראָווסקי).

די ערשטע קאמפּס-גרוסן, וואָס מיר דערהאלטן דורך „פעדיען״, וועלכער קומט אָפט מיט פארשיידענע אופגאבן קיין מינסק, רופן ארויס בא אונדז שטאָלץ. מיר זײַנען גליקלעך, וואָס אונדזערע כאַ-וויירים פון געטאָ באווײַזן דרייסטקײַט און געוואגטקײַט אין קאמף און גרויסע איבערגעגעבנקײַט באַם קרעפטיקן די רייען פונעם פּארטיזאנישן אָטריאד. א העלפט קאָמוניסטן פון דער פּארטיי-אָרגאניזאציע פון אָט-ריאד זײַנען פון געטאָ. ב. כאַימאָוויטש איז גלײַך פון די ערשטע טעג איינער פון די אָנפירער פון דער דאָזיקער פּארטיי-אָרגאניזאציע.

מיר פארבינדן „פעדיען״ אויך מיט די ווײַסרוסישע כאווירים, און זיי שיקן אין דעם דאָזיקן אָטריאד גרופּעס מינסקער ארבעטער. די פארבינדונג דויערט ביז דעם מאָמענט, ווען דער אָטריאד, א שטארק אויסגעוואקסענער און א בארײַכערטער מיט קאמפּס-דערפא-רונג, גייט אריבער פון מינסקער געגנט אין מאָהיליעווער.

אין דער דאָזיקער צײַט ווערט געמאכט נאָך איין גרעסערער פּרווו אײַנצושטעלן א פארבינדונג מיט א גרעסערן פּארטיזאנער-אָטריאד, וואָס האָט געזאָלט, לויט געגעניע ידיִעס, געפינען זיך אין די רודענס-קער וועלדער. דער געוועזענער סעקרעטאר פונעם רודענסקער רײַ-קאָם פון קאָמיוג כ׳ יִסראָעל לאפּידוס, וועלכער האָט גוט געקענט די געגנט, נעמט צונויף א גוט דיסציפּלינירטע גרופּע כאווירים — צווישן זיי ליאָניע גורעוויטש (פון דער קאהאנאָוויטש-פאבריק), שימען לאפּידוס — א בעקער, אוראָם האנטמאן — א לעדער-ארבעטער, ראכ-מיִעל דאָווידסאָן — א שאָפער, מאשע לאפּידוס — א שנײַדערן אא.—און לאָזט זיך אין וועג. די כאווירים זײַנען אָבער געקומען צוויי טאָג נאָך דעם, ווי אין דער געגנט איז פאָרגעקומען א גרויסע שלאכט צווישן פּארטיזאנער און היטלערישע שטראָף-באטאליאָנען. דער פּאר-טיזאנישער אָטריאד איז אוועק אין א צווייטן וואלד. ניט געפונען קיין פארבינדונג, האָבן די כאווירים זיך אומגעקערט צוריק אין געטאָ און האָבן זיך גענומען גרייטן צום קומענדיקן, שוין מער געלונגענעם גיין אין וואלד.

## VIII. און ס׳איז אוועק אן אָנגעשטרענגטע ארבעט

די ערשטע מאמאָשעסדיקע רעזולטאטן פון אונדזער ארבעט רופן ארויס א פארשטארקטע אקטיווקײַט סײַ מיצאד די שוין אָרגאניזירטע

כאווײַרים, סײַ מיצד די, וועלכע, דערוויסנדיק זיך וועגן דער אר־בעט פונעם אומלעגאַלן צענטער אין געטאָ, האָבן געזוכט אַ פאַר־בינדונג מיט אים.

אין געטאָ קומט טאָג־טעגלעך אַ פאַרבינדלער פון שטאָט, אַ רו־סישער כאַווער, וועלכער טרעפט זיך סײַ מיטן אומלעגאַלן צענטער סײַ מיט די אָנפאַרטרויטע מענטשן פונעם יודנראַט. דער דאָזיקער פאַרבינדלער באַקומט פון געטאָ גרויסע פּאַרטיעס וואַרעמע קליידער, שוכוואַרג, מעדיקאַמענטן, זייף, אָפט אויך גרויסע סומען געלט און ווערטזאַכן, וועלכע קומען אָן אין רעשוס פון שטאָט־קאָמיטעט און ווערן נאָכדעם איבערגעשיקט אין די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן. דורך דעם דאָזיקן פאַרבינדלער באַקומען מיר אויך די דירעקטיוו: פאַראייניקן אַלע גרופּעס קאָמוניסטן, וועלכע עקזיסטירן זעלבשטענדיק אין געטאָ, אונטער אונדזער אָנפירונג. מיר באַגעגענען זיך מיטן כ' נאָום פעלד־מאַן, קאָנטראָלירן דורך דעם באַשטאַנד פון זײַן גרופּע און באַשליסן זי אָרגאַניזירן לויט דער „צענטלעכ"־סיסטעם. כוץ די פריִערדיקע דרײַ „צענטלעכ" קומען צו נײַע, און יעדעס פון זיי קומט מיט געוויסע דערגרייכונגען אין דער אַרבעט, מיט אַ באַשטימטער צאָל אָפּגעשיקטע אין די פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן, מיט צונויפגעזאַמלט געווער און מעדי־קאַמענטן. שוין אין די ערשטע כאָדאָשים פון 1942 געפינען זיך אינעם באַשטאַנד פון אונדזער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ 12 אײנסן — אָרגאַניזירטע „צענטלעכ".

די סעקרעטאַרן פון די דאָזיקע צענטלעכ זײַנען די כאַווײַרים: יעפים סטאָליאַרעוויטש, מיכל געבעליעוו, מאָטיע פּרוסלין (נאָך זײַן אַוועקגיין אין פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד פאַרבײַט אים די כ־טע ראָזע ליפּסקי), נאָום פעלדמאַן, לענע מײַזעליס (נאָך איר אַוועקגיין אין אָטריאַד פאַרבײַט זי די כ־טע נאַדיע שוסער), זיאַמע אָקון, מיר־קין, ליאָווע גודעוויטש, מישע קאַגאַן (נאָך זײַן אַוועקגיין אין אָטריאַד פאַרבײַט אים דער כ' כאָנאָן גוסינאָוו), נאָום ברוסטין, אַווראָם שליאַכ־טאָוויטש, יויעל ראָלבין.

מיר באַפּוילן אונדזערע כאַווײַרים פון געטאָ אויסנוצן די ברייטע באַקאַנטשאַפט צווישן די קאָמוניסטן ווײַסרוסן און מיטהעלפן אויס־בויען די אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. די כב' מישע געבעליעוו און אַסיע פּרוסלין שאַפן „צענטלעכ" פון ווײַסרוסישע קאָמוניסטן און העלפן דעם שטאָט־קאָמיטעט דירעקט מיט זיי אָנפירן.

אונדזער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ האָט צו יענער צײַט, צוזאַמען מיט די קאָמיוגישע גרופּעס און מיט דער נאָענטסטער פּעריפעריע פון

אומפאַרטייִשע, געציילט בא 300 מאַן קאַמפּ-גרייטע, איבערגעגעבענע און אומדערשראָקענע כאַווייריִם, וועלכע פלעגן יעדע אונדזער דירעקטיוו איבערגעבן די ברייטסטע געטאָ-מאַסן.



מאָטיע פּרוסלין
מיטגליד פונעם אומלעגאַלן קאַמפּ-צענטער אין מינסקער געטאָ. אומגעקומען; געוואָרן דורך די היטלער-מערדער אין אַפּריל 1942 יאָר.

דער אָנפירנדיקער קערן פון דער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ טיילט איין צווישן זיך די אַרבעט לויט די באַזונדערע געביטן. מיכל געבעליעוו פאַרנעמט זיך דעריקער מיט פאַרבינדונג אויסער דער געטאָ; מאָטיע פּרוסלין אָרגאַניזירט די פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט; יעפים סטאָליאַרעוויטש פירט אָן מיט די „צענטלעך" און מיט אָפּשיקן אין די פּאַרטיזאַנער-אָטריאַדן; נאָום פעלדמאַן האָט צו טאָן מיט דער אָרגאַניזאַציע פון מאַטעריעלער הילף פאַר די, וואָס גייען אַוועק אין די אָטריאַדן, און פאַר די באַזונדערס נויטלײַדנדיקע אין געטאָ; זיאַמע אָקון — מיט דער אָרגאַניזאַציע פון אַן אונטערערדישער דרוקערײַ.

אין די באַזונדערס שווערע געטאָ-באַדינגונגען איז דער דערפאָלג פון דער אַרבעט, דאָס אײַנהייטן די אָנפירנדיקע קאַדרען און אויסהיטן פון דורכפאַלן אָפּהענגיק דעריקער פון אַ גוט אָרגאַניזירטער פאַרבינדונגס-נעץ. צו דעם צוועק שאַפן מיר אַ ספּעציעלע פּרוּוען-גרופּע.

אַלע פעדעם פון דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע געפינען זיך אין די הענט פון דער כ-טע עמע ראַדאָווע. די דאָזיקע צוואַנציק-יאָריקע כאַווערטע, וואָס ביז דער מילכאָמע האָט זי קוים אַן אַנונג געהאַט, וואָס הייסט אונטערערדישע אַרבעט, האָט אַרויסגעוויזן טאַלאַנט און פעיִקייטן פון אַ געבוירענער קאָנספּיראַטאָרן. זי איז געווען אַ שוואַגערין פון דעם מין, וואָס קענען ריידן און ענטפערן בלויז וועגן דעם

סאמע נײטװענדיקסטע און אפֿן סאמע קאַרגסטן אופֿן. זי האָט פֿאַרשטאנען די שפּראך בלויז פֿון באפֿעל און פֿון קורצן ראפּאָרט, װי אזוי דער באפֿעל איז אויסגעפֿילט געװאָרן. איבערפֿרעגן עמען א צװײט מאָל, צי זי האָט פֿארשטאנען, װאָס איר װערט באפֿוילן, איז מאמעש געװען א באלײדיקונג פֿאר איר, זי פֿלעגט א בײזן בליק שיקן פֿון אירע טיף-שװארצע אויגן און אװעקגײן אָפּטמאָל אָן א גוטן-טאָג. באשײדן ביז גאָר, פֿלעגט עמע אָפּװארפֿן יעדן פֿאָרשלאָג װעגן מאַטעריעלער הילף, כאָטש מיר האָבן גוט געװוּסט, אז עמע הונגערט, אז גאנצע טעג קומט זי אָפּ מיט א ביסל בולבע-שאָלעכץ.

נינע ליס האָט ביכלאל ניט געװוּסט, װאָס איז אזוינס קאָנספּיראַציע. א שלאל ענערגיע האָט געברױזט פֿון דער דאָזיקער יונגער פֿרוי מיט די הימל-בלויע אויגן. פֿלעגט זי זיך נעמען עפּעס טאָן, פֿלעגט באלד ארום איר װערן אזוי טומלדיק, אז „אָן איר שולד" פֿלעגט אַלעמען אלץ װערן באװוּסט. אויך נינע האָט פֿון קײן שרעק ניט געװוּסט, כאָטש זאָרגן האָט זי געדארפֿט פֿאר אן אלטער מוטער, װאָס איז אין די ערשטע שרעקלעכע געטאָ-נעכט געװאָרן אן אינװאליד פֿון א באנדיטישער קויל, און פֿאר א 5-יאָריק טעכטערל. נינען פֿלעגן מיר געבן ארבעט אויסער דער געטאָ, צײַטנװײַז אויסער דער שטאָט. מיר האָבן זי, פּונקט װי אלע אונדזערע כאװערטעס פֿארבינדלערנס, באזאָרגט מיט א פֿאלשן פּאס אלס װײַסרוסן, און דאָס האָט נינען, בא איר אויסזען אלס טיפּישע דאָרפֿישע פֿרוי, געגעבן די מעגלעכקײַט זיך צו באװעגן אויסער דער געטאָ.

אונדזער „דיפּלאָמאטישער קוריער" איז געװען די רוּיִק-זאכלעכע כ-טע כאסיע בינדלער. אירע פֿונקציעס זײַנען געװען האלטן פֿארבינדונג מיט די טוער פֿונעם יִידנראט, פֿון דער יִידישער אָרדענונגס-װאך, פֿון די געטאָ-װארשטאטן אדגל.

די „דיקע קלארע" (איר פֿאמיליע איז דעם אװטאָר אומבאקאנט) פֿלעגט זיך פֿארנעמען דעריקער מיט װירטשאפֿטלעכע פֿראגן. אָפֿט פֿלעגט איר אויסקומען אריבערצוטראָגן פֿארשײדענע „טרײפֿע" זאכן (װײַסע מאסקיר-כאלאטן, הענטשקעס מיט צװײ פֿינגער צום שיסן אין װינטער-באדינגונגען, קוילן אדגל.), פֿלעגט זי נאָך װערן דיקער, װי זי איז געװען.

א ספּעציעלע פֿרויען-גרופּע איז געװען דירעקט געגעבן דעם כ' מיכל געבעליעװ אפּ צו האלטן די פֿארבינדונג אין „רוסישן ראיאָן". צו דער דאָזיקער גרופּע האָבן געהערט די װוּנדערבאר-דרײסטע „כ-טע אניע" (די פֿאמיליע איז דעם אװטאָר אומבאװוּסט), די כ-טע

קלאַרע זשעלעזניאַק-גאָרעליק, די כ-טע בערטע ליבאָ און די כ-טע סלאַווע געבעליעוו. פונ די דאָזיקע פרויענ האָבנ זיכ געפאָדערט באַזונדערע מאַסקיר-פייִקײַטנ, ווײַל אָפט פלעגט זיי אויסקומענ צו עטלעכע מאָל אינ טאָג זיכ דורכשלײַכנ דורכ די געטאָ-צוימענ און אָפט זיכ טרעפנ אויג אפ אויג מיט די פאָליצייִשע אויסשפירער.

באַ אַזאַ סיסטעם פונ פאַרבינדונג איז אונדז אַ צײַט-לאַנג געלונגענ אינ דער שוידערלעכער ענגער געטאָ, באַ דעם אומופהערלעכנ טעראָר, זיכ טיפ פאַרקאָנספירירנ און סיסטעמאַטיש פירנ אונדזער אַרבעט.

אַלע אונדזערע „צענטלעכ" פאַרנעמענ זיכ ענערגיש מיט אָפקלײַבנ מענטשנ אפ אָפצושיקנ אינ די פאַרטיזאַנער-אָטריאַדנ. יעדער סעקרעטאַר מערקט אָנ די רײ פונ די אָרגאַניזירטע כאַווײרים, ווענ זיי וועלנ דאַרפנ אַרויס פונ געטאָ. יעדע וואָכ ווערט קאָנטראָלירט, וואָס האָבנ די „צענטלעכ" באַוויזנ פאַר דער צײַט אָנצוזאַמלענ פונ געווער און מעדיקאַמענטנ.

דער כ' מירקינ אָרדנט אײַנ עטלעכע כאַווײרים פונ זײַנ „צענטל" אפ אַרבעט אינ אַ דײַטשישנ אַנשטאַלט, פונוואַנענ זיי ברענגענ טאָג-אײַנ טאָג-אויס פולע קעשענעס מיט ביקסנ-קוילנ. דאָס „צענטל" פונעמ כ' קאַגאַנ איז פולשטענדיק באַוואָפנט, דעריקער מיט פערזענלעכ געווער (פיסטאָלעטנ, נאַגאַנענ אַדגל.). נאָומ ברוסטינס מענטשנ פאַרמאָגנ שוינ באַ אָנדערהאַלבנ צענדליק גראַנאַטעס (גרויס איניציאַטיוו ווײַזט דאָ אַרויס דער יונגער זשורנאַליסט כ' יאָטעפ מינדעל, וועלכער האָט אַ ספעציעלנ „אַרסענאַל" געשאַפנ אינ געגנט פונ ייִדישנ בעסוילעמ). ס'וואַקסט דער געווער-פאָנד פונעמ כ' נ. פעלדמאַנס „צענטל". פונעמ דײַטשישנ לאַגער אינ קראַסני אוראָטשישטשע טראָגנ אַרויס די כאַווײרימ פונ זײַנ „צענטל" געווער, וואָס זיי קויפנ דאָרט אײַנ באַ די היטלעריסטנ, און ברענגענ עס אינעמ גוט פאַרקאָנספירירטנ לאַגער אפ רעפובליקאַנער-גאַס, די ככ' פונ ראָלבינס „צענטל" האָבנ אינ געטאָ גופע, אפ זעליאָנע-גאַס, אויסגעגראָבנ זעקס ביקסנ און עטלעכע הונדערט קוילנ, כוץ דעם האָבנ זיי באַקומענ אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט אַ גרופע ווײַסרוסישע כאַווײרימ אפ פערעספע, און טאָג-טעגלעכ גייט אַהינ די פאַרבינדלערנ פונ דעם דאָזיקנ „צענטל" די כ-טע ליליע קאָפעליעוויטש, באַרײַכערנדיק אונדזער געווער-פאַרמעגנ.

אויכ אונדזער יוגנט ווײַזט אַרויס גרויס איניציאַטיוו באַמ אײַנשאַפנ זיכ געווער. די קאָמיוגישע גרופע, מיט וועלכער ס'פירט אָנ

דער כ׳ וואליק זשיטלזייס, האָט באוויזן אויסצוגראָבן אויסער דער געטאָ בא דרײַסיק ביקסן און א גרויסע צאָל קוילן. די גרופּע, מיט וועלכער ס׳פירט אָן דער קאָמיוניסט באַנקע מארקעוויטש (צו וועלכער ס׳געהערן די יוגנטלעכע סאניע קאפּלינסקי, שאָלעמקע גרינהויז, יאשקע לאפּידוס אא.), איז ארויס פון געטאָ, און מיט דער הילף פון זייערע ווײַסרוסישע שול-כאווירים וויטקע רודאָוויטש און קאָלקע פּרישטשעפּ-טשיק האָבן זיי אין דער געגנט פון מאָהיליעווער שאָסיי אויסגע-גראָבן 540 קוילן, א לענטע צו א קוילנוואַרפער, 12 ביקסן-שלעסער, 2 גראנאטעס אא.

כוץ דער דאָזיקער אָרגאניזירטער געווער-פארגרייטונג פירן און-דזערע כאווירים די ברייטסטע אגיטאציע צווישן דער געטאָ-באפעלקע-רונג זיך אײַנצושאפן געווער אף די פארשיידנסטע אויפאנים. פונעם געווער-לאגער פון דער דײַטשישער פּאָליציי שלעפּט ארויס דער שנײַדער אוראָם געלמאן א שפּאָגל-נײַעם אווטאָמאט (באקומען אזא אווטאָמאט איז צו יענער צײַט דער טרוים פון יעדן פּארטיזאנער). די צוויי יונגע ארבעטער שיע (די פאמיליע — אומבאקאנט, שפּעטער אומ-געקומען מיט א העלדן-טויט אלס פּארטיזאן אין א שלאכט קעגן די היטלעריסטן) און לייבל שאפּראן האָבן אפּ א טאָרף-זאוואָד אונטער מינסק דערטאפּט א קוילנוואַרפער. טיילנווײַז האָבן זיי אים געבראכט און באשטאט אין געטאָ. אונדזער רוף צום אײַנשאפן זיך געווער באקומט דעם ברייטסטן אָפּקלאנג אין געטאָ און הייבט אָן געבן באדײַטנדיקע רעזולטאטן.

אויך אונדזער רוף צו זאמלען מעדיקאמענטן ווערט אונטערגע-האלטן דורך אלע אונדזערע גרופּעס און דורך גרויסע שיכטן געטאָ-באפעלקערונג. ס׳רופן זיך אָפּ פריַער פאר אלץ די מעדיקער, די דאָקטוירים קוליק, מינקין, זיבציקער, אלפּעראָוויטש, קערזאָן, ליפּשיץ, א סאך קראנקן-שוועסטער, סאניטארן און אפּטייק-טוער — די כּכ׳ כיניוק, ציליע קלעבאנאָוו, כאיוטין אא. זאמלען דאָס סאמע נייטיקע אין קאמפּס-באדינגונגען: באנדאזשן, פארשיידענע זאלבן אדגל. יעדעס „צענטל״ באזונדער שאפּט א מעדיקאמענטן-פאָנד סײַ דורך צושלעפּן בא די היטלעריסטן סײַ דורך זאמלען צווישן דער באפעלקערונג. דער כ׳ אוראָם שליאכטאָוויטש פארבינדט זיך מיט א צוואנגס-מאָבי-ליזירטן פּאָליאק, וועלכער שיקט אונדז איבער גאנצע פּעקלעך מיט די סאמע ווערטפולע מעדיקאמענטן אלס אויסדרוק פון זײַן סימפּא-טיע צו אונדז, צו דער פּארטיזאנער-באוועגונג. בא דער כ-טע צעסיע מאדייסקער זאמלט זיך אָן גאָר א היפּשער סקלאד פון מעדיקאמענטן,

וועלכע מיר טיילנ אײַנ בא יעדער געלעגנהײַט צווישנ די גרופּעס, וואָס מיר שיקנ איבער אינ די אָטריאדנ.

צו יענער צײַט אָרגאניזירנ מיר אויכ א ברייטע ארבעט צומ פאופארטיקנ קליידונג סײַ פאר אונדזערע כאווײרימ, וועלכע ווערנ אָפּגעשיקט אינ די פארטיזאנער-רייענ, סײַ דירעקט פאר די אָטריאדנ גופא. אינ געטאָ, באמ יידנראט, עקזיסטירנ ווארשטאטנ, וועלכע ארבעטנ אויס, לויט דעמ באפעל פונ דער היטלערישער מאכט, שוכווארג, קליידונג, וועש, ווארעמע היטלענ. ס'איז אויכ פאראנ אינ געטאָ א זייפ-פאבריק אונ א ברויט-בעקערײַ. מיר באופטראָגנ אונדזערע כאווײרימ נאומ פעלדמאנ אונ אײַזיק רובינטשיק, וועלכע ארבעטנ אינ די דאָזיקע ווארשטאטנ, זיי זאָלנ די זאכ אזוי אָרגאניזירנ, אז צו די היטלעריסטנ זאָל ארײַנפאלנ א מינימומ פראָדוקציע (נאָר אזויפיל, וויפל ס'איז נייטיק די אויגנ צו פארשמירנ), די ווארשטאטנ מוזנ ארבעטנ פאר דער פארטיזאנער-באוועגונג. שפעטער, ווענ מיר שטעלנ אײַנ א דירעקטע פארבינדונג מיט דער גרופע אָנפארטרויטע אינעמ יידנראט, באהערשנ מיר פולשטענדיק די ווארשטאטנ, אונ ניט זעלטנ זײַנענ פאראנ פאלנ, ווענ אינ דײַטשישע קליידער איבערגעטאָנענע פארטיזאנער פארפאָרנ אפ לאסט-מאשינעס צו די געטאָ-ווארשטאטנ אונ פירנ ארויס גאנצע טראנספאָרטנ מיט קליידונג, שוכווארג, זייפ אונ זאלצ. פאראלעל דערמיט אָרגאניזירנ אונדזערע „צענטלעכ" א פרײַוויליקע זאמלונג פונ קליידונג צווישנ דער געטאָ-באפעלקערונג. אפנ בוידעמ פונעמ געטאָ-שפיטאָל זאמלענ מיר, קלומערשט אלס קליידונג פונ קראנקע, וואָס דארפ דעזינפיצירט ווערנ, קאָלערליי קאָזשוכעס, וואטניקעס, ווארעמע הויזנ, ווארעמע היטלענ אדגל.

ס'פארברייטערט זיכ אויכ אונדזער פראָפּאגאנדיסטישע ארבעט. נאָכ נאָטקע ווײַנהויזס טויט איז אפ א שטיק צײַט אָפּגעשוואכט געוואָרנ די טעטיקײַט צו געבנ א ריכטיקע פאָרשטעלונג דער באפעלקערונג וועגנ דער ווירקלעכער לאגע אפ די פראָנטנ אונ אינעמ סאָוועטנפארבאנד. בלויז פ״נ צײַט צו צײַט פלעגנ אונדזערע כאווײרימ עלעקטרע-טעכניקער אונ ארבעטער פונעמ מינסקער ראדיאָ-זאוואָד זיכ צוכאפנ צו די דײַטשישע ראדיאָ-אופנעמער אונ שפעטער אפנ זיקאָרנ פארצייכענענ דעמ סאָוועטישנ פראָנט-באריכט, וועלכנ מיר פלעגנ דערנאָכ פארשפרייטנ אינ געטאָ. א צײַט איז דאנ געווענ ביז גאָר א וויכטיקע. אפילע לויט די דײַטשישע פראָנט-באריכטנ האָט מענ זיכ שוינ געקענט אָריענטירנ, וואָס פאר א בראָכ זיי האָבנ געהאט בא מאָסקווע. ס'ווילט זיכ גוואלדיק וויסנ, מיט אלע אײַנצלהײַטנ, דעמ

גאַנג פונעם היסטאָרישנ איבערבראָכ אינ דער פּאָטערלענדישער מיל-
כאָמע. מיר באַפוילנ אלע אונדזערע כאַווײרימ צו מאכנ אלע באַמיִונ-
גענ, קעדיי צו באַקומענ ראַדיִאָ-אופנעמערס (מיר האָבנ דערבײַ אינ
זינענ דעמ קעסיידערדיקנ פאַרלאַנג מיצאַד די שעלוכימ פונ פּאַרטי-
זאַנישע אָטריאַדנ, מיר זאָלנ זיי באַזאָרגנ מיט ראַדיִאָ-אַפּאַראַטנ). מיט
דעמ דאָזיקנ איניִענ פאַרנעמט זיכ באַזונדערס דער טעכניקער כ׳ סע-
גאַלטשוק, וועלכער אַרבעט אלס ראַדיִאָ-טעכניקער אינ אָקופּאַנטישנ
גענעראַל-קאָמיסאַריאַט אונ שלעפּט פונ דאָרט קעסיידער טײלנ צו
ראַדיִאָ-אַפּאַראַטנ. אויכ אונדזערע כאַווײרימ פונ ראַדיִאָ-זאַוואָד, ניט
געקוקט אפ דעמ שטאַרקנ אופזיכט איבער זיי, ברענגענ אינ געטאָ
ראַדיִאָ-לאָמפּנ, אַקומוליאַטאָרס, באַטאַרייעס אונ אַנדערע וויכטיקע טײלנ
צו אַפּאַראַטנ. מיט דער הילפ פונ אונדזער ראַדיִאָ-טעכניקער דעמ כ׳
טוניק האָבנ מיר אינ אנ אונטערערדישער הײל אפ שעווטשענקאָ-גאַס
אַוועקגעשטעלט א ראַדיִאָ-אופנעמער. דער סטודענט פונ יורידישנ פאַ-
קולטעט כ׳ כאַנאָנ גוסינאָוו איז דורכ אונדז באַשטימט געוואָרנ אלס
ספּעציִעלער ראַדיסט. ער האָט אינ זײַנ רעשוס באַקומענ פונ אונדז
א שרײַבמאַשינ, אונ צוויי מאָל אינ טאָג פלעגנ מיר פונ אימ באַ-
קומענ די מאַטעריאַלנ פונ דער סאָווינפאָרמביוראָ. פונ צײַט צו צײַט
פלעגט דער כ׳ כאַנאָנ אויכ אופנעמענ די לײט-אַרטיקלענ פונ דער
„פּראַוודאַ“, וועלכע מיר פלעגנ צוזאַמענ מיט אַנדערע וויכטיקע מאַ-
טעריאַלנ דערנאָכ איבערשיקנ צומ שטאָט-קאָמיטעט.

א גאָר וויכטיקע געשעעניש אינעמ לעבנ ניט נאָר פונ דער גע-
טאָ-באַפעלקערונג, נאָר פונ אלע סאָוועטישע מענטשנ אינ מינסק,
איז געווענ דאָס „צופּעליקע“ באַקומענ דעמ כאַווער סטאַלינס פּאָר-
טראָג וועגנ 24־טנ יאָרטאָג פונ דער גרויסער סאָציִאַליסטישער אָק-
טיאַבער-רעוואָליוציע. א גרופּע געטאָ-ייִדנ האָט מענ געפירט אַרבעטנ
אונטער מינסק, אפ א טאָרפּ-זאַוואָד. האָט זיכ צו זיי צוגעשאַרט א
פויער, דערלאַנגט אײנעמ, גראָד אונדזערנ א כאַווער, אנ אײַנגעוויקלט
פּאַפּיר, אַרויסמורמלענדיק דערבײַ, קײנער זאָל ניט הערנ: „נעמט עס,
עפּשער וועט איר זיכ פאַנאַנדערקלײַבנ... כ׳האָב עס אינ פעלד גע-
פונענ“. אינ געטאָ האָבנ מיר זיכ שנעל פאַנאַנדערגעקליבנ. ס׳איז גע-
ווענ א פּוילישע איבערזעצונג פונעמ אויבנדערמאָנטנ פּאָרטראָג. מיר
האָבנ גלײַכ אַוועקגעזעצט מענטשנ צו מאכנ אנ איבערזעצונג, אונ
דער פּאָרטראָג איז אַוועק איבער דער געטאָ. וואָכנלאַנג האָבנ מענטשנ
אײנער דעמ צווייטנ איבערגעגעבנ גאַנצע אויסצוגנ, וואָרט אינ וואָרט
פאַרגעדענקטע, פונ דעמ דאָזיקנ היסטאָרישנ פּאָרטראָג. בײַס דער

שווערער פּײַנלעכער צוואנגס־ארבעט אונ באנאכט, אינ דער שוידערלעכער ענגשאפט פונ די געטאָ־שטײַגנ, האָט מענ ווי א גליקלעכע בשורע איינע די אנדערע איבערגעגעבנ דאָז, וואָס סטאלינ האָט געזאָגט, אז „היטלער־דײַטשלאנד מוז פּלאצנ אונטער דער לאסט פונ זײַנע פארברעכנס״.

אונדזער פארברייטערטע פּראָפּאגאנדע רופט פונ איר זײַט ארויס נאָכ א גרעסערנ נאָכפרעג אפ די געניסטע אונ אויספירלעכסטע מאטעריאלנ וועגנ קאמפּ פונעמ סאָוועטישנ פאָלק. מיט דער גאנצער שארפקײַט אנטשטייט די פראגע וועגנ אָרגאניזירנ אנ אלשטאָטישע דרוקערײַ. לויט אונדזער אופטראָג פארנעמענ זיכ מיט דער דאָזיקער פראגע די „צענטלעכ״ פונ די ככ׳ זיאמע אָקונ אונ נאומ פעלדמאנ, בא זיי געפינענ זיכ אלטע דערפארענע דרוק־ארבעטער, זיי האָבנ א שטענדיקע פארבינדונג מיט די, וועלכע ארבעטנ אינ די דײַטשישע דרוקערײַענ. גאָר גיכ ווערט אָרגאניזירט דאָס פלאנמעסיקע ברענגענ אינ געטאָ א סאכ שריפט אונ אנדערע דרוק־מאטעריאלנ. אינ דער מאלינע בא זיאמע אָקונ האָט זיכ מיט דער צײַט אָנגעזאמלט אזויפיל שריפט, אז ס׳וואָלט געסטײַעט צומ אָרגאניזירנ עטלעכע דרוקערײַענ. מיר מעלדנ וועגנ דעמ סלאוועקנ, אונ דער גאנצער מאטעריאל ווערט דורכ „זשענקענ״ אריבערטראנספּאָרטירט פונ געטאָ אינ שטאָט. דער קאָמיטעט פאָדערט פונ אונדז, מיר זאָלנ אויכ געבנ אונדזערנ א קוואליפיצירטנ ארבעטער פאר דער דרוקערײַ. אפ דער דאָזיקער בעקאָוועדיקער ארבעט טיילנ מיר אויס דעמ כ׳ מישע טשיפּטשינ — דעמ געוועזענעמ טעכנישנ דירעקטאָר פונ דער גרעסטער מינסקער דרוקערײַ אפנ כאווער סטאלינס נאָמענ. דיסציפּלינירט, אָנ א וואָרט צו זאָגנ, פארלאָזט מישע טשיפּטשינ זײַנ מישפּאָכע, וועלכע ס׳איז אימ שוינ מער קיינמאָל ניט אויסגעקומענ צו זענ, אונ גייט אריבער אינ טיפער אונטערערד. אינ שכיינעס מיט דער געטאָ, אינ א מאלינע אפ אָסטראָווסקי־גאס, ווערט אײַנגעאָרדנט די דרוקערײַ, וועלכע הייבט גלײַכ אָנ ארויסצוגעבנ אופרופנ צו דער באפעלקערונג אונ אינפאָרמאטיווע ביולעטענענ וועגנ דער לאגע אפנ פראָנט, אינ סאָוועטנפארבאנד אונ בא אונדזערע פארבינדעטע. ווענ די דאָזיקע מאטעריאלנ, טיילווײַז צונויפגעשטעלט אונ רעדאגירט דורכ אונדז, קומענ אָנ געדרוקטע אינ געטאָ, זײַנענ קימאט אלע איבערצײַגט, אז דאָס ווארפנ אראָפ אונדזערע פּליער[1].

1 אגעוו אויכ שפּעטער, ווענ אונדז קומט אויס ארויסצוגעבנ אומלעגאלע צײַטונגענ אונ פלוג־בלעטלעכ אינ די פארטיזאנישע רייענ, איז די ארומיקע באפעלקערונג

איינע פונ די גרעסטע געשעענישנ אינ מינסקער אונטערערד אונ שטארקסטע איבערלעבונגענ פאר אונדז אלעמענ איז געווענ דאָס דערשייַנענ פינ דעמ ערשטנ נומער פונ דער אומלעגאלער צייַטונג „זוויאזדא“, וועלכע איז ביז דער מילכאָמע געווענ דער הויפּט־אָרגאנ פונעמ צק פונ דער קפּ(ב) פונ ווייַסרוסלאנד. די קליינע צוויי זייַטלעכ פונ דער צייַטונג האָבנ דערציילט וועגנ דעמ דערפאָלגרייַכנ קאמפּ פונ דער רויטער ארמיי, וועגנ די אופטועכ פונ דער וואקסנדיקער באוועגונג פאָלקס-נעקאָמענעמער אינ ווייַסרוסלאנד. קורצע נאָטיצנ האָבנ דעמאסקירט דעמ סוינע אונ זייַנע מיטהעלפער אינ ווייַסרוסלאנד. מיר האָבנ דורכ דער „זוויאזדא“ באקומענ א טריבונע, פונוואנענ מע האָט אונדזער וואָרט דערהערט אינ טויזנטער ארבעטער-שטיבלעכ אונ פויערשע הייַזקעס. גרויס איז געווענ דער שטאָלצ פונ אונדזערע כאווייריִמ אינ געטאָ, וואָס האָבנ א באדייַטנדיקנ כיילעק געהאט אינ שאפנ די דאזיקע קאָמפּאָזיציע.

אינ אונדזער דעמאָלטיקער ארבעט פארנעמט א באשטימט אָרט די זאָרג פאר די באזונדער נויטלייַדנדיקע כאווייריִמ. ס'האָט זיכ געהאנדלט וועגנ פאָרזעצנ די אויסגעצייכנטע באָלשעוויסטישע טראדיציע צו העלפנ כאוועריש די, וואָס נייטיקנ זיכ אמערסטנ. מיט יעדנ טאָג איז דער הונגער אינ געטאָ אלצ מוירעדיקער געוואָרנ, בא א סאכ האָט זיכ אויסגעשעפּט דער איינציקער האכנאָסע-קוואל — דאָס אויספארקויפנ אָדער אויסטוישנ קליידונג, מעבל אפ א ביסל מעל אָדער קארטאָפל. ס'איז אינ געטאָ געווענ גאָר א גרויסע צאָל מענטשנ, דעריקער די, וועמענס דירעס זייַנענ כאָרעוו געוואָרנ בייס די דייַטשישע אָנפאליִענ אפ דער שטאָט, וועלכע האָבנ גאָרנישט ניט פארמאָגט. זיי פלעגנ לעבנ בלויז פונ די הונדערט גראמ ברויט אונ ביסל ערזאצ־זופּ, וואָס זיי פלעגנ באקומענ אפ דער ארבעט בא די דייַטשנ. שוידערלעכ איז געווענ די לאגע פונ די טויזנטער יידנ, וועלכע האָבנ זיכ געראטעוועט פונ די פּאָגראָמענ אינ די ארומיקע שטעטלעכ — זיי פלעגנ בוכשטעבלעכ אויסגיינ פונ הונגער. פלעגט מענ אינ געטאָ אלצ אָפטער זענ מענטשנ געשוואָלענע פונ הונגער, מענטשנ, וואָס שלעפנ קוימ די פיס. אפ דעמ גלוכע-געסל, וואָס אפנ וועג צומ בעסוילעמ, פלעגט מענ קעסיידער זענ מענטשנ, וואָס פירנ אפ קלייניקע שליטעלעכ אָדער האנט-וועגעלעכ מייסימ. אזעלכע „לעווייעס“ פלעגנ אינ געטאָ זייַנ פופצנ־צוואנציק א טאָג. קיינ איינצל-קוואָרימ

איבע צייַגט, אז דאָס קומט „פונ אויבנ“. זי פלעגט בלויז באוווּנדערנ, וואָס מאָסקווע ווייסט אזוי גענוי, וואָס עס טוט זיכ אינ יעדנ דערפל...

האָט מענ שוינ ניט באַוויזנ צו גראָבנ (דערצו נאָכ האָט מענ פאַר אַנ איינצל-קייווער געדאַרפט צאָלנ מיט ברויט) — אינ איינ גרויסער גרוב פלעגט מענ לייגנ די מייסימ שיכטנווייַז.

ס'איז אויכ געשענ דאָס, וואָס האָט בא די דאָזיקע באַדינגונגענ אומפאַרמייַדלעכ געמוזט געשענ און פאַרוואָס גאַנצ געטאָ האָט באַזונדערס מוירע געהאַט: ס'איז אויסגעבראָכנ די עפּידעמיע פונ פלעקטיפוס. דער שפּיטאָל אינ געטאָ איז איבערגעפולט געוואָרנ מיט טיפוס-קראַנקע. סאיז שוינ קיינ פּלאַצ ניט געווענ, ווו די קראַנקע צו לייגנ, — האָט מענ פאַרנומענ אויכ די כירורגישע אָפּטיילונג. א סאַכ קראַנקע זייַנענ אינ די הייַזער געבליבנ. די הויפּט-זאָרג פונ דער געטאָ-באַפעלקערונג איז אָבער געווענ ניט די טיפוס-עפּידעמיע גופע, ווי די געפאַר, אַז די היטלער-באַלעבאַטימ זאָלנ זיכ דערפונ ניט דערוויסנ. אַנ אָנזאָג איז שוינ פריִער געהאַט געגעבנ געוואָרנ מיצאַד דער אָקופּאַנטישער שטאָט-מאַכט: „ווען אינ געטאָ אויסברעכנ אַנ עפּידעמיע, וועלנ מיר זי גרינטלעכ ליקווידירנ — דורכ א בלוט-באָד".

צו אונדז זייַנענ דערגאַנגענ ידיִעס, אַז איינצלנע פאַרדאָנעסדיקע עלעמענטנ אינעמ יודנראַט און פונ די מעדיקער זייַנענ גרייט געווענ צו גיינ מעלדנ די היטלער-לייַט וועגנ דער עפּידעמיע. מיר האָבנ דאַנ דעמ יודנראַט געוואָרנט: ווער עס וועט וואַגנ מעלדנ דעמ סוינע וועגנ דער עפּידעמיע, וועט דורכ אונדז פאַרורטיילט ווערנ אַלס פאָלקס-פייַנט און וועט דורכ אונדז אומבעראַכמאָנעסדיק אומגעבראַכט ווערנ. מיר האָבנ גלייַכצייַטיק צונויפגערופנ א גרופּע אָנפאַרטרויטע דאָקטוירימ, פאַר וועלכע מיר האָבנ געשטעלט די פאָדערונג: אינ די באַריכטנ, וועלכע גייענ טאָג-טעגלעכ פונ געטאָ צו דער אָקופּאַנטישער שטאָט-פאַרוואַלטונג, טאָר קיינ וואָרט ניט געזאָגט ווערנ וועגנ דער טיפוס-עפּידעמיע. די דיִאַגנאָזנ דאַרפנ זייַנ: גריפּ, לונגענ-אָנצינדונג, הונגער-אויסשעפּונג און אַנדערע „לעגאַלע" קראַנקייַטנ. מיט דעמ דאָזיקנ שטאַנדפּונקט אונדזערנ זייַנענ מאַסקימ געווענ אַלע ווירקלעכ פאָלקס-טרייַע דאָקטוירימ. די איבעריקע האָבנ געשוויגנ, וויסנדיק, אַז מיר זייַנענ פייִיק גאַנצ אַנטשיידנ צו האַנדלענ...

בעראָש פונ דער הילפס-אָפּטיילונג באַמ יודנראַט איז געווענ דער באַרימטער אַקטיאָר, פאַרדינסטפולער אַרטיסט פונ דער ווייַסרוסישער סער זאָראָוו. ער האָט מיט אונדז געהאַט פאַרבינדונגענ, וועלנדיק אַוועקגיינ אינ א פּאַרטיזאַנער-אָטריאַד. מיר האָבנ פאַר אימ געשטעלט די אויפגאַבע — ער זאָל ניט דערלאָזנ, אַז די ווייניקע רעסורסנ, וואָס זייַנ אָפּטיילונג האָט, זאָלנ צעטרענצלט ווערנ צווישנ

די יויצער-מעשאָרסימ פונ דער יידנראַט-קליקע. מיר לייגנ פּאָר שאַפנ א קיכ, ווו די סאַמע נויטלײַדנדיקע זאָלנ באַקומענ א ביסל געקעכטס אונ א שטיקל ברויט. צומ אָרגאַניזירנ די דאָזיקע קיכ טיילנ מיר אויס די ככ׳ זיאַמע אָקונ, כאַסיע בינדלער אונ ראָזנבערגנ אַלס פאַרוואַלטער (שפּעטער אומגעקומענ אַלס פּאַרטיזאַנער). זיי זאָרגנ דערפאַר, אַז דאָס ביסל עסנ זאָל ווירקלעכ אָנקומענ צו די, וואָס נייטיקנ זיכ אַמערסטנ.

די מעדיצינ-סטודענטנ די ככ׳ ג. סאָלאָמאָניק אונ ס. יאַקובאָוויטש (ביידע זײַנענ שפּעטער אַוועק אינ די פּאַרטיזאַנער-רייענ) פאַרנעמענ זיכ געטרײַ מיט אָרגאַניזירנ א דעזינפעקציע-פּונקט. דאָקטוירימ אונ קראַנקנ-שוועסטער האָבנ מיט מעסירעסנעפּעש זיכ גענומענ אָפּצושטעלנ די עפּידעמיע. דאָס איז ניט געלונגענ ביז דעמ לעצטנ טאָג פונ געטאָ. געלונגענ איז אָבער דערפירנ די צאָל טויט-פאַלנ ביז א מינימומ, ביז צו א קלענערנ פּראָצענט ווי צווישנ דער אַלגעמיינשטאָטישער באַפעלקערונג. דאָס איז געווענ א ווונדער, וואָס מיר האָבנ זיכ אַליינ ניט געקענט דערקלערנ, פונוואַנענ ער שטאַמט.

אומגעהייערע נויט האָט געליטנ א באַדײַטנדיקע גרופּע פונ אונדזערע אונטערערדישע טוער. גיינ אַרבעטנ צו די דײַטשנ האָט קיינער פּרינציפּיעל ניט געוואָלט. אונדזערע כאַוויירימ פלעגנ גיינ דאַנ, ווענ די אָרגאַניזאַציע פלעגט זיי ספּעציעל שיקנ, קעדיי דורכצופירנ א באַשטימטע אויפגאַבע. כוץ דעמ איז פאַר א סאַכ אונדזערע כאַוויירימ געווענ מאַמעש געפערלעכ זיכ צו באַווײַזנ אינ שטאָט, צוליב דער מעגלעכקײַט צו טרעפנ פּאָנעמ-על-פּאָנעמ אַנ אַלטנ באַקאַנטנ, וואָס האָט זיכ ארויסגעוויזנ פאַר ניט גאָר קיינ זיכערנ מענטשנ. דער פאַל מיט אונדזער כאַווער ייסראָל האָלאַנד, איז געווענ א גענוגנדיקע וואָרענונג צו זײַנ פאָרזיכטיק. ייסראָעל האָלאַנד איז בייס דער היטלערישער אָקופּאַציע פונ מינסק אַוועק אַרבעטנ אַפ דער קויבישעוו-פאַבריק, ווו ער האָט ביז דער מילכאָמע פאַרנומענ א פאַראַנטוואָרטלעכנ אַמט. האָט זיכ געפונענ א פאַררעטער, וואָס האָט אימ ארויסגעגעבנ. ער איז אַרעסטירט געוואָרנ אונ איבערגעגעבנ געוואָרנ אינ די הענט פונעמ שעפ פונ קאָנצענטראַציע-לאַגער אַפ שיראָקע-גאַס דעמ אָבערשטורעמ-פירער לאָקאַי. בייסנ פאַרהער האָט אימ דער דעגענעראַט לאָקאַי געגעבנ אַלס „אַנ אָדערופ" — א קויל אינ פוס, געהייסנ אימ אויסהיילנ, קעדיי א געזונטנ פירנ צו דער טליע. דורכ דער הילפ פונ אונדזער פאַרבינדלער אינעמ קאָנצענטראַציע-לאַגער דער כ-טע סאָניע קורליאַנדסקע אונ אַנדערע האָט זיכ אונדז איינ-

געגעבן צו אָרגאניזירן האָלאנדס אנטלויפן. אָט דער דאָזיקער און ענלעכע פאלן האָבן געצוואונגען אונדזערע אקטיווע כאווײרים קעסיידער צו זײַן באהאלטן און מעמיילע לײַדן די שווידערלעכסטע נויט. קעדיי זיי צו העלפן, פארפליכטן מיר אלע, וואָס ארבעטן אלס פאכלײַט און גיבן זיך ווי-ניט-איז אן אייצע, זיי זאָלן זיך באשטײַערן לעטויוועס די נויטלײַדנדיקע כאווײרים. אין רעזולטאט ווערט בא אונדז געשאפן א באדײַטנדיקער פאָנד, פון וועלכן מיר גיבן הילפ א ריי כאווײרים און זייערע פאמיליעס. באזונדערס א סאך העלפן די ככ' רוווּן הייבלום, הירשל דאָבין, אווראָם געלמאן, זאסקין, נאָכעם גאָלדזאק, אווראָם שליאכטאָוויטש, ריווקע גאָרמאן און א סאך, א סאך אנדערע כאווײרים.

ס'זײַנען געווען פיל פאלן, ווען מיר האָבן געמוזט גרויסע אָנשטרענגונגען מאכן, קעדיי צו דערהאלטן א כאווער באַם לעבן.

דער דיאגנאָז, וואָס אונדזערע דאָקטוירים האָבן געשטעלט באַם קראנקן גוסאקאָוו, איז געווען א גאנץ באשטימטער: הונגער-אויסשעפונג. ווען די קראנקן-שוועסטער ציליע קלעבאנאָוו האָט זיך נעענטער צוגעקוקט צום קראנקן, האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז ער איז ענלעך אַף אירן גאָר א נאָענטן באקאנטן. זי האָט אַף יעדן פאל שטיל א רוף געטאָן: דאָוויד! דער שווער קראנקער האָט א צאפל געטאָן און מיט א פארכאלעשטער שטימע געבעטן: שווײַג! ציליע האָט אָבער ניט געשוויגן און אונדז צו וויסן געגעבן: אין שפּיטאָל ליגט דער באקאנטער קאָמיוגישער טוער, געוועזענער מיטגליד פון צ. ק. פון קאָמיוג אין ווײַסרוסלאנד דאָוויד ראטנער. ראטנערן האָבן מיר געקענט פון באגעגענישן אַף קאָמיוגישע צוזאמענפאָרן אין מאָסקווע, און ער האָט אונדז דערציילט א געשיכטע, פאר יענער צײַט זייער א געוויינלעכע: ער איז ארײַנגעפאלן אין היטלערישער ארומרינגלונג, געווען אין געפאנגענשאפט. 12 מעסלעס קיין ברעקל ברויט אין מויל ניט געהאט. בייס מע האָט אים געפירט פארבײַ דער אײַזנבאן-בריק אין מינסק, האָט ער די לעצטע אָנשטרענגונגען געמאכט, און ס'איז אים געלונגען צו אנטלויפן. און אָט גייען אים אויס די לעצטע קויכעס. מיר האָבן פאר ראטנער-גוסאקאָוון אָרגאניזירט א ברייטע הילפ — אלץ, וואָס איז נאָר נייטיק געווען אים צו ראטעווען, האָבן מיר באקומען. ס'איז אָבער געווען שוין צו שפּעט. ראטנער איז א געשוואָלענער פון הונגער אויסגעגאנגען אַף אונדזערע אויגן.

א ברייטע הילפ האָבן מיר אויך אָרגאניזירט פארן באקאנטן קאָמפּאָזיטאָר פון ווײַסרוסלאנד קראשניער. ער איז אָבער שוין פון קראנקן-בעט ניט אופגעשטאנען. די היטלער-מערדער האָבן אים אין שפּיטאָל דערשאָסן.

אונדז איז אויסגעקומענ זייער אָפט צו העלפנ כאווירים, וואָס זייַנען געגאַנגענ אינ פארטיזאַנער-אָטריאַד אונ זיינען ניט דערגאנגענ. אַזאַ פאל איז געווענ מיטנ דר. מארגאָלינ. ער האָט אינ וועג אָפגעפרוירנ די פיס. ס'איז אויסגעקומענ אימ צו אָפּערירנ — אָפּשנייַדנ עטלעכע פוס-פינגער. אינ מעשעכ פונ עטלעכע כאדאָשים האָבנ מיר דעמ דאָזיקנ כאווער, ווי צענדליקער אנדערע, געהאָלפנ, וויפל ס'איז נאָר געווענ אינ אונדזערע מעגלעכקייַטנ.

דער שטאָט-קאָמיטעט האָט געוווסט, וואָס פאר אַנ אייַנפלוס מיר האָבנ צווישנ די מעדיקער. אינ איינעמ א ווינטער-פרימאָרגנ האָט זיכ צו אונדז מיטנ שטאָטישנ פאראָל געמאָלדנ א גרופע כאווירים — רוסנ אונ ווייַסרוסנ. אפילע א בלינדער האָט געקענט דערקענענ, אז דאָס זייַנענ „וואלד-ברידער". ס'האָט זיכ געהאנדלט וועגנ באלדיקער מעדיצינישער הילפ. די באדינגונגענ אינ וואלד זייַנענ דאנ געווענ אזעלכע, אז קיינ מער-ווייניקער דויערנדיקע פארטיזאנער-באזעס זייַנענ ניט געווענ. מעדיצינ-טוער איז אויכ זעלטנ אינ וועלכע אָטריאדנ געווענ. האָט דער קאָמיטעט פאנאנדערגעטיילט גרופעס פארטיזאנער, וועלכע האָבנ זיכ דורכגעשלייַכט אינ שטאָט נאָכ מעדיצינישער הילפ, צווישנ פארשיידענע אנשטאלטנ, ווו ס'זייַנענ געווענ אונדזערע אָנפארטרויטע מענטשנ, קעדיי צו היילנ אונ אייַנהיטנ זיי. אונדז איז אויסגעקומענ צו העלפנ א גרופע פונ צוואנציק פארטיזאנער. דר. קוליקס פערזענלעכער צימער אינ שפיטאָל איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ אנ אמבולאטאָריע, ווו ס'איז געגעבנ געוואָרנ באלדיקע הילפ די, וועלכע האָבנ זיכ געקענט האלטנ אפ די פיס, אונ האָבנ געדארפט ניט קיינ קאָמפליצירטע כירורגישע אָפּעראציעס. ערגער איז אָבער געווענ מיט די שווער פארוווּנדעטע אונ קראנקע, וועלכע מ'האָט געדארפט אוועקלייגנ אינ שפיטאָל. מיר האָבנ דעמ איניעני דאָכ אייַנגעאָרדנט אפ פאָלגנדיקנ אויפנ: אכוץ די דאָקטוירימ קוליק אונ מינקינ האָט קיינער ניט געוווסט, אז דאָס זייַנענ רוסנ אונ ווייַסרוסנ, דורכ אונדזערע מענטשנ אינ יידנראט האָט עמע באקומענ בלאנקענ פונ געטאָ-דאָקומענטנ מיט כסימעס. אפ אזא אויפנ פלעגנ מיר פונ איוואנ מאכנ יאנקל, פונ פיאָטר — פייסעכ, זיי אָנטייענ געלע לאטעס אונ ווי יידנ אוועקלייגנ אינ שפיטאָל. די דאָזיקע כאווירימ האָבנ מיר געמוזט מאטעריעל אויסהאלטנ. דער געשאפענער הילפס-פאָנד איז דעריבער געווענ אַנ אויסערגעוויינלעכע נויטווענדיקייַט אינ אונדזער ארבעט.

---

מיר באקומען פון סלאוועקן די קאטעגארישע פאָדערונג: איבערנעמען די דירעקטע אָנפירונג מיט דער אָנפּארטרויטער גרופּע אינעם ייִדנראט. ביז דעם דאָזיקן מאָמענט, ווי ס'איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן, האָט די פארבינדונג מיט די ייִדנראט־לײַט זיך נעפּנען דירעקט אין די הענט פונעם שטאָטישן קאָמיטעט. מיר זײַנען דערפון צופרידן געווען, ווײַל אויב צווישן די ייִדנראט־לײַט וועלן זיך ארויסווײַזן פײַנטלעכע פארשוינען, קענען זיי דעם שטאָט־קאָמיטעט, וועלכער געפינט זיך אויסער דער געטאָ, קיין שום בײַז ניט טאָן, דאגעגן, — אונדז, מענטשן פון געטאָ, וואָלט עס געבראכט צו א פולשטענדיקן דורכפאל. מיר האָבן געהאט א גרונט זיך צו באציִען מיט פארדאכט צו דער ייִדנראט־סוויווע. דאָרט פלעגן זיך אָפט ארומדרייען פארדעכטיקע ברוים, וואָס האָבן פון ייִדישער נ ט און צאָרעס זיך געמאכט א פּארנאָסע־קוואל. ס'זײַנען געווען אפילע אזעלכע סוביעקטן, וואָס זײַנען געווען פארבונדן מיט דער פּאָליציי, מיט דער געסטאפּאָ.

דערפאר האָבן מיר עטלעכע מאָל אָפּגערעדט סלאוועקן פון איבערגעבן אונדז די אָנפירונג מיט דער גרופּע אינעם ייִדנראט. ווען די דירעקטיוו איז אָבער געקומען אפ א קאטעגארישן אויפן, האָבן מיר די פארבינדונג געמוזט אופנעמען. צו דער אָרגאניזירטער גרופּע אינעם ייִדנראט האָט געהערט עליע מושקין (דער פּאָרזיצער פונעם ייִדנראט), וועלכער האָט צו יענער צײַט שוין געגעבן א באדײַטנדיקע הילף סײַ באזונדערע פּארטיזאנער־אָטריאדן, סײַ די גרופּעס פון געטאָ, וואָס פלעגן אוועקגיין צו די פּארטיזאנער. צוליב פּאָרזיכטיקײַט האָבן מיר מיט אים זיך צונויפגערעדט, אז באגעגענישן מיט אים וועלן מיר האָבן בלויז אין עקסטרע פאלן. טעגלעך וועלן מיר מיט אים זײַן פארבונדן דורך אונדזערע פארבינדלערנס. צו דער דאָזיקער גרופּע האָבן אויך געהערט דער פארוואלטער מיטן וויר טשאפטס־אָפּטייל פונעם ייִדנראט הירש רודיצער, דער אָנפירער מיט דער אָרדענונגס־וואכ (מיליצ) פון דער געטאָ זיאמע סערעבריאנסקי, דער אָנפירער פון דעם צווייטן באצירק פון דער אָרדענונגס־וואכ (אפ רעפּובליקאנער־גאס) מ. טולסקי, דער פארוואלטער מיטן ווינונגס־אָפּטייל באם ייִדנראט, דער טעאטער־רעזשיסער דאָלסקי און דער פארוואלטער מיט די געטאָ־ווארשטאטן גאָלדין. בײַס די באגעגענישן מיט די דאָזיקע מענטשן פלעגט יעדער פון זיי באקומען באשטימטע קאָנקרעטע אופגאבן, וואָס צו טאָן פאר דער פּארטיזאנישער באוועגונג און פאר דער געטאָ־באפעלקערונג. הירש רודיצער האָט צוזאמען מיט גאָלדינען געהאט די אופגאבע צו באזאָרגן די פּארטיזאנער־אָטריאדן מיט

קליידונג און שוכווארג. אָפּטמאָל, ווען די באַשטעלונג פון א באַ־שטימטן אָטריאַד האָט גלייך ניט געקענט באַפרידיקט ווערן, פלעגט מען דורך ווייסרוסישע כאַוויירים אַרויסשיקן אַפן מאַרק א פּאַרטיע זייף, וואָס פלעגט אויסגעאַרבעט ווערן אין געטאָ, און פאַרן געלט פלעגט מען גלייך איינקויפן זאַלץ, שטיוול, וועש אא. דודיצער האָט אויך געהאַט די אויפגאַבע צו זוכן פאַרבינדונג מיט דער טפּיסע־אַדמיניסטראַציע, דורך וועלכער מ'פלעגט קענען פאַר ווערטזאַכן אַרויסראַטעווען מענטשן פון דעם סוינעס הענט (דאָס האָט זיך אונדז אָפּט איינגעגעבן, ביז די טפּיסע איז ניט אַריבער דירעקט אין רעשוס פון דער געסטאַפּאָ). זיאַמע סערעבריאַנסקי האָט לויט אונדזערע אָנווייזונגען איינגעאָרדנט א ריי אונטערערדישע טויער (שמועל קאַזש־דאַן, זיאַמע אָקון אא.) אין דער אָרדענונגס־וואַך, קעדיי זיי זאָלן האָבן בעסערע באַוועגונגס־מעגלעכקייטן. זיאַמע סערעבריאַנסקי האָט דעריקער געזאָרגט, אַז די דורכגעפירטע קאָנפיסקאַציעס אין געטאָ (און אַזעלכע פלעגן זייער אָפּט פּאָרקומען) זאָלן ניט אַריינפאַלן צו די דייטשן, נאָר זאָלן אָנקומען צו די פּאַרטיזאַנישע־אָטריאַדן. ער האָט אויך געהאַט די אויפגאַבע אומשעדלעך צו מאַכן די פּאָלקספייַנט־לעכע, פּראָוואָקאַטאָרישע עלעמענטן (מיט זיין הילף איז פון דער יידישער אַרבעט־בירזשע דערוויַטערט געוואָרן דער קאָרומפּירטער סוביעקט רישעלעווסקי, וועלכער פלעגט אָנטאָן צאָרעס די יידן פון די אַרבעט־קאָלאָנעס). מ. טולסקי האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַוואָרענען א נייטיקע וואַך בייַסן אַרויספירן פון געטאָ פאַרשיידענע פּעקלעך מיט זאַכן פאַר פּאַרטיזאַנער. דאָלסקי פלעגט אונדז באַזאָרגן מיט אומלעגאַלע דירעס און מיט פאַלשע געטאָ־דאָקומענטן („אויסווייַזן" אַלס פאַך־אַרבעטער אדגל.). זיי אַלע האָבן געהאַט די אויפגאַבע: טאָג־טעגלעך אונדז איינפאָרמירן וועגן אַלץ, וואָס זיי דערוויסן זיך דורך זייערע פּערזענלעכע קאָנטאַקטן מיט די דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען. אַפן סמאַך פון די דאָזיקע ידיעס פלעגט זיך אונדז אָפּט איינגעבן פאָרויס צו וואָרענען מענטשן, וועלכע ווערן געזוכט, זיי זאָלן באַצייַטנס נעלעם ווערן. מיר פלעגן אויך וויסן וועגן די דייטשע פאַראָרדענונגען, איידער זיי פלעגן באַקאַנט ווערן דער באַפעלקערונג, און אַזויאַרום זיינען מיר בעקויעך געווען באַצייַטנס אָנעמען א שטעלונג און אויסאַרבעטן אונדזערע אייגענע קאָנטער־מיטלען.

די דאָזיקע מענטשן פון יידנראַט פלעגן, יעדער אַפּ זיין פּלאַץ, אויספילן אונדזערע פאַראָרדענונגען — ווער דרייסטער און ווער ניט אַנטשלאָסן — אָבער קימאַט יעדער פון זיי האָט געהאַט אונדזער

צוטרוי. צו איינעם פלעגנ מיר זיכ אָבער באַציִענ גענוג צוריקגעהאַלטנ · צו מישע טולסקי. וועגנ דעם דאָזיקנ פארשויִנ האָט אונדז געהאַט געמאָלדנ אונדזער פארבינדלערנ אינ שיראָקער קאָנצענטראַציע-לאַגער. בייס מ׳האָט ערעוו דער שכיטע פונעמ 7-טנ נאָיאבער צוגענומענ די מיטגלידער פונעמ יידנראַט אינ שוצ-ארעסט, האָט טולסקיס אופירונג ארויסגערופנ גרויס פארדאַכט. ער איז די גאַנצע צייט געווענ אינ דער נאָענטסטער פארבינדונג מיט דעמ געסטאַפאָ-אויסוורפ גאָראָדעצקי אונ האָט זיכ געהאַלטנ פּראָוואָקאַטאָריש לעגאַבע די איבעריקע יידנ, וואָס זיינענ מיט אימ דאָרט געווענ. ווענ מיר האָבנ פונעמ קאָמיטעט באַקומענ דאָס צעטל פאַמיליעס, מיט וועמענ מיר דאַרפנ זיינ פארבונדנ, האָט טולסקיס פאַמיליע ארויסגערופנ בא אונדז דעמ גרעסטנ ווידערווילנ. „ס׳מאַכט ניט אויס — האָט מענ אונדז פונ קאָמיטעט געענטפערט, — טולסקי האָט זיכ אַזוי געפירט, קעדיי זיכ צו מאַסקירנ”. כאָטש טולסקי פלעגט דיסציפּלינירט אויספילנ אַלצ, וואָס מיר פלעגנ אימ באַפוילנ (מיר האָבנ אינ זיינ באַצירק געהאַט כאַוויירימ, וואָס פלעגנ נאָכ אימ נאָשפּירנ), האָט ער אָבער דאָכ קיינמאָל אונדזער פולנ צוטרוי ניט געהאַט. נאָכ מער פארדעכטיק איז אונדז געווענ דאָס, וואָס ער פלעגט טאָג-טעגלעכ זיכ באַמיִענ אויסגעפינענ אונדז אונ זיכ מיט אונדז טרעפנ. ווענ ער האָט זיכ דערוווּסט, אַז די קעסלהייצער-אָפּטיילונג פונעמ שפּיטאָל איז דאָס אָרט, ווו מע קענ אונדז אָפט טרעפנ, איז ער געוואָרנ דאָרט אַנ אָפטער ארייַנגייער. דאָס האָט ארויסגערופנ א כשאַד בא די ארומיקע. צוליב טולסקינ טאַקע איז אונדז אויסגעקומענ צו ליקווידירנ אונדזער שטאַב-קוואַרטיר אינ דער „קאָטשעגאַרקע”, וועלכע האָט אונדז גוט געדינט אינ די ערשטע כאַדאָשימ פונעמ געטאָ-אונטערערד.

## IX. דער איינציקער אויסוועג — באַוואָפנטער קאַמפּ!

בא דער פארצווייגטקייט אונ פילזייטיקייט פונ אונדזער אונטער-ערדישער ארבעט אינ געטאָ האָבנ מיר שטענדיק געדענקט אונדזער גרונט-אויפגאַבע: ארויספירנ קאַמפּספייִקע מענטשנ פונ געטאָ אינ וואַלד, אינ די פּארטיזאַנישע אָטריאַדנ. מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ דורכנ שטאָט-קאָמיטעט, אַז צו די שטאָטישע ווייסרוסישע גרופּעס, וועלכע פלעגנ סיסטעמאַטיש אָפּגעשיקט ווערנ אינ די פּארטיזאַנישע אָטריאַדנ, זאָלנ זיכ פאַרייניקנ גרופּעס פונ געטאָ. וואָכ-בא-וואָכ פלעגנ פונ געטאָ אָפּגעשיקט ווערנ כאַוויירימ, וועלכע פלעגנ אפּ די טרעפּ-פּונקטנ (דעריקער אפנ סטאָראָזשאָווקער מאַרק) זיכ באַגעגענענ

מיט די וועג-פירער אונ פונ דאָרט שוינ דירעקט אָפּגיינ צו די פארטיזאנישע באזעס. די גרופעס, ווי ס'איז שוינ געזאָגט געוואָרנ, פלעגנ צונויפגעשטעלט ווערנ דורכ די סעקרעטארנ פ.נ די „צענטלעכ”, וועלכע זיינענ פערזענלעכ געווענ פאראנטוואָרטלעכ, אז זייערע קאנ-דידאטנ זאָלנ ווי געהעריק זיינ צוגעגרייט. מיר פלעגנ יעדנ כאווער באזונדער דערציילנ וועגנ די אויסערגעוויינלעכע שוועריקייטנ, אונ אָנזאָגנ פלעגנ מיר יעדנ איינעמ: 1) געדענקענ, אז דער וועג צוריק אינ געטאָ איז פאר אימ אָפּגעשניטנ; 2) העלפנ וואָס מער מענטשנ ארויספירנ פונ געטאָ; 3) באווייזנ א ביישפיל פונ קאמפספייקייט אונ דערמיט פארזיכערנ א גוטנ אופנעמ פאר אלע, וואָס וועלנ פונ געטאָ קומענ אינ די אָטריאדנ.

דער אויפנ פונ ארויסגיינ פונ געטאָ איז צו יענער צייט ניט געווענ קיינ שטארק קאָמפליצירטער: די אויסגעטיילטע כאוויירימ פלעגנ זיכ פארייניקנ צו אנ ארבעט-קאָלאָנע (קיינ שטארקער קאָנטראָל איז נאָכ דאנ ניט געווענ). אינ וועג פלעגט מענ פונ זיכ אראָפּרייסנ די געלע לאטע אונ נעלעמ ווערנ אינ א זייטיק געסל, אונ ווייטער שוינ דערקלייבנ זיכ צומ אלגעמיינעמ טרעפ-פונקט. אלע אונדזערע כאוויירימ האָבנ אינ געטאָ באקומענ דעמ פאראָל אונ דעמ באשטימטנ צייכנ, לויט וועלכנ דער שטענדיק-אָנוועזנדיקער מיטגליד פונ שטאָט-קאָמיטעט פלעגט דערקענענ, ווער ס'איז געקומענ פונ געטאָ.

מיט אונדזערע שטענדיקע טייגעס צומ קאָמיטעט, אז ער גיט אונדז צו ווייניק מעגלעכקייטנ אָפּצושיקנ מענטשנ אינ די אָטריאדנ, האָבנ מיר געפועלט, אז ער האָט אונדז פארבונדנ מיט דער אונ-טערערדישער אָרגאניזאציע פונ די אייזנבאנ-ארבעטער, בעראָש פונ וועלכער ס'איז געשטאנענ רער כ' קוזנעצאָוו (שפעטער — קאָמיסאר פונ דער פארטיזאנישער בריגאדע „פאָלקס-נעקאָמענעמער” אפ וואָראָ-ניאנסקיס נאָמענ). די אייזנבאנער פלעגנ אונדזערע מענטשנ אויסבא-האלטנ אינ די קוילנ, אינ די לאָקאָמאָטיוונ אונ זיי דערפירנ ביז יענע סטאנציעס, פונוואנענ ס'איז שוינ ניט ווייט געווענ ביז צו א פארטיזאנער-באזע. אפ אזא אויפנ זיינענ העכער 500 יידנ פונ מינ-סקער געטאָ אָפּגעשיקט געוואָרנ אינ די פארטיזאנער-רייענ.

וואָס מער מענטשנ ס'גייענ אוועק פונ געטאָ אינ וואלד, אלצ גרעסער ווערט דער דראנג בא די געבליבענע שנעלער אוועקצוגיינ צו די פארטיזאנער. מיר זיינענ אָבער בעשומ-אויפנ ניט בעקויעכ געווענ צו באפרידיקנ דעמ ווילנ פונ די אלע סאָוועטישע פאטריאָטנ, וואָס רייסנ זיכ צומ דירעקטנ, באוואָפנטנ קאמפ. מיר אליארמירנ דעמ

קאָמיטעט, מיר מאָנען און פאָדערן אָן אויפהער, עס גייט זיך אונדז איין צו פאַרגרעסערן די צאָל פאַרטיזאַנער-גרופּעס. ס'גייען שוין אַוועק ניט קיין איינצלנע, נאָר צענדליקער, גרופּעסווייז. דער קאָמיטעט וואָרנט, אַז ער פאַרמאָגט ניט אין זיין רעשוס אַזויפיל וועג-פירערס, אַז מיר וועלן זיך מוזן באַגרענעצן בלויז מיט מינדלעך-געגעבענע מאַרשרוטן. מיר מוזן דערויף איינגיין, כאָטש עס קומען אָפט פאָר קאַטאַסטראָפעס. אויף די באַשטימטע פונקטן טרעפן ניט אונדזערע מענטשן די דערוואַרטע אָטריאַד-פאָרשטייער. דעם סוינס גאַרניזאָנען זיינען פול אין דער גאַנצער געגנט. בלויז דער מינדסטער קלאַנג, אַז ייִדן בלאָנקען אַרום — און ס'באַווייזן זיך גלייך היטלערישע שטראָף-אָטריאַדן. אונדזערע מענטשן זיינען ניט גענוג באַוואָפנט (וואָס באַטייט אַ פּיסטאָלעט קעגן אַן אויטאָמאַט און אַ קוילנוואַרפער?). דעריבער טרעפן דורכפאַלן. טיילמאָל טרעטן אונדזערע מענטשן אויף פאַר די שוועריקייטן און קערן זיך צוריק אום אין געטאָ. אַזוי איז געשען מיט ג. פרידמאַנען און מ. אַראָצקערן, וועלכע האָבן געדאַרפט עטלעכע מעסלעס וואַרטן אין אַ וואַלד, ביז ס'וועלן אָנקומען ווייסרוסישע פאַרטיזאַנער. זיינען זיי פאַר דער צייט אַוועק און געקומען צוריק אין געטאָ. דער קאָמיטעט האָט טענעס צו אונדז, אַז מיר קלייבן ניט גענוג אויף פּאַסיקע מענטשן פאַרן קאַמף אינעם סוינס הינטערלאַנד. דער קאָמיטעט פאָדערט פון אונדז, מיר זאָלן די צוריקגעקומענע שטעמפּלען ווי דעזערטירן. מיר האַלטן, אַז דאָס אַלץ איז בלויז „רעבע-געלט", אַז באַם אָנהייב, אָן אַ ברעקל דערפאַרונג, זיינען אַזעלכע דערשיינונגען אומפאַרמיידלעך. מיר פאַרשטאַרקן גרינטלעך דעם אָפּקלייב פון די קאַנדידאַטן. די צוריקגעקומענע מעלדן מיר: בלויז מיט העלדנמוטיקן קאַמף וועט איר פון זיך אָפּוואַשן דעם שאַנדפלעק אַלס דעזערטירן. (די ככ' פרידמאַן, אַראָצקער און אַנדערע פון די צוריקגעקומענע האָבן שפּעטער אין דירעקטן באַוואָפנטן קאַמף מיטן סוינע אַראָפּגענומען פון זיך דעם דעזערטירן-פלעק. זיי זיינען מיט אַ העלדן-טויט אומגעקומען אַלס געטרייע קעמפער פון דער פאַרטיזאַנער-באַוועגונג).

דער מאַסן-אָפּגאַנג אין די פאַרטיזאַנער-רייען הייבט אָן צוגעבן אַ נייַ פּנים דעם דעמלטיקן לעבן אין געטאָ. מענטשן היטן ניט אויף די עלעמענטאַרסטע קאָנספּיראַציע-קלאָלים, מע קלייבט זיך צונויף אַרום דעם אַוועקגיין אין וואַלד, מע פאַראַדירט אָפט אָפן מיט געווער. מיר אַלאַרמירן, מיר וואָרענען, אַז ס'קען קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע, אָבער ביז ס'קומען ניט קיין שטאַרקע קלעפּ פון סוינס

(וועלכע זײַנענ גראָד ניט געווענ קיינ רעזולטאט פונ דעמ מאסנ-אָפגאנג אינ די אָטריאדנ), העלפנ ניט אלע אונדזערע וואָרענישנ צו זײַנ מער פאָרזיכטיק.

ס'איז ארעסטירט געוואָרנ עליע מושקינ. ניט וויכנדיק געגנ די כיבעס פונעמ ארעסט, באפוילנ מיר אלעמענ, ווער ס'איז מיט אימ געשטאנענ אינ פארבינדונג, טיפער אראָפצוגיינ אינ אונטערערד. אונדזערע מענטשנ אינעמ ייִדנראט גיבנ מיר ארויס פאלשע פעסער (וועמענ מיר מאכנ פאר א רוס, וועמענ פאר א טאָטער, פאר א קאראימער אדג"ל.), זיי זאָלנ צו יעדער צײַט זיכ קענענ אָפטראָגנ פונ געטאָ. בא אונדז ארבעט די גאנצע צײַט א גוט-פארקאָנספירירטער פאָטאָגראפישער ווארשטאט, מיט וועלכנ ס'פירט אָנ דער געוועזענער ביטארבעטער פונ דער סאָוועטישער פרעסע סאָלאָווייטשיק, קעדיי אונדז צו באזאָרגנ מיט פאָטאָגראפיעס צו פאלשע פעסער, אונ א ספעציעלער דאָקומענטנ-ווארשטאט, ווו ס'ארבעטנ אונדזערע „מאכערס“ מאָטיע שערמאנ אונ געניע קאפלאנ. אײנצלנע פונ אונדז האָבנ געוווּסט, אז בא מושקינענ האָט זיכ אינ מעשעכ פונ עטלעכע וואָכנ ארויסבאהאלטנ א דײַטשישער אָפיצער, וועלכער האָט ניט געוואָלט מיטמאכנ היטלערס אומזינ-מארש אפנ מיזרעכ. באזאָרגט מיט פאלשע דאָקומענטנ אונ ציוויל-קליידונג, איז דער דאָזיקער אָפיצער אוועק אינ דער ריכטונג פונ מיזרעכ-פרײַסנ. עפשער איז ער אפנ וועג דורכגעפאלנ אונ האָט מושקינענ ארויסגעגעבנ? מיר גיבנ א דירעקטיוו ה. רודיצערנ: פאר יעדנ פרײַז זיכ דערוויסנ, וועגנ וואָס עס האנדלט זיכ, אונ מיר דערוויסנ זיכ: מושקינ ווערט באשולדיקט אינ וועלנ אונטערקויפנ א דײַטשישנ פאָליציי-מאנ, קעדיי צו באפרײַענ אנ ארעסטירטנ ייִדנ. מושקינס ארעסט איז זייער פײַנלעכ אופגענומענ געוואָרנ דורכ דער געטאָ-באפעלקערונג. אינ אימ האָבנ מינסקער ייִדנ געזענ אנ אייגענעמ, סאָוועטישנ מענטשנ, כא וועלכנ מע האָט געקענט זיכ אויסריידנ דאָס הארצ, זײַענדיק זיכער, אז ער וועט ניט ארויסגעבנ. אפ מושקינס אָרט קומט אינ ייִדנראט יאָפע — דער געוועזענער ווארשעווער פאָרשטייער פונ דער ראדיאָ-פאבריק „עלעקטריט“ (פונ ווילנע). מיט אימ צוזאמענ ארבעט אויכ דער פאר די מינסקער ייִדנ פולשטענדיק פרעמדער בלומענשטאָק — א ייִד פונ דײַטשלאנד, וואָס איז דורכ די אומוועגנ פונ דער מילכאָמע געקומענ אינ סאָוועטנ-פארבאנד. אינעמ ייִדנראט הייבנ אָנ, נאָכ אינ א גרעכערער מאָס ווי פריִער, זיכ באווײַזנ פראָוואָקאטאָרישע טיפנ, אזא ווי ראָזנבלאט, עפשטיינ, ווײַנשטיינ אונ זייערס גלײַכנ, וועלכע האָבנ צוגע-

לייגט זייערע פאַרבלוטיקטע לאַפּעס צו דער אויסראָטונג פון די מינסקער ייִדן (זיי אַליין זײַנען שפּעטער, ווי די הינט, געפּאַטערט געוואָרן דורך זייערע געסטאַפּאָ-באַלעבאַטים). די אַרבעט פון אונדזער גרופּע אינעם ייִדנראַט ווערט דעריבער נאָך שווערער און פאָדערט גרעסערע פאַרקאָנספּירירטקייט.

קימאַט אייגנצײַטיק באַקומען מיר די ידיעה, אַז „זשענקע" (דאָ־ווידקע געראַציק) איז אַרעסטירט. אין אַ בריוול פון טפּיסע גיט אונדז „זשענקע" צו וויסן, אַז אין געסטאַפּאָ האָט מען אים שווידערלעך געפּײַניקט, ער האָט אָבער קיינעם ניט אַרויסגעגעבן. „אַרבעט ווײַטער, טײַערע כאַווייריִם, און זײַט רויִק, — פאַרזיכערט אונדז דער דאָזיקער באַשיידענער 17-יאָריקער העלד, — דער סוינע וועט זיך פון מיר גאָרניט דערוויסן". מיר טוען אַלץ, וואָס ס'איז נאָר מעגלעך, קעדיי „זשענקען" צו ראַטעווען. ה. רודיצער זאַמלט צונויף 100 רובל גאָלד, קעדיי אויסקויפן „זשענקען". ס'איז שוין אָבער שפּעט. דער אייניקער געפינט זיך אין געסטאַפּאָ. „זשענקעס" גורל איז שוין אַ געכאַסמעטער. ער ווערט פאַרפּײַניקט אין די קעלערן פון די היטלער-מערדער. ס'איז בײַ אונדז צוגענומען געוואָרן איינער פון די, וואָס האָט אין זיך פאַרקערפּערט די בעסטע מײַלעס פון יונגן סאָוועטישן דאָר: אומדערשראָקנקײַט אין קאַמף מיטן סוינע, גרענעצלאָזע ליבע און געטרײַשאַפט צו זײַנע געפּײַניקטע ברידער, איבערגעגעבנקײַט דעם סאָציאַליסטישן היימלאַנד.

---

אונדזער פאַרבינדלערן מיט די ייִדנראַט־מענטשן כאַסיע בינדלער גיט אונדז איבער: אונדזערע אָנפאַרטרויטע פונעם ייִדנראַט פאָדערן דרינגענד אַ טרעפונג מיט אונדז. ס'איז קלאָר: עס שמעקט מיט אַ צאָרע!

פולשטענדיקע פאַרלוירנקײַט הערשט בײַ דער גרופּע פונעם ייִדנראַט. געסטאַפּאָ פאָדערט פון זיי צושטעלן צום 2-טן מאַרט צען טויזנט אַרבעטער אינדערפרי 5000 ייִדן, קלוימערשט קעדיי אָפּצושיקן אויף אַרבעט. געסטאַפּאָ וואָרנט, אַז אין דער צאָל דאַרפן ניט זײַן די, וועלכע אַרבעטן אויף צוואַנגס-אַרבעט אין די דײַטשישע אונטערנעמונגען. אויף דאָלסקיס פראַגע, צי קענען קליינע קינדער און אַלטע לײַט אויך אַרײַן אין דער צאָל פון די 5000, ענטפערן די געסטאַפּאָלײַט: „דאָס איז גאַנץ עגאַל". דער אייניקער איז קלאָר.

עמעצן פון די ייִדנראַט-מענטשן לייגט מען פאָר עפּשער צונויפשטעלן

א צעטל פון אינוואלידן, זקנים, קעדיי זיך אויסצוקויפן פונעם מלאכס הענט און ראטעווען דערמיט די יונגע, די נייטיקע. אונדזער דירעקטיוו איז א קאטעגאָרישע: „קיין שום האנדל מיט יידישע נעשאָמעס!“ מיר באפוילן זיאמע סערעבריאנסקין אָפקלייבן די זיכערסטע פון דער געטאָ-וואך, זיי זאָלן באצייטנס וואָרענען, מע זאָל זיך אויסבאהאלטן. מיר גיבן צו וויסן (מיט א וואָרענונג ניט צו מאכן קיין טומל, קעדיי דער סוינע זאָל זיך ניט כאפן, אז מיר ווילן זיינע פלענער צעשטערן), אז אינעם טאָג פונעם צווייטן מארט זאָל, ווער עס קאָן, זיך ארויסכאפן פון געטאָ — ווער אפ ארבעט, ווער צו באקאנטע ווייסרוסן. אין די ווארשטאטן פונעם יידנראט איז צוגעגרייט א מאלינע פאר עטלעכע הונדערט מאן מיט אן ארויסגאנג אין שטאָט. אין די כורוועס אפ מיאסניצקי־גאס, וואָס האָט אויך פריער געהערט צו דער געטאָ, זיינען צוגעגרייט באהעלטענישן. די געטאָ-באפעלקערונג איז געוואָרנט וועגן דער גרויסער געפאר, זי איז אָבער פארטייעט אין זיך, קעדיי דער סוינע זאָל זיך ניט אָנשטויסן און ניט אָנפאלן אומדערוואַרט.

אין דעם דאָזיקן בלוטיקן טאָג פון 2-טן מארט 1942 קומט אלץ פאָר מיט דייטשישער סיסטעמאטישקייט און פינקטלעכקייט: די ארבעט־קאָלאָנעס, באזונדערס גרויסע אין דעם דאָזיקן טאָג, גייען אוועק צו דער ארבעט. נאָך זייער אוועקגיין קומען אָן די פאָרשטייער פון געסטאפּאָ און פאָדערן די 5.000 מענטשן, ווייל „דער צוג איז טיקס אונד פערטיג“ צום אָפּפאָרן... זיי ווארפן זיך אפ די יידנראט-לייט, שיקן פאנאנדער די אָרדענונגס-וואך צו ברענגען די מענטשן, און ס'קומט גאָרניט ארויס. די געסטאפּאָ-באנדיטן פאלן אריין אין דעציבע, זיי לאָזן זיך איבער דער געטאָ מיט א שיסעריי פון פיסטאָלעטן און אווטאָמאטן, און ס'גיט זיך זיי זעלטן איין צו כאפן א מענטשן. זיי פאלן אָן אפ די קינדערלעך פון קינדערהויז, שלאָגן, הארגענען, שטעלן אויס א קאָלאָנע בעראָש מיט דער פאר־וואלטערן פליישער און דער דאָקטערן טשערניס, וועלכע טראָגן די יינגסטע קינדערלעך אפ די הענט. ניט ווייט פונעם יידנראט, אפ ראטאָמסקער גאס נומער 35 הייבן די דייטשן אָן די קינדערלעך לע־בעדיקערהייט צו ווארפן אין א גרוב און פארשיטן זיי מיט זאמד. די פארבאהאלטענע אין די געטאָ-מאלינעס ווערן אופגעטרייסלט פון די שווידערלעכע געשרייען, וואָס דערטראָגן זיך אין אלע ווינקעלעך פון געטאָ פון די לעבעדיק-געוואָרפענע אין גרוב. באלד קומט אָן אהין דער אויבער-טאליענ פון ווייסרוסלאנד קובע, ער ווארפט

צוקערלעכ די קינדער, וואָס ווערנ לעבעדיקערהייט געוואָרפנ אינ קייווער...

ס'ווערט טונקל. די צעיושעטע בלוטגיריקע געסטאפאָ-לײַט דראָענ די ייִדנראט-מיטגלידער מיט אופהענגענ. קובע גיט א באפעל: זיכ נעמענ צו די ארבעט-קאָלאָנעס. די אָנקומענדיקע ארבעטער לאָזט מענ ניט ארײַנ אינ געטאָ. בא די געטאָ-טויערנ אפ שאָרנע-גאס באפוילט מענ זיי זיכ אויסציִענ אפנ שניי. ס'הייבט זיכ אָנ א שוידערלעכע עקזעקוציע. עס סוישטשענ די געסטאפאָ-נאהײַקעס. ווער עס פרוווט זיכ ארײַנבאקומענ אינ געטאָ, מיט דער האָפענונג זיכ צו דערקלײַבנ ביז א באקאנטער מאלינע, ווערט אפנ אָרט דערשאָסנ. שאָרנע-גאס אונ די אָבוטקאָווע-גאס ווערנ פארפלייצט מיט בלוט. דאָ האָבנ מיר שפעטער געפונענ דערהארגעטע אפ די געטאָ-צוימענ די קאָמיוגיסטנ דאָוויד פלאָטקינ אונ כײַע באָטווינִיק.

מוישע לעווינ (בער סארינ) האָט געארבעט אלס מאָלער אינ דער מינסקער טפיסע. ער איז געווענ דער קאָלאָנע-עלטסטער, דורכ אימ פלעגנ מיר באקומענ יעדיִעס וועגנ נײַ-ארעסטירטע, קעדיי עס איבערצוגעבנ דעמ שטאָט-קאָמיטעט. מ. לעווינ האָט אינ זײַנ קאָלאָנע געהאט צוגעגרייט מענטשנ אפ אָפצושיקנ אינ פארטיזאנישנ אָטריאד. ער אליינ איז דורכ צונדז געווענ אָנגעמערקט פאר א גרויסער פארטיזאנישער גרופע, ווײַל כוצ וואָס ער איז געווענ א שרײַבער אונ א מאָלער, האָט ער אויכ געהאט א גוטע מיליטערישע צוגרייטונג — ער איז געווענ א גלענצנדיקער טאָפאָגראפ. דעמ 2-טנ מארט האָט דער טפיסע-שעפ ארויסגענומענ מ. לעווינענ פונ דער אלגעמיינער קאָלאָנע, קעדיי אימ צו ראטעווענ, ווײַל ער האָט אימ געדארפט האָבנ אלס קוואליפיצירטנ ארבעטער. מ. לעווינ שטעלט זיכ אָבער אײַנ פאר דער גאנצער קאָלאָנע. ער קומט אומ צוזאמענ מיט די אלע, וועלכע האָבנ פונ אימ דערוואוסט, אז ער וועט זיי ארויספירנ אינ פארטיזאנישנ אָטריאד.

מאשע אלעקסאנדראָוויטש האָט פאר די אלע געטאָ-כאדאָשימ קיינ איינ טאָג ניט געארבעט בא די דײַטשנ. זי האָט ניט נאָר אליינ זיכ גוט אויסבאהאלטנ, זי האָט באוויזנ ראטעווענ פונ די פילמאָליקע אָנפאלנ איר טעכטערל נאָימעלע. איינ ארבעטסטאָג — דעמ 2-טנ מארט — האָט זי אָפגעגעבנ די אָקופאנטנ, אונ זי איז אומגעקומענ צוזאמענ מיט איר גאנצער ארבעט-קאָלאָנע.

ס'זײַנענ געווענ מענטשנ, וועלכע האָבנ נאָכ געהאט איליוזיעס: אונ עפשער האָט מענ די געכאפטע ווירקלעכ אפ ארבעט ארויסגע-

פירט. אין געטאָ זײַנען צוריקגעקומען אייניקע, וועלכע זײַנען פון וועג אנטלאָפן. מ׳האָט זיי אַרײַנגעזעצט אין לאסט־וואגאָנעס און זיי געפירט אפ מײַידענעק. שפעטער האָבן מיר שוין גענוי געוווסט: בא קוידאנאָוו זײַנען גרייט געווען גריבער. דאָרט געפינען זיך די אלע, וואָס זײַנען געכאפט געוואָרן אינעם גרויל־טאָג פונעם 2־טן מארט.

נאָך די דאָזיקע געשעענישן איז פאר אונדז קלאָרער געוואָרן ווי ווען־עס־איז: די טערמינען ווערן אלץ קירצער. די ענדגילטיקע אויסראָטונג פון דער געטאָ־באפעלקערונג קאָן קומען א סאך שנעלער, איידער מיר וועלן באוויַיזן עפעס־וואָס אין א ברייטערן פארנעם אופצוטאָן. ס׳וואקסט די נערוועזקייט צווישן אונדזערע כאוויירים. מיר אליארמירן דעם קאָמיטעט, און פון דאָרט קומט דער ענטפער: מיט אלץ, וואָס מיר וועלן בעקויעך זײַן, וועלן מיר העלפן. דאָס אוועקגיין אין די אָטריאדן קומט פאָר נאָכן 2־טן מארט א סאך אָפטער ווי פאר דעם. מיר שיקן אוועק די גאנצע באוואָפנטע גרופע פונעם כ׳ קאגאן אין דער בריגאדע פון „דיאדיע וואסיע" מיטן אָנזאָג אויסצוטרעטן א וועג פאר ברייטע מאסן פון געטאָ. טרעפט ווידער אן אומגליק. אפן באשטימטן פלאץ איז ניט געקומען דער וועג־ווײַזער. מיר דערלויבן ניט קיינעם זיך אומקערן אין געטאָ. אהין גייט אוועק סלאוועק, און ער ווערט אלײן דער וועג־פירער. מיר שיקן אוועק א צווייטע גרופע בעראָש מיט אונדזערע אקטיווע טוער די ככ׳ מאָטיע פּרוסלין, כאיִם אלעקסאנדראָוויטש, מייער פעלדמאן, לענע מײַזעליס, הערשל דאָבין אאַ. קעדיי צו שאפן א נײַעם פארטיזאנישן אָטריאד. א דריטע גרופע בעראָש מיט די ככ׳ נאום פעלדמאן, געצל אָפּנהיים, וו. קראוטשינסקי אאַ. שיקן מיר אין אן אנדער ריכטונג. ניט דער־ווארטנדיק קיין יעדיע פון זיי, שיקן מיר אהין נאָך א גרופע. אין וועג זײַנען פאראן קאָרבאָנעס. ס׳קומען אום פון סויגעס קוילן די ככ׳ סוקעניק, אראָצקער, פעסין. ס׳קומט אום איינער פון די באַ־קאנטסטע פערזענלעכקײַטן צווישן די ארבעטער פון ווײַסרוסלאנד, איינער פון די ערשטע סטאכאנאָוצעס אין ווססר — הירש סקאָבלא. ער האָט אָפּגעפרוירן די פיס, קען זיך מער פון אָרט ניט רירן. און דאָ, אין דער געגנט, גייט אן אָבלאווע פון געסטאפּאָ קעגן פאר־טיזאנער. נאום פעלדמאנס גרופע קומט אָן אפן אָרט, ווו ס׳דארף זײַן דער פארטיזאנישער אָטריאד, פונקט אין מאָמענט פון א שלאכט. זיי קענען בעשום־אויפן ניט קריגן קיין פארבינדונג און קערן זיך צוריק אום אין געטאָ. מיר שטעלן זיך פאר קיין שום זאך ניט אָפּ. מיר שיקן ארויס די קאָמיוגיסטן סאָניע לעווין און וויטיע פעלדמאן

אין דער געגנט פון סטאראָסטעלסקער וואלד, קעדיי געפינען פאר־בינדונגען מיט פארטיזאנער. מיר מעלדן דעם קאָמיטעט: מיר וועלן אליין נעמען זוכן וועגן, מיר וועלן אליין שאפן באזעס, קעדיי ארויסצופירן אהין די מענטשן פון געטאָ און אין וואָס א גרעסע־רער צאָל. דער קאָמיטעט דערווידערט ניט, און מיר באשליסן צו שאפן אייגענע, יידישע פארטיזאנישע באזעס.

אין א שכיינעסדיקן וואלד, א קילאָמעטער פינף אונטער מינסק, שיקן מיר ארויס בא פערציק מאן, באוואָפנטע מיט גראנאטעס, ביקסן און פיסטאָלעטן. פאר א נאכט שיקט צו דער קאָמיטעט צו דער דאָזיקער גרופע בא דרייסיק ווייסרוסישע אייזנבאן־ארבעטער. ס'איז שוין גרייט דער קערן פאר א נייעם פארטיזאנישן אָטריאד. אלס פאראנטוואָרטלעכן אָרגאניזאטאָר טיילן מיר אויס דעם סעקרעטאר פון א „צענטל" דעם כ' דאָלבין. אהין קומט סלאוועק, קעדיי צו קאָנטראָלירן דעם באשטאנד און דאָס געווער. ער איז מיט אונדזער אָפּקלייב צופרידן. ער קערט זיך אום אין שטאָט, קעדיי צו שיקן דעם באשטימטן קאָמאנדיר פון אָטריאד. ס'גייט דורך די נאכט. די ווייסרוסישע כאוויירים, ניט דערווארטנדיק זיך אפן קאָמאנדיר, קערן זיך אום אין שטאָט. וואָס זאָלן אָבער טאָן די יידן? דאָס וועלדל איז קליין, ס'דרייען זיך ארום פארשיידענע מענטשן אין שכיינעס מיטן וואלד, אָבער וועגן אומקערן זיך אין געטאָ קלערט קיינער ניט. אלע ווייסן דעם קאטעגאָרישן אָנזאָג: „דער וועג אפ צוריק איז אָפּגעשניטן!" אפ צומאָרגנס פאלן אָן היטלעריסטן אפן וואלד. מיר האָבן אָבער באזאָרגט די גרופע מיט א פאלשן דאָקומענט, „געצייכנט" דורכן גענעראל־קאָמיסאר קובע, אז די יידן פון מינסקער געטאָ זיינען באשטימט אפ פארגרייטן האָלצ פארן גענעראל־קאָמיסאריאט (מיר האָבן אלעמען געהאט באזאָרגט מיט זעג און העק). די היטלע־ריסטן זידלען אונדזער אוילעם, פארוואָס זיי שטייען ליידיק, אָבער דער טערעצ גייט אָן. ס'קומט אָן א דריטער טאָג. די לאגע ווערט געפערלעכער פון מינוט צו מינוט. ס'ניטאָ קיין אנדער אויסוועג, און מיר באפוילן די כאוויירים זיך אומקערן צוריק אין געטאָ. אייניקע שטעלן זיך קעגן: צוריק גייען מיר ניט. דער כ' מישע יופא, געוועזענער מיטארבעטער פון מינסקער פאָליטעכנישן אינסטיטוט, קלייבט אָפּ א גרופע באוואָפנטע און לאָזט זיך מיט זיי אין וועג זוכן אן אָטריאד. פון דאנן אָן איז זייער שפור פארשווונדן. אפן וועג צוריק אין געטאָ לאָזן זיך נאָכ אונדזער גרופע היטלעריסטן אפ וועלאָסיפעדן. ס'קומט אום דער זשורנאליסט כ' יאָסעפ מינדעל,

איינער פונ די אקטיווסטע כאוויירימ איז כ׳ נאומ ברוסטינס „צענטל“, וועלכער האָט א סאַכ געווער געהאט אריַינגעבראכט אינ געטאָ.

דער דאָזיקער אונ ענלעכע דורכפאַלנ אפנ וועג צומ פאַרבריי־טערנ אונדזערע מעגלעכקייַטנ ארויסצופירנ אונדזערע מענטשנ פונ געטאָ שוואכנ ניט אָפּ אונדזערע באַמיִונגענ אונ זוכענישנ. די אכרייַעס איז גרויס. דער אָפּקלייַב פונ שטאנדהאַפטיקע מענטשנ מוז ווערנ נאָכ זאָרגעוודיקער, עס זאָלנ ניט אריַינפאַלנ קיינ פאניק־מאכער. יעדע גרופּע, וואָס גייט אָפּ אינ וואַלד, ווערט פונ דאנ אָנ קאָנטראָלירט דורכ אונדזער אָנפירונג פערזענלעכ. דער זאמל־פונקט ווערט די קיכ פונ ייִדנראט. יעדנ אָוונט, נאָכ דעמ, ווי די קאָלאָנעס קערנ זיכ אומ פונ דער ארבעט, זאמלענ זיכ צונויפ אינ דער דאָזיקער קיכ די אויסגעטיילטע קאנדידאטנ. מיר שמועסנ מיט יעדנ כאווער באזונדער, קאָנטראָלירנ דאָס געווער, אונ געזעגענענדיק זיכ, זאָגנ מיר אָנ: „דער טויט לויערט איבער אונדז אפ שריט אונ טריט, בעסער פאלנ אינ קאמפ, איידער ווי די מייַז דערשטיקט ווערנ אינ דער שענדלעכער געטאָ!“

די גאנצע גרופּע „מישלינגענ[1]“ (ע. גארוסעוויטש, ד. באראנ אא.) זייַנענ דורכ אונדז מאָביליזירט. אָנ געלע לאטעס, נאָר מיט ווייַסע אָרעמבענדער, אלס קאָלאָנענ־פירער, באגלייטנ זיי טאָג־טעגלעכ די גרופּעס פונ געטאָ, וועלכע גייענ אָפּ אינ די וועלדער. אונדזער ווארשטאט פונ פאלשע דאָקומענטנ איז באזאָרגט דורכ די דרוק־ארבעטער קאפּלאנ, פרעסמאנ, ראפּאָפּאָרט אא. מיט שטעמפּלענ אונ בלאנקענ פונ די פארשיידנסטע דייַטשישע מיליטער־אנשטאלטנ. יעדע גרופּע, וואָס ווערט אָפּגעשיקט פונ געטאָ, איז באזאָרגט מיט א דאָקומענט, אז זי ווערט געשיקט האקנ האָלצ, גראָבנ טאָרפּ אונ טאָנ אנדערע ארבעטנ אויסער דער שטאָט. דער קאָמיטעט גיט אונדז אויכ א ווייַסרוסישנ כאווער, אָנגעטאָנ אינ פּאָליציי־קליידער, וואָס באגלייט אונדזערע כאוויירימ אינ וועג. דער פארנעמ פונעמ ארויס־גייִנ פונ געטאָ ווערט אלצ גרעסער, אונ ער קומט פאָר קימאט אפ אלעמענס אויגנ. מיר פילנ אונ ווייסנ גענוי, אז דאָס וועט סאָפּקאָל־

1 „מישלינגענ“ האָבנ געהייסנ קינדער פונ א פאָטער א ווייַסרוס אונ א מוטער א ייִדישע אָדער פארקערט. מישלינגענ האָבנ געהאט רעכט ניט צו טראָגנ קיינ געלע לאטע אונ צו וווינענ אויסער דער געטאָ. א גרופּע. יונגטלעכע האָט זיכ אייַנגעגעבנ אייַנצושאפנ דאָקומענטנ, אז זיי זייַנענ „מישלינגענ“.

סאָפ ברענגענ צו גוואלדיקע אומגליקנ. מיר וואָדענען, מיר פאָדערנ מער פאַרזיכטיקײַט.

באם אָפשיקנ אינ די אָטריאַדנ גיט אונדז א באדײַטנדיקע הילפ די גרופּע פונעם יידנראט. די בעקערײַ באזאָרגט אונדז טעגלעכ מיט ברויט אינ אזא מאָס, אז מיר זײַנענ בעקויעכ מיטצוגעבנ יעדנ כאווער עסנ אפ צוויי מעסלעס. די ווארשטאטנ באזאָרגנ אונדז אינ א גענוגנדיקער מאָס מיט וואטע-קליידער אונ ווארעמע היטלענ, טיילווײַז אויכ מיט וואָליקעס. ס'וואקסט אויכ די אָרגאניזירטע געזעלשאפטלעכע הילפ פאר די מאָרגעדיקע פארטיזאנער. די קאָמיוגיסטנ סימע שווארצ פירט אָנ מיט א גרעסערער גרופּע פרויענ, וועלכע שטריקנ הענטשקעס מיט צוויי פינגער צום שיסנ אינ ווינטערבאדינגונגענ, מאכנ זאָקנ, נייענ וועש, פאריכטנ קליידער. די כ-טעס ראָכל קובלינ אונ ציליע באָטווינניק, אָרגאניזירנ א צווייטע גרופּע, וועלכע זאמלענ ווארעמ וועש, פאריכטנ קליידער פאר די, וואָס גייענ אוועק אינ די וועלדער. דער ענגער געטאָ-צימער פונ דער ארבעטערנ אידע אלער ווערט פארוואנדלט אינ א געהיימענ שנײַדערווארשטאט (באמ דויז שטייענ קינדער אפ דער וואכ, קעדיי צו וואָרענענ אינ פאל פונ א געפאר). אינ דעמ דאָזיקנ ווארשטאט נייט מענ מאסקיר-כאלאטנ. יונגע מיידלעכ זאמלענ פונ שטוב צו שטוב לײַלעכער. קיינער פרעגט ניט, צו וואָס אונ פאר וועמענ מע דארפ עס, מע גיט מיט פרייד, מיט א בראָכע אפ די ליפנ.

דער האנדל בא די געטאָ-צוימענ, וואָס ענדיקט זיכ טאָג-טעגלעכ מיט עטלעכע דערשאָסענע, איז דאנ גרעסער ווי ווענ-עס-איז. מע קויפט געווער — „דעמ נײַעמ סאָוועטישנ פאספאָרט", ווי מע רופט עס אָנ אינ געטאָ. מענטשנ גיבנ אָפ אלצ, וואָס איז זיי נאָכ געבליבנ, קעדיי זיכ אײַנצושאפנ א פיסטאָלעט, א גראנאטע, א ביסל ביקסנ-קוילנ.

אפ אונדזערער א זיצונג רופנ מיר ארויס דעמ כ' יִסראָעל לאפידוס אונ הייסנ אימ: אָפקלײַבנ מענטשנ, ארויספירנ זיי פונ געטאָ אינ וואלד אונ שאפנ א נײַע באזע פאר א מאסנ-ארויסגאנג פונ געטאָ. דער כ' לאפידוס נעמט אָנ דיסציפּלינירט אונדזער דירעקטיוו. אנ ענלעכע דירעקטיוו גיבנ מיר אויכ דעמ כ' נאום פעלדמאנ, וועלכנ מיר ווײַזנ אָנ א צווייטע ריכטונג (אפ מײַרעוו) פאר שאפנ א פארטיזאנישע מאסנ-באזע.

לויט דער רעקאָמענדאציע פונ אונדזערנ אנ אקטיווּנ טוער האָבנ מיר זיכ פארבונדנ מיט איינער א פרוי, סאָניע האָט מענ זי גערופנ, וועלכע איז לאכלוטנ ניט ענלעכ געווענ אפ קיינ יִדישער. געשטאמט

האָט זי פונ א שטעטל אינ מינסקער געגנט. מיר האָבנ זי באַזאָרגט מיט א פאַלשנ פּאַס, קעדיי זי זאָל פרײַ קענענ קומענ אינ אירע אַלטע מעקומעס אָנצובינדנ א קאָנטאַקט מיט די ווײַסרוסישע פויערימ אונ דורכ זיי — מיט די שכײנעסדיקע אָטריאַדנ.

סאָניע איז אוועק פונ געטאָ. אינ עטלעכע טעג אַרומ קומט זי מיט דער גליקלעכער בסורע, אַז זי האָט אַזאַ קאָנטאַקט געפונענ. זי איז שוינ געקומענ אינ שטאָט מיט א פּאַרטיזאַנ, קעדיי צו נעמענ מענטשנ אונ פונ אונדז באַקומענ פאַרנ אָטריאַד דאָס נייטיקסטע — א ראַדיאָ-אופנעמער, א שרײַבמאַשינ, מאַסקיר-כאַלאַטנ אַדגל. מיר האָבנ זיכ פאַרבונדנ מיטנ געקומענעמ פויער, באַזאָרגט מיט אַלצ, וואָס איז נאָר מעגלעכ געווענ, אונ האָבנ אויסגעריכט עטלעכע כאַווייריִמ זיכ גענוי דערוויסנ וועגנ די מעגלעכקײַטנ צו שיקנ מענטשנ. אינ א צײַט אַרומ באַקומענ מיר א צעטעלע אינ ייִדיש פונ איינעמ פונ אונדזערע שעלוכימ, אינ וועלכנ ער מעלדעט אונדז, אַז סאָניע איז דורכגעפאַלנ, זי איז אַרעסטירט. מיר וואָרענענ גלײַכ אַלעמענ, וועמ ס'איז נאָר געווענ פאַרבונדנ מיט סאָניענ, מיר ליקווידירנ די דירעס, וווּ סאָניע פלעגט זיכ מיט אונדז טרעפנ (צווישנ זיי איינע פונ אונדזערע בעסטע מאַלינעס, וועלכע איז געווענ מאַסקירט ווי אַנ אַלמער, אונ דאָרט האָט געאַרבעט אונדזער פאָטאָגראַפ). אינ א פּאָר טעג אַרומ באַקומענ מיר א יעדיִע, אַז מ'האָט סאָניענ באַמערקט אינ געטאָ. זי זוכט אונדז ענערגיש, זי מוז פּערזענלעכ אונדז איבערגעבנ וויכטיקע יעדיִעס. מיר טיילנ אויס איינִיקע געניטע כאַווייריִמ נאָכצופאָרשנ נאָכ איר, אונ מיר דערוויסנ זיכ, אַז טאָג-טעגלעכ אינ באַשטימטע שאָענ טרעפט זיכ סאָניע ניט ווײַט פונ דער געטאָ-גרענעצ אינ א שטוב בא אירע קרויוויִמ, מיט א פאַרדעכטיקנ פאַרשוינ. מיר נעמענ אינ דער אַרבעט אַרײַנ איינע פונ דער מישפּאָכע, אונ מיר דערוויסנ זיכ גענוי: געסטאַפּאָ האָט סאָניענ אַרויסגעלאָזט מיטנ ציל, זי זאָל איבערגעבנ אינ זייערע הענט די אָנפירער פונ דער אונטערערדישער געטאָ-אָרגאַניזאַציע. ס'איז קלאָר: געסטאַפּאָ ווייסט שוינ גענוי וועגנ דער אָנפירונג פונעמ געטאָ-אונטערערד. ווענ סאָניענ געלינגט ניט בעשומ-אויפנ צו באַגעגענענ זיכ מיט קיינעמ פונ אונדזערע אָנפירער, באַווײַזט זי זיכ צוזאַמענ מיט געסטאַפּאָ אינ אונדזער א מאַלינע, וווּ ס'האָבנ געזאָלט זײַנ גראַנאַטעס. עטלעכע צופעליקע מענטשנ זײַנענ אַרעסטירט געוואָרנ, קיינ גראַנאַטעס האָט געסטאַפּאָ ניט געפונענ. מיר באַפוילנ אונדזער אָפּעראַטיווער גרופּע אָפּרוימענ סאָניענ פונ וועג. דער באַפעל ווערט פּינקטלעכ אויסגעפּילט.

אונדז קומט אויס נאָך טיפער זיך קאָנספּירירן. די אַרבעט ווערט אָבער ניט אָפּגעשוואַכט. מיר ווייסן גענוי דעם ווערט פון יעדן איינציקן טאָג. מיר מוזן וואָס מער באַווײַזן, און מיר באַשליסן: מע דאַרף זען ראַטעווען די, וועלכע קענען ניט אָפּגעשיקט ווערן אין קיין פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן — די עלטערע לײַט און די קינדער. מיר שיקן אַרויס אין די מיזרעווודיקע געגנטן פון ווײַסרוסלאַנד די כ-טע נײַנע ליס מיט דער אויפגאַבע: אין שכיינעס פון גרויסע וועלדער, אין שטעטלעך ווײַט פון שאָסיי- און אײַזנבאַן-וועגן אויסגעפינען ווינקלעך פאַר מענטשן מיט פאַלשע פּעסער. מיר האָבן דעריקער אין זינען געהאַט די געגנט פון דער 100-קילאָמעטערדיקער נאַליבאָקער פּושטשע, פונוואַנען ס'קומען אָן צו אונדז ידיעות, אַז דאָרטן זאָלן זײַן פּאַרטיזאַנער-גרופּעס. נײַנע קומט צוריק אָבער אָן א באַפרידיקנדיקן רעזולטאַט. מיר גיבן איר גענויערע אָנווײַזונגען און שיקן זי א צווייט מאָל (ס'רעדט זיך אזוי „שיקן" — אזא מין רײַזע שמעקט אַפּ טריט און שריט מיטן טויט. נײַנע איז אָבער שטענדיק דיסציפּלינירט, לאָזט איבער אַפּ אונדזער באַראָט איר 5-יאָריק טעכטערל און לאָזט זיך אין וועג...).

דער כ' ביכל געבעליעוו שטעלט אײַן א פאַרבינדונג מיט אַן אָנפּאַרטרויטן מענטשן, וועלכער אַרבעט אינעם בילדונג-אָפּטייל פון דער אָקופּאַנטישער שטאָט-פאַרוואַלטונג. מיט דעם דאָזיקן מענטשן ווערט אָפּגערעדט, אַז מיר זאָלן דורך אים באַקומען א מעגלעכקײַט אײַנצואָרדענען ייִדישע קינדער אין ווײַסרוסישע קינדערהײַזער. ס'ווערט אײַנגעשטעלט א פּאַראָל און א סימען: ווען מע ברענגט אין 20-טן צימער פון דער אָקופּאַנטישער שטאָט-פאַרוואַלטונג צווישן 9 און 11 אינדערפרי קלוימערשט אַן אונטערגעוואָרפן קינד, איז דאָס אזא, וואָס מע דאַרף ראַטעווען און אָפּשיקן אין א שטאָטיש קינדערהויז. ס'ווערן דערצו געשאַפן צוויי פרויען-גרופּעס — איינע אין געטאָ, פון ייִדישע פרויען, אַפּ אַריבערצוואַרפן די קינדער דורך די צוימען, און א צווייטע, אויסער דער געטאָ, פון ווײַסרוסישע פרויען, אויפצונעמען אונדזערע קינדער און זיי אָפּשיקן אַפן אָפּגערעדטן פונקט.

אינעם מויער אַפּ אָבוטקאָווע-גאַס, באַם סאַמע גרענעץ פון געטאָ, וווינען די אַרבעטער פון דער פאַבריק „אָקטיאַבער". בײַם דער אָקופּאַציע איז די פאַבריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אינטענדאַנטור פון היטלערישן לופט-פלאָט. דאָרט געפינען זיך וואַרשטאַטן, ווו ס'אַרבעטן עטלעכע הונדערט ייִדן. יעדן פרימאָרגן, איידער די

קאָלאָנעס גייענ אוועק צו דער ארבעט, שטייענ שוינ גרייט בא דער געטאָ־גרענעצ די כ־טעס ריווקע נאָרמאנ, געניע פאסטערנאק, גישע סוקעניק אא. זיי ווארטנ אפ א סיגנאל פונ יענער זײַט גרענעצ. אפ דער צווייטער זײַט, אויסער דער געטאָ, ווײַנט די ווײַסרוסישע מישפאָכע וואָראָנאָוו. דער טאטע ארבעט אינ דער אומלעגאלער דרוקערײַ, דער זונ פארנעמט זיכ מיט אָפשיקנ מענטשנ אונ געווער אינ די פארטיזאנער־אָטריאדנ, דעמ זונס פרוי טראָגט עסנ די ארעסטירטע כאווײרימ, באהאלט אויס מענטשנ, ווענ ס'דראָעט א געפאר. יעדנ פרימאָרגנ שטייט זי אפ דער וואכ אונ גיט סיגנאלנ די יידישע כאווערטעס, צי אינ גאס איז רויִק אונ צי מע קענ אריבערווארפנ די קינדער. בא איר אינ שטוב ווארטנ שוינ די ווײַסרוסישע כאווערטעס מאריא איוואנאָווסקאיא, טאטיאנא געראסימענקאָ, לאָליא רעווינסקאיא (די זעלבע, מיטנ רויטנ בערעט, וועלכע איז געקומענ דאָס ערשטע מאָל מיט סלאוועקנ זיכ באגעגענענ מיט אונדז) אא. אדאנק די דאָזיקע אָפעראציעס ווערנ יעדעס מאָל עטלעכע קינדער ארויסגעראטעוועט פונ געטאָ. כוצ די אויבנדערמאָנטע פרויענ פארנעמענ זיכ אויכ מיט אײַנאָרדענענ אונדזערע קינדער — אסיע פרוסלינ, לענע גינזבורג, געניע סולטאנ. שוינ אינ די ערשטע פאָר וואָכנ גיט זיכ זיי אײַנ אפ אזא אויפנ איבערצושיקנ אינ די ווײַסרוסישע קינדערהײַזער העכער 70 יידישע קינדער פונ מינסקער געטאָ.

דער אָפפלוס פונ געטאָ ווערט צו יענער צײַט באדײַטנד פארשטארקט דורכ דעמ, וואָס יידנ שאפנ זיכ אײַנ מאסנווײַז פאלשע פאספאָרטנ, לויט וועלכע זיי ווערנ פארוואנדל'ט אינ ווײַסרוסנ, טאָטערנ, גרוזינער אא. מאכערס פונ אזעלכע פאספאָרטנ זײַנענ פאראנ סײַ אינ געטאָ סײַ אויסער דער געטאָ. אפ יידישע צאָרעס ספעקולירנ אָבער אויכ שאנטאזשיסטנ אונ אויסוווּרפנ, וועלכע גיבנ איבער צוזאמענ מיטנ פאלשנ פאספאָרט אויכ זײַנ אייגנטימער אינ די הענט פונ געסטאפאָ. אזוי צומ בײַשפיל האָבנ מיר דורכנ שטאָט־קאָמיטעט באקומענ סיגנאלנ וועגנ א ריי פערזאָנענ, וועלכע האָבנ באשטעלט פאלשע פעסער אונ וועגנ וועלכע ס'האָט גלײַכ געוווּסט די געסטאפאָ. דער שטאָט־קאָמיטעט פלעגט די דאָזיקע יעדיעס באקומענ דורכ זײַנ אויסשפיר־אגענטור. ניט געקוקט אפ אָט דער טרויעריקער דערפארונג, פלעגנ מענטשנ אָפגעבנ דאָס לעצטע, קעדיי זיכ צו באזאָרגנ מיט א קאמייע, וואָס האָט געהייסנ „רוסישער פאספאָרט". א סאכ פונ די דאָזיקע פאספאָרטנ־באזיצער האָבנ זיכ ווירקלעכ געראטעוועט,

זיי זײַנענ אוועק פונ געטאָ. מיר האָבנ זיי שפּעטער, שוינ זײַענדיק אינ די פּאַרטיזאַנער-רייענ, געטראָפנ אינ ווײַסרוסישע דערפער און כוטאָרנ צווישנ פּויערימ, וועלכע האָבנ זאָפט קײנ אַנונג ניט געהאַט, אַז אונטער דער ווײַסרוסישער פאַמיליע באַהאַלט זיך אַ ייִד פונ מינסקער געטאָ. דעריקער פלעגט זיך עס אײַנגעבנ פּרוּוענ. אַ באַדײַטנדיקע צאָל באַזיצער פונ פאַלשע פּאַספּאָרטנ איז אָבער אומגעקומענ צוזאַמענ מיטנ „זיכערנ" פּאַספּאָרט.

## X. דער ערשטער דורכפאַל

אינ רעכטנ ברעג פונ אונדזער אַרבעט, ווענ אונדז האָט זיך געדוכט, אַז מיר זײַנענ פעסט אויפ אַנ וועג, וואָס פירט צומ צעשטערנ די געטאָ-ציימענ און אײַנשליסנ די ייִדישע באַפעלקערונג אינעמ אַלגעמײנעמ פראָנט פונ די פאָלקס-נעקאָמענעמער, איז געקומענ די אַלאַרמירנדיקע ידיעה: אינ שטאָט האָבנ זיך אָנגעהויבנ מאַסנ-אַרעסטנ. ס'האָבנ זיך צו אונדז געמאָלדנ עטלעכע ווײַסרוסישע כאַווײרימ פונ דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, מיר זאָלנ זיי צײַטווײַליק אויסבאַהאַלטנ בא אונדז אינ געטאָ. מיר האָבנ פאַרמאָגט עטלעכע „זיכערע" מאַלינעס, וועלכע זײַנענ אויסגעפּרוּווט געוואָרנ בײַמ פאַרשיידענע אָבלאַוועס און בײַמ דער שכיטע פונ 2־טנ מאַרט. דאָרט האָבנ מיר די געקומענע כאַווײרימ אויסבאַהאַלטנ. פונ אײנעמ אַזאַ געקומענעמ שטאָטישנ טוער, וועלכנ מיר האָבנ אויסבאַהאַלטנ אינ דער אונטערערדישער הייל, אונטער דער וווינונג פונעמ באַקאַנטנ סקולפּטאָר בראַזער (ער איז שוינ געהאַט אומגעקומענ אינ די קעלערנ פונ געסטאַפּאָ אַלס באַשולדיקטער אינ שפּיאָנאַזש...), האָבנ מיר זיך דערוווסט: ס'זײַנענ אַרעסטירט קימאַט אַלע מיטגלידער פונעמ אונטערערדישנ מיליטערישנ ראַט. וואָס איז מיטנ שטאָט-קאָמיטעט, איז ניט באַוווסט. די שטאָטישע גאַסנ זײַנענ אויסערגעוויינלעכ באַוואַכט. אינעמ מיליטערישנ ראַט זײַנענ דורכגעדרונגענ פּראָוואָקאַטאָרנ — ראָגאָוו און בעלאָוו. אײנער פונ זיי נישטערט אַרומ מיט געסטאַפּאָ-אַגענטנ איבער די קאָנספּיראַטיווע דירעס און זוכט אונדזערע מענטשנ. מיר שיקנ אַרויס מיכל געבעליעוו אײַנצושטעלנ אַ פאַרבינדונג מיט סלאַוועקנ, ס'געלינגט אימ אָבער ניט. אומדערוואַרט באַקומענ מיר פונ סלאַוועקנ אַ צעטעלע אינ זײַער אַנ אַלאַרמירנדיקנ טאָנ: דער כוינע איז מיט זײַנע וויב-נעגל דערגאַנגענ ביז אונדזער אָרגאַניזאַציע. ס'איז דורכגעפאַלנ דער גאַנצער מיליטערישער ראַט — אַ מאַנ דרײַסיק אָפיצערנ. ס'זײַנענ דורכגעפאַלנ מענטשנ,

וועלכע זײַנען געקומען אין שטאָט פֿון די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן. צווישן זיי אַגעוו דער, וואָס איז געווען באַשטימט אַלס קאָמאַנדיר פֿון אונדזער נײַעם אָטריאַד, און וואָס צוליב זײַן ניט קומען האָבן אונדזערע כאַווײַרים געמוזט זיך אומקערן צוריק אין געטאָ. צום שטאָט־קאָמיטעט איז דער סוינע ניט דערגאַנגען. ער, סלאַוועק, האָט באַשלאָסן פֿאַרלאָזן די שטאָט, אַוועקגיין אין אַן אָטריאַד און פֿון דאָרט אונטערהאַלטן מיט אונדז די פֿאַרבינדונג. „זעצט ווײַטער פֿאָר אײַער אַרבעט, טײַערע כאַווײַרים פֿון געטאָ, — פֿאַרענדיקט סלאַוועק זײַן בריוול — און וועלן מיר אומקומען, וועט די רויטע אַרמיי נעקאָמע נעמען פֿאַר אונדזער טויט".

מיר שיקן ווידער אַוועק אין שטאָט מיכל געבעליעוו — דעם „אומדערשראָקענעם הערמאַן" — ווי מיר האָבן אים גערופֿן. ער האָט געקענט עטלעכע מאָל אין טאָג זיך דורכרײַסן דורך די געטאָ־צוימען, כאַטש אַפֿ טריט און שריט האָט געלויערט דער סוינע. מיכל טרעפֿט סלאַוועקן און וואָרנט אים אין אונדזער נאָמען (סלאַוועק האָט גרויס צוטרוי צו אונדזער לאַנגיאָריקער דערפֿאַרונג פֿון אונטערערדישער אַרבעט), אַז אין אַ צײַט פֿון מאַסן־אַרעסטן טאָר מען זיך ניט באַוועגן. מע דאַרף זיך „באַגראָבן" אויף אַ שטיקל צײַט, ביז די אַרעסטן־כוואַליע וועט פֿאַרבײַ. אויב אין שטאָט איז ניט פֿאַראַן קיין זיכערע מאַלינע, זאָל סלאַוועק קומען צו אונדז אין געטאָ. מיר וועלן אים אויסבאַהאַלטן. סלאַוועק איז מיט אונדז מאַסקים געווען. געבעליעוו געפֿינט אים אויס אַ זיכערע דירע אין שטאָט גופֿא, און ס'ווערט באַשלאָסן, אַז דעם זעלבן טאָג פֿאַרנאַכט וועט סלאַוועק אַהין אַריבער. אויף צומאָרגנס שיקן מיר אונדזער אַ פֿאַרבינדלערן אויף דער נײַער דירע קאָנטראָלירן. ווי האַלט עס. ס'ווײַזט זיך אַרויס, אַז סלאַוועק איז אַהין ניט געקומען. פֿון דער אַלטער דירע איז ער אַוועק צוזאַמען מיט דער כ־טע לאָליאַ רעווינסקאַיאַ, און מער איז אונדז דאַן וועגן זײַן ווײַטערדיקן גורל ניט באַוווּסט געווען. ערשט אין אַ צײַט אַרום זײַנען מיר געוווירע געוואָרן, אַז סלאַוועק האָט אין דער לעצטער מינוט באַקומען אַ ידיעה, אַז אויף איינער אַ קאָנספּיראַטיווער דירע וואַרט אויף אים אַ פֿאַרבינדלער פֿון אַ פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. ער איז מיט לאָליאַ אַהין אַוועק, און ביידע זײַנען זיי אויפֿן וועג איבערגעכאַפּט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ.

מיר בלײַבן אָן אַ שום פֿאַרבינדונג מיט די רוסישע און ווײַס־רוסישע כאַווײַרים. ס'איז ביז גאָר שווער אונדזער געמיט. דאָס טאָרן אָבער ניט דערפֿילן אונדזערע כאַווײַרים אין געטאָ. מיר זעצן פֿאָר

די אַרבעט. אַ שטיקל זעלבשטענדיקע דערפאַרונג האָבנ מיר שוינ,
קיינ געפאַר פונ דורכפאַלנ, ווי אונדז וויַיזט זיכ אויס, דראָעט אונדז
ניט, וויַיל קיינער פונ אונדז איז דירעקט ניט געווענ פאַרבונדנ מיט
די מענטשנ פונעם מיליטערישנ ראַט. אַפ יעדנ פאַל באַפוילנ מיר
אַלע אונדזערע אַקטיווע טוער זייַנ וואַכזאַמ, זיכ ניט דרייענ אינ
געטאָ, אויסמייַדנ איבעריקע באַגעגענישנ איינער מיטנ צווייטנ. באַ-
זונדערס איז דאָס שייַכ מיכל געבעליעווג, וועלכער איז פאַר דער
צייַט פונ זייַנ אַרבעט אינ שטאָט באַקאַנט געוואָרנ צווישנ די אומ-
לעגאַלע טוער אויסער דער געטאָ.
מיר באַוויַיזנ נאָכ ניט קומענ צו זיכ פונעם שטאַרקנ קלאַפ,
וואָס האָט געטראָפנ אונדזער שטאָטישער אָרגאַניזאַציע, ווי מיר באַ-
קומענ אַ יעדיע: געסטאַפּאָ האָט אַרומגערינגלט די דירע פונעמ
כ׳ וואָלפ לאָסיק. די געפאַר איז זייער גרויס. כ׳ לאָסיק פאַרנעמט
זיכ די גאַנצע צייַט מיט ברענגענ געווער אינ געטאָ. ער פירט אָנ
מיט אַ גרופּע כאַווייִרים, וועלכע אַרבעטנ אינעמ דייַטשישנ מיליטע-
רישנ לאַגער אינ קראַסני אוראָטשישטשע. די דאָזיקע גרופּע פירט
אַ ברייטנ האַנדל מיט היטלערישע סאָלדאַטנ. קויפט איינ באַ זיי
געווער. דעמ זעלבנ טאָג, מיט אַ פּאָר שאָ פריער, איידער געסטאַפּאָ
האָט באַלאַגערט דעמ כ׳ לאָסיקס דירע (אַפ רעפּובליקאַנער-גאַס),
איז אַהינ געבראַכט געוואָרנ אַ גאַנצער טראַנספּאָרט מיט גראַנאַטעס.
מיר וואָרענענ גלייַכ לאָסיקנ — ער האָט זיכ גראָד ניט געפונענ
אינ דער היימ. מיר וואָרענענ אַלע אונדזערע כאַווייִרימ, וועלכע
פאַרנעמענ זיכ מיט ברענגענ געווער. ס׳גיט זיכ איינ אַפּילע אַרויס-
רייַסנ פונ סוינעס הענט לאָסיקס פרוי און קינדער, וועלכע זייַנענ
געווענ שוינ פאַרהאַלטנ. די געסטאַפּאָווצעס האָבנ געזוכט, גענישטערט,
געגראָבנ און גאָרנישט ניט געפונענ. ס׳האָט זיכ אַרויסגעוויזנ, אַז
די גראַנאַטעס זייַנענ מיט אַ שאָ פאַר דעמ באַהאַלטנ געוואָרנ אינ
אַ זיכערער מאַלינע, און די היטלעריסטנ האָט זיכ ניט איינגעגעבנ
זיי צו געפינענ.
געסטאַפּאָ האָט אויכ דערשמעקט, וואָס עס טוט זיכ באַ אונדזער
יוגנט. ס׳איז אַרומגערינגלט געוואָרנ נאָנקע מאַרקעוויטשעס דירע
(אַפ זעליאָנע-גאַס). אַהינ איז פאַרנ אָנלויפנ פונ די היטלערישע
שפּירהינט געבראַכט געוואָרנ אַ פּאָר הונדערט ביקסנ־קוילנ און אַ
ראַדיאָ-אויפנעמער. נאָנקע, מיט געבונדענע הענט אַפ הינטנ, זייַנ
10־יאָריק ברודערל כאַימקע און זייער מוטער האָט מענ געפירט
איבער דער גאַנצער געטאָ. שוידערלעכע קלעפּ האָבנ זיכ דעמ

גאַנצן וועג געשאָטן אַף אונדזער קוים 15-יאָריקן קאָמיוגיסט. ער
האָט זיך אָבער געהאַלטן מיט ווירדע און קיינעם ניט אַרויסגעגעבן.
ביים מע האָט נאָנקען געבראַכט נעענטער צום צענטער פון געטאָ,
צום ייִדנראַט, האָט ער הויך אויסגעשריגן: „מיך וועט איר דערהאַר-
גענען, אָבער מײַנע כאַווײרים בלײַבן, זיי וועלן נעקאָמע נעמען!“



נינע ליס

די פאַרבינדלערין פון דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע
פון געטאָ מיט דער שטאָט און דער אַרומיקער
געגנט. איז העלדיש אומגעקומען אין דער
נאַכט פון 31-טן מאַרט 1942 יאָר.

די דאָזיקע דורכפאַלן זײַנען אין גרעסטן טייל געווען א רעזולטאַט פון ווייניק באַהאַוונטקייט אין דעם אויפן פון פירן זיך קאָנספּיראַטיוו, פון זײַן פּאָרזיכטיק אפילו לעגאַבע אייגענע, נאָענטע מענטשן. באַלד קומט אָבער א קלאַפּ, וואָס באַווײַזט נאָך דערצו, אַז אין געטאָ האָבן מיר אויך פּראָוואָקאַטאָרן, וועלכע ווילן ראַטעווען דאָס אייגענע פאַרעטערישע לעבן פאַרן פּרײַז פון אומברענגען צענדליקער ווירדיקע קעמפער פאַר דער פּאָלקס-זאַך.

דעם 31-טן מאַרט 1942, אַזייגער 6 פאַרנאַכט, איז צו אונדז געקומען די כ-טע נינע ליס מיט א באַריכט וועגן איר דײַזע אין די מײַרעוו-געגנטן פון ווײַסרוסלאַנד. די רעזולטאַטן זײַנען ניט קיין באַפרידיקנדיקע. נינע באַקומט אַ דירעקטיוו שוין אַף צומאָרגנס זיך ווידער לאָזן אין וועג, קעדיי קומען מיט א געגויעם פּלאַן, ווו הײַנ אַרויספירן די אַלטע לײַט און קינדער פון געטאָ (ווי ס'איז שוין דערמאָנט געווען, האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן פאַרוואָרפענע ווינקלען אין דער געגנט פון נאַליבאָקער פּושטשע).

11 אַזייגער באַנאַכט איז די גאַנצע געטאָ אופגעטרייסלט געוואָרן פון א שיסערײַ פון קוילנוואַרפערס. פאַרטײַעט אַין זיך, איז שוין קיינער אין געטאָ די נאַכט ניט געשלאָפן, באַזונדערס אין דער געגנט פון

אָבוטקאָווע, קאָלעקטאָרנע, שאָרנע און די שכײנעסדיקע געסלעך. קוים מיט פײַנ דערלעבט דעם פארטאָג, און די געטאָ-אײנוווינער האָבנ דער־זענ: די געטאָ-וואַכ, דײַטשישע ייִדנ און סטאַם צופעליקע דורכגײער, שלעפנ געהארגעטע מענטשנ אפנ ייִדישנ בעסוילעם. מיר דערוויסנ זיכ: די פארגאנגענע נאכט האָט געסטאפּאָ ארומגערינגלט דעם הויפ אפ קאָ־לעקטאָרנע נומ 18, ווו ס'האָט געוווינט די כ-טע נינע ליס. מיט א געשריי: „נינקע, עפנ אופ!" — האָט געסטאפּאָ גענומענ שטורע־מענ די פעסט פארקלאפּטע הויז-טיר. בא די פענצטער האָבנ זיי אונטערגעלייגט אופּרײַס-שטאָפ, און מיט גראנאטעס האָבנ די היטלער-אויסוווּרפנ גענומענ אופרײַסנ די טירנ. באלד זײַנענ אלע אײַנוווינער אינ איינ וועש ארויסגעפירט געוואָרנ אינ הויפ. ווי די כײַעס האָבנ די געסטאפּאָווצעס זיכ געוואָרפנ אפ נינענ, זי מערדערלעכ געשלאָגנ, פּאָדערנדיק פונ איר, זי זאָל זאָגנ, ווו איז יעפימ סטאָליארעוויטש. מיט פעסט צונויפגעפרעסטע ליפּנ האָט נינע, טוליענדיק צו זיכ איר 5-יאָריק טעכטערל, קיינ וואָרט ניט געענט־פערט, כאָטש זי האָט געננוי געוווּסט, ווו יעפימ געפינט זיכ. נאָכנ מערדערלעכנ איזדיעקוועוו זיכ איבער זײערע קאָרבאָנעס האָבנ די געסטאפּאָווצעס אלעמענ דערשאָסנ. ס'האָט זיכ בלויז געראטעוועט אונדזער פארבינדלערנ די „דיקע קלארע", וועלכע האָט זיכ פאר־שטעקט אונטער די טויטע (שפּעטער איז זי אויכ אומגעקומענ אפנ וועג אינ פארטיזאנישנ אָטריאד). זי האָט אונדז איבערגעגעבנ, אז דער, וואָס האָט געשריִענ „נינקע, עפנ אופ!" איז געווענ מ. טולסקי, דער אָנפירער מיטנ 2-טנ באצירק פונ דער ייִדישער אָרדענונגס-וואכ אינ געטאָ, וועלכער האָט מיט עטלעכע טעג פאר דעם זיכ מיט אונדז געטראָפנ אינ נינעס דירע. דורכ ה. רודיצער דערוויסנ מיר זיכ, אז די זעלבע נאכט איז געסטאפּאָ געקומענ צו מ. טולסקינ און צו ז. סערעבריאנסקינ, זיי ארעסטירט און מיט זיי צוזאמענ אוועק זוכנ איבער דער געטאָ יעפימ סטאָליארעוויטשנ, מיכל געבעליעוונ, זיאַ־מע אָקונענ און נאומ פעלדמאנענ. ווענ זיי האָבנ קיינעם ניט גע־פונענ אינ די דירעס, ווו לויט זײערע יעדיִעס האָבנ די דאָזיקע מענטשנ געדארפט זײַנ, האָבנ זיי דעמ ייִדנראט געשטעלט אנ אולטימאטומ: אויב ביז 12 אזייגער אינדערפרי וועט יעפימ סטאָ־ליארעוויטש ניט איבערגעגעבנ ווערנ אינ די הענט פונ געסטאפּאָ, וועט דער גאנצער ייִדנראט דערשאָסנ ווערנ, און אלס „צולייג" — א היפּשער טייל פונ געטאָ.

די געבליבענע ייִדנראט־מענטשנ, וועלכע זײַנענ מיט אונדז פאר־

בונדן, פרעגן אין פאניק וואָס צו טאָן. אין געטאָ הייבט זיך אָן אַן ערעוו שכיטע-פארלוירנקייט. ס'זיינען שוין פאראן אזעלכע, וועלכע ליארעמען באם יידנראט, אז „צוליב איינעם דארף ניט ליידן א גאנצע געטאָ"; „לאָז מען אים כאפן און איבערגעבן דער געסטאפּאָ". מיר באוויזן נאָך אָפּצוהאלטן א קורצע בעראטונג מיט מישע געבעליעוון און זיאמע אָקוניען און באשליסן: קיינעמס קאָפּ גיבן מיר ניט אָפּ דעם סוינע. אלע געזוכטע דארפן זיך גלייך פארשטעקן, ניט ווייזן זיך אפ די אויגן, ביז די כוואליע וועט ניט פארביי.

מיכל געבעליעוו און נאום פעלדמאן באהאלטן זיך אין דער אויסגעפרווועטער אונטערדישער הייל אפ זאמקאָווער גאס. אהין פרווט זיך אויך אריבערקלייבן זיאמע אָקון, ער טוט עס אָבער אזוי אום-פאָרזיכטיק, אז אפן וועג פאלט ער אריין אין ראָזענבלאטס הענט און ווערט נאָכדעם איבערגעגעבן דער געסטאפּאָ. יעפים סטאָליארעוויטש ווערט דורכן דר. קוליק, קלוימערשט אלס טיפוס-קראנקער, אפ א טראָג-ברעטל אריבערגעטראָגן אין שפיטאָל, אין דער אָפּטיילונג פון אָנשטעקנדיקע קראנקייטן. אונדזערע פארבינדלערנס — עמע ראדאָווע, קלארע זשעלעזניאק און די „דיקע קלארע" זיינען אומדערמידלעך אפ די פיס, דורך זיי ווערט דער קאָנטאקט קעסיידער אונטערגעהאלטן צווישן די אָנפירנדיקע כאווירים מיט די סעקרעטארן פון די „צענט-לעך", קעדיי די ארבעט זאָל ניט ליידן.

די נאכט פון 31-טן מארט הייבט אָן מיט זיך א באזונדער קא-פיטל אין דער פייַנפולער געשיכטע פון די יידן אין מינסקער געטאָ. עס הייבט זיך אָן די סעריע נאכט-שכיטעס.

דעם 2-טן אפּרעל באנאכט כאזורט זיך איבער אן ענלעכע עק-זעקוציע אפ דער זעלבער קאָלעקטאָרנער גאס, אין דעם הויז נומ. 20, וווּ ס'האָט געוווינט דער סעקרעטאר פון אונדזערס א „צענטל" דער כ' נאום ברוסטין. ער קומט אום צוזאמען מיט אלע איינוווינער פון דעם הויז, צווישן וועלכע ס'געפינען זיך פיל, וואָס האָבן געזאָלט א ליאַדע טאָג אָפּגיין אין די פארטיזאנער-אָטריאדן. נאָכדעם קומען ענלעכע שוידערלעכע נעכט אפ קרימער גאס, אפ טאנקאָווער, אָבוט-קאָווע, ראטאָמסקער און אנדערע. די געטאָ שלאָפט קיין נעכט ניט. יעדעס גערויש פון אן אווטאָמאשין ווארפט אלעמען אין פיבער — „וועמענס ריי איז היינטיקע נאכט?" מע ליגט מישפּאָכעסווייַז אין די גריבער-מאלינעס, און מע עטעמט לייַכטער אָפּ (אין אזא מאלינע קען קיין ליכט ניט ברענען, ווייַל עס פעלט לופט), ווען ס'קומט אָן דער פרימאָרגן. נאָך איין נאכט דורכגעלעבט!

געסטאפאָ האָט זיך גענומען אינטערעסירן אַף די פאַרשיידענע אַרבעט-פּלעצער, ווי ס׳געפינען זיך מענטשן פון געטאָ, ווער קומט אָפּט ניט צו דער אַרבעט. ווען ס׳ווייַזט זיך אַרויס, אַז עמעצ איז פאַרשווּנדן געוואָרן, ווערט באַנאַכט זייַן גאַנצע מישפּאָכע, אָפּט אַלע איינוווינער פון דעם הויז, צוגענומען אין אַ שוואַרצער אווטאָמאַשין און ס׳ווערט פאַרשווּנדן זייער געביין. מיר געפינען קעגן דעם אויך אַן אייצע: אונדזער גרופּע דאָקטוירים האָט פאַר אונדז אויסגעאַרבעט פּאַרטיקע צעטלען, ווי מע דאַרף בלויז צושרייַבן די פאַמיליע און נאָמען, מיט איין און דעם זעלבן טעקסט: דער און דער איז געשטאָרבן אין רעזולטאַט פון אַ לונגען-אָנצינדונג, פון אַ גריפּ, פון טובערקוליאָז אאַז"וו.

די דאָזיקע צעטלען ווערן באַצייַטנס צוגעשטעלט אין יידנראַט, ווי אונדזערע מענטשן, וועלכע גייען אַוועק אין די אָטריאַדן, ווערן אַלס געשטאָרבענע אויסגעמעקט פון די ביכער. כוץ דעם האָבן מיר פאַרבינדונג מיט כאַווערטעס, וואָס פירן די רעגיסטראַציע-ביכער אין יידנראַט, און לויט אונדזערע אָנווייַזונגען פּאַטערן זיי באַצייַטנס די רעגיסטריר-קאַרטלעך פון די, וואָס גייען אַוועק אין וואַלד.

נאָך דעם 31-טן מאַרט טראָגן אַלע מאָסמיטלען פון די אָקופּאַנטן בענעגייע דער געטאָ-באַפעלקערונג דעם ווילעטן כאַראַקטער פון קאַמף קעגן דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, קעגן די טוער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ און קעגן יעדן איינעם, וואָס איז אין דער מינדסטער מאָס פאַרבונדן מיט אונדזער אָרגאַניזאַציע.

די געסטאַפּאָ גיט אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז כוץ דער געלער לאַטע, דאַרף יעדער ייִד איצט טראָגן אַף דער רעכטער זייַט אַ ווייַסן נומער, וואָס באַצייכנט די גאַס און דאָס הויז, ווו ער וווינט. לויט דעם דאָזיקן נומער דאַרפן זיי דערקענען, ווו ס׳געפינט זיך די פאַרדעכטיקע פּערזאָן, אַף וועלכער די שפּיר-הינט האָבן אַן אויג געוואָרפן. לויט דער דאָזיקער ווייַסער צוגאָב-לאַטע קענען זיי דערקענען, אַרייַנקומענדיק אין אַ שטוב, צי ס׳געפינען זיך ניט קיין זייַטיקע מענטשן — באַזונדערס באַנאַכט. אונדזער אוילעם האָט זיך אָבער אויך דערמיט אַן אייצע געגעבן. אונדזערע מענטשן אין יידנראַט שטעלן צו געוג געכאַסמעטע ווייַסע לאַטעס מיט נומערן (דעריקער גרויסע צאָלן, מיט וועלכע מע קאָן אַפּן פאַרשיידנסטן אויפן מאַניפּולירן, פאַרבייגנדיק אַמאָל דעם ציפער פון רעכטס, אַמאָל — פון לינקס), מיט וועלכע מע קאָן פאַרווישן נאָך זיך יעדן שפּור, ווען מע דאַרף זיך דורכלאַפן דורך דער גאַס.

נאָך א נײַס האָט געסטאפּאָ אײַנגעפירט אין געטאָ נאָכן 31-טן
מארט: אונטער דער דראָונג פון טויט-שטראָף דארף די גאנצע געטאָ-
באפעלקערונג, פון גרויס ביז קליינ, ארויסגיין אלע זונטיק אפן יובילײַ-
פלאץ — „צום אפּעל" הייסט עס אפן היטלער-לאָשן. בייס דעם דאָזיקן
„צפּעל" פלעגן די געסטאפּאָ-אופזעער אין געטאָ ארויסטרעטן מיט רע-
דעס און וואָרענישן: די יידן איז פארבאָטן זיך אײַנצוקויפן שפּײַז-
פּראָדוקטן, ס'איז פארבאָטן צו גיין מיטן טראָטואר, ס'איז פארבאָטן
הויך צו ריידן. מיט איין וואָרט — ס'איז פארבאָטן אלץ, וואָס דער-
מאָנט אין מענטשלעכער עקזיסטענץ און ווירדע. דער לייט-מאָטיוו
פון די אלע זונטיקדיקע געסטאפּאָ-רעדעס איז אָבער געווען: גייט ניט
צו די פּארטיזאנער! זיי זײַנען באנדיטן, זיי האָבן פײַנט יידן. אין
וואלד וועט איר אומקומען פון הונגער און קעלט! בלײַבט אין געטאָ,
ארבעט ערלעך, ווײַל קיין „אקציאָנען" (שכיטעס) וועלן שוין מער
ניט זײַן. און דעריקער: ווער עס ווייסט וועגן פּארטיזאנער אין
געטאָ, וועגן זייער ארבעט, וועגן די, וואָס גרייטן זיך אוועקצוגיין
אין וואלד, זאָל איבערגעבן דער געסטאפּאָ, דערפאר וועט ארויסגע-
געבן ווערן א גרויסע פּרעמיע.

נאָך יעדן אזא מין „אפּעל" פלעגן די מערדער אונטערטראָגן דעם
געטאָ-אוילעם א פּיליולּיע צום „פארזיסן" די צאָרעס: מע האָט גע-
צוווּנגען דעם זינגער פון יידישע פאָלקס-לידער גאָרעליקן, ער זאָל
פארן אוילעם זינגען. מע האָט בא די דײַטשישע יידן אָרגאניזירט אן
אָרקעסטער, און יענע האָבן געשפּילט. זיי האָבן געשפּילט „א ברי-
וועלע דער מאמען", קאָלנידרע", און גאָרעליק האָט געזונגען „אפן בוידעם
שטייט דער דאך". ס'האָבן אָנגעקוואָלן די היטלער-ראָצכים, צוזעענדיק,
ווי עס שטייט א האמוין פון צענדליקער טויזנטער יידן און וויינט...

קעדייי ענערגישער פירן דעם קאמף קעגן אונדז, שאפט די געס-
טאפּאָ א ספּעציעלן אָפּעראטיוון אָפּטייל בא דער יידישער אָרדענונגס-
וואך. בעראָש פון דעם דאָזיקן פארעטערישן אָרגאן ווערט אוועקגע-
שטעלט דער „העלד" פוןווארשעווער אונטערוועלט, דער גאנעוו און
פרויען-הענדלער ראָזענבלאט. ער קלײַבט צו זיך צו א כעוורע אונ-
טערוועלט-מענטשן, וועלכע לאָזן זיך אין גיכן נאָך די געטרײַע זין
פון אונדזער היימלאנד. די דאָזיקע אויסוווּרפן נוצן אויס זייער לאגע
צום שאנטאזשירן פולשטענדיק אומשולדיקע מענטשן, קעדייי בא זיי
צונעמען דעם לעצטן ביסן. בייס יעדן פרווו זיך קעגנצושטעלן דראָען
זיי: „מיר וועלן געבן צו וויסן, ווו מע דארף, אז איר העלפט די
פארטיזאנער". יעדן פרימאָרגן פלעגט ראָזענבלאט באנדע זיך ארויס-

לאָזנ צו די ארבעט-קאָלאָנעס, אָנווארפנדיק א פאכעד אפנ אוילעמ. אפ קרימער גאס איז געווענ עטוואָס ענלעכס אפ א געטאָ-מערקל. דאָרט פלעגנ ווײַבער פארקויפנ שטיקלעכ ברויט, קארטאָפל-לאטקעס, א פאָר פאפיראָסנ (וואָס מע פלעגט מיט סאקאָנעס-נעפאָשעס ארײַנשמוגלענ פונ שטאָט). די כעוורע אָפעראטיוונִיקעס מיט ראָזענבלאטנ בעראָש פלעגנ מאכנ אָנפאלנ אפ די ווײַבער, צונעמענ בא זיי דעמ לעצטנ ביסנ אונ דערלייגנ נאָכ דערצו קלעפ די אלע, וואָס פלעגנ פרווונ בעטנ, מע זאָל בא זייערע קינדער ניט צונעמענ דאָס פיצל ברויט. פאר דער געטאָ איז ראָזענבלאטס באנדע געוואָרנ געפערלעכער ווי די געסטאפאָ.

מיטנ קאמפ קעגנ דער פארטיזאנער-באוועגונג אינ געטאָ פארנעמט זיכ אויכ א צווייטער פארשוינ פונ ראָזענבלאטס שניט — עפשטיינ. ער איז קיינ מינסק געקומענ מיט דער גרויסער כוואליע פלייטים פונ פוילנ אינ יאָר 1939. ער איז א סוינע פונ אלצ, וואָס איז סאָוועטיש — ער איז אינ פוילנ געווענ א מיטגליד פונ דער ייִדישער פאשיסטישער אָרגאניזאציע „בייטאר", אונ דערפארונג פונ קאמפ קעגנ באָלשעוויקעס האָט ער שוינ געהאט פונ פריִער. אינ מינסקער געטאָ איז ער געווענ דער פארוואלטער פונ דער ארבעט-בירזשע. פאר כאבאר אָרדנט ער אײַנ אפ באקוועמע ארבעטנ, ווו מע באקומט א „זיכערנ" אויסווײַז (ארבעט-דאָקומענט), בעסער אָפצועסנ. געפעלט אימ ניט עמעצער — איז יענער שוינ מאָרגנ אינ מינסקער טפיסע, פונוואנענ עס האָט קימאט קיינער זיכ נאָכ צוריק ניט אומגעקערט. דאָס איז אָבער בלויז דער אָפיציעלער אמט עפשטיינס. פאקטיש פארנעמט ער זיכ ביזנ לעצטנ טאָג פונ מינסקער געטאָ מיט כאפנ אונטערערד-טוער, פארטיזאנער אונ איבערגעבנ זיי דער געסטאפאָ, מיט אופדעקנ מאלינעס, ווו ייִדנ באהאלטנ זיכ אויס בייס אָנפליִענ אפ דער געטאָ. אימ צו הילפ געפינט זיכ אנ ענלעכער פארשוינ — דער פארעטער אונ סאדיסט ווײַנשטיינ.

ווענ די ארבעט פונ אָט די היטלערישע אגענטנ אינ געטאָ הייבט אָנ ווערנ גאָר געפערלעכ פאר אונדז, דרוקנ מיר אָפ אינ אונדזער שטאָטישער אומלעגאלער דרוקערײַ א ווענדונג צו דער באפעלקערונג, ווו מיר דעמאסקירנ די דאָזיקע בלוטיקע הינט פונעמ אָקופאנט. מיר פארענדיקנ דעמ דאָזיקנ אופרופ מיטנ לאָזונג „א טויט די היטלערישע אגענטנ ראָזענבלאטנ אונ עפשטיינענ!" מיר האָבנ געפרווט פאטערנ ראָזענבלאטנ. זײַנ הינטישער אָרגאניזמ איז אָבער נאָכ א קורצער קרענק בײַגעקומענ אונדזער קלאפ.

די מאַסמיטלען פון סוינע אין קאמף קעגן דער וואקסנדיקער פארטיזאנישער באוועגונג אין מינסקער געטאָ האָבן בא א טייל בא-פעלקערונג ווירקלעכע ארויסגערופן פארלאָרנקייט. א טייל האָט זיך אָפגעשראָקן און פון אונדז זיך דערווייטערט. מיר באשליסן דאן: אונדזער ארבעט טאָר ניט אָפּ-געשוואכט ווערן. מיר מוזן זיך בלויז מער פארטייען, פאַרזיכטיקער ווערן, טיפער און גרינטלעכער זיך קאָנ-ספּירירן. דער אלטער אקטיוו אונדזערער איז שוין צופיל באקאַנט אין געטאָ. ער מוז פארביטן ווערן מיט א נייעם, מיט ווייניק-באקאַנטע מענטשן. מיר באשטימען די חכ׳ ג. רובין און וו. קראווטשינסקי, זיי זאָלן אָנפירן מיט דער גאנצער פּראקטישער ארבעט ביים אָפּ-שיקן מענטשן אין די פארטי-זאנער-אָטריאדן. מיט מ. געבע-ליעוון דערריידן מיר זיך, אז ס׳איז געקומען די העכסטע צייט, ווען מיר אליין מוזן שוין אוועק פון געטאָ. אוועק-גיין אָבער אָן דער דער-לויבעניש פון דער אלשטאָ-טישער אָנפירונג קאָנען מיר ניט. וויפל מאָל פאר דעם האָט סלאוועק צוגעזאָגט: גרייט צו



מיכל געבעליעוו
מיטגליד פונעם אומלעגאלן צענטער פון דער קאמף-אָרגאניזאציע אין מינסקער געטאָ, דער-מאָרדעט דורך דער געסטאפּאָ.

מענטשן אפ אייער אָרט, און מיר וועלן אייך גלייך אָפּשיקן אין וואלד. מענטשן האָבן מיר צוגעגרייט, אָבער אונדז האָט מען נאָך אלץ געהייסן ווארטן. וואָס איז מיטן שטאָט-קאָמיטעט, ווייסן מיר ניט. קיין פארבינדונג מיט די ווייסרוסישע כאוויירים האָבן מיר אויך ניט. וואָס טוט מען? מיר באשליסן: מע דארף ווידער נעמען, ווי מיט א האלב יאָר צוריק, זוכן, נישטערן און געפינען כאוויירים אומדערשראָקענע, קאמפסגרייטע, און מיט זיי צוזאמען אופשטעלן די שטאָטישע אָרגאניזאציע.

צו דער דאָזיקער ארבעט נעמט זיכ דער שטענדיק געטרײַער אונ גרענעצלאָז דרייסטער מיכל געבעליעוו. מיר וואָרענענ אים אונ בעטנ: „מישע, זײַ פאָרזיכטיק! דו טאָרסט ניט דורכפאלנ, מיר דארפנ דיכ צו נייטיק האָבנ!" ס'העלפנ אָבער ניט קיינ טײַנעס. מישע איז אומעטום פול — סײַ אינ דער ערד-הייל פונ אונדזער יוגנט, וועלכע גרייט זיכ אוועק אינ וואלד, סײַ אינ אונדזער „ראדיאָ-סטאנציע", סײַ אפנ גאס, ווענ גרופעס גייענ אוועק אינ די פארטיזאנער-אָטריאדנ.

אינ יענער צײַט איז דאָס אוועקגייִנ אינ וואלד באדײַטנד אָפגעשוואכט געוואָרנ. ס'פלעגנ קומענ פארבינדלער בלויז פונ די אָטריאדנ, וועלכע זײַנענ דורכ אונדזערע מענטשנ געשאפנ געוואָרנ, אונ דאָס — דעריקער ניט נאָכ מענטשנ, נאָר נאָכ קליידונג, שריפט פאר א דרוקערײַ, זאלצ, ראדיאָ-אפאראטנ אדג"ל. ס'וואקסט אויס די געפאר, אז דאפקע אינ מאָמענט, ווענ דער פוינע באמיט זיכ אָפצושטעלנ דעם שטראָם מענטשנ, וואָס גייענ אוועק פונ געטאָ אינ די אָטריאדנ, זאָל זיכ ווידקלעכ אָפשטעלנ אונדזער אָרגאניזירטע אָפשיקונג אינ וואלד.

ס'איז געקומענ די צײַט צום פארווירקלעכנ אונדזער פריִערדיקנ באשלוס צום שאפנ אייגענע, ייִדישע פארטיזאנישע באזעס.

דעמ 10-טנ אפרעל 1942 גייט אוועק פונ געטאָ מיט א גרופע פונ עטלעכע אונ צוואנציק מאנ דער כ' ייִסראָעל לאפידוס. דער „מישלינג" איליא נארוסעוויטש האָט באזאָרגט אנ אווטאָמאשינ, באקומענ א ווײַסרוסישנ כאווער אלס שאָפער, אונ צוזאמענ איז מענ ארויסגעפאָרנ אינ דער ריכטונג אפ סלוצק, גלײַכצײַטיק איז אינ יענער ריכטונג אוועק א גרופע כאוויירים צופוס. די אווטאָמאשינ האָט נאָכנ ברענגענ די ערשטע גרופע אפנ אָרט באגעגנט די פוסגייער אונ זיי אויכ בעשאָלעמ געבראכט אינעמ צײַטווײַליקנ לאגער פונעמ שפעטערדיקנ פארטיזאנישנ אָטריאד אפ קוטוזאָווס נאָמענ, וואָס האָט זיכ געפונענ אינ וואלד, אפנ 45-טנ קילאָמעטער, צווישנ מינסק אונ סלוצק. די באוואָפענונג פונ דער דאָזיקער גרופע איז געווענ ניט גאָר קיינ געהויבענע: 3 ביקסנ, 5 פיסטאָלעטנ („נאגאנ") אונ 17 גראנאטעס. אינ משעכ פונ עטלעכע טעג וואקסט די גרופע אויס ביז 50 מאנ. אלס קאָמאנדיר פונ דעמ נײַ-געשאפענעמ אָטריאד פונ געטאָ-מענטשנ ווערט אויסגעוויילט (דאנ זײַנענ נאָכ אינ די פארטיזאנישע אָטריאדנ פאָרגעקומענ וואלנ פונ קאָמאנדירנ-באשטאנד) דער כ' ייִסראָעל לאפידוס, שטאב-שעפ — דער לייטענאנט טעכניקער סאגאלטשיק, וועלכער פלעגט אונדז באזאָרגנ מיט ראדיאָ-אפאראטנ (שפעטער העלדיש אומגעקומענ אינ קאמפ), פארטיי-אָרגאניזאטאָר פונ

אָטריאַד — דער כ׳ וואָלף לאָסיק. מיט דעם דאָזיקן אָטריאַד האָבן מיר א טאָג-טעגלעכע פאַרבינדונג. ס׳קומען צו אונדז שעלוכים די כּכ׳ פּאַ-ליע שאַלמאַן, כאַסיע בינדלער, דאָוויד באַראַן אאַ. מיר שיקן מיט זיי מענטשן און אַלץ, מיט וואָס מיר זײַנען נאָר בעקוויעם צו העלפן דעם דאָזיקן אָטריאַד, קעדיי ער זאָל ווירקלעך ווערן א מאַסן-באַזע אַפּ אַרויסצופירן מענטשן פון געטאָ. ס׳גייט ניט דורך אָן קיין אי-נערלעכע רײַבונגען, קריגערײַען, קאָנפליקטן. מיר, פון געטאָ, זײַנען אָבער אַזוי ענג פאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן אָטריאַד, אַז מיר זײַנען בעקוויעם זיי העלפן לייזן א ריי קאָנפליקטן. ס׳גייט אויך ניט דורך אָן קיין אומגליקן. מענטשן פון געטאָ שיקן מיר אַרויס אַפּ א באַ-שטימטן אָרט, וווּ זיי דאַרפן באַגעגנט ווערן דורך פאַרבינדלער פון אָטריאַד. איינע אונדזערע א גרופּע פון א מאַן צוואַנציק האָט אָבער אַפּן באַשטימטן אָרט קיינעם ניט געטראָפן. זיי האָבן זיך אַרומגע-דרייט אין דער אומבאַקאַנטער געגנט, ביז פּאָליציי האָט זיי ניט אויס-געשפּירט, און אין אומגליקלעכן קאַמף זײַנען אַלע אונדזערע כאַווייריִם (אַכוץ 4 מאַן) אומגעקומען. אין געטאָ דערוויסט מען זיך זייער גיך וועגן דעם. אַפּן זונטיקדיקן „אַפּעל״ דראָען די געסטאַפּאָ-לײַט, וועל-כע ווייסן, אַז די אומגעקומענע זײַנען מענטשן פון געטאָ, אַז ס׳וועלן אומגעבראַכט ווערן אַלע, ווער ס׳איז אין דער קלענסטער מאָס פאַרבונדן מיט די פּאַרטיזאַנער. די נאַכט-שכיטעס דויערן אָן איבערײַס. איינע אַזאַ נאַכט-שכיטע איז פאָרגעקומען אַפּן הויף, וווּ ס׳האָט געוווינט אונדזער העלדישע פאַרבינדלערן „אַניע״ (זי פלעגט צו יעדער צײַט — באַטאָג און באַנאַכט — זיך דורכשלײַכן דורך די פּאָ-ליציי-וואַכן און דורכפירן אונדזערע קאָמפּליצירטסטע אויפטראָגן). פון דעם דאָזיקן הויף זײַנען מיט א טאָג פריִער עטלעכע מענטשן אַוועק אין וואַלד.

ניט געקוקט אַפּ אַלע גרוילן און אַפּ דער טויט-געפאַר, ווערט ניט אָפּגעשוואַכט דער דראַנג פון דער געטאָ-באַפעלקערונג זיך אַרויס-צובאַקומען פון אונטער די געטאָ-צוימען. די מעגלעכקײַטן, וועלכע ס׳גיט אונדז דעם כ׳ לאַפּידוסעס אָטריאַד, זײַנען ניט גענוגנד. מיט אַן אויסגעטייטלטער גרופּע מענטשן גייט אין א צווייטער ריכטונג אַוועק — אין זאַסלאַווער ראַיאָן — דער כ׳ נאָום פעלדמאַן.

דעם 23-טן אַפּרעל 1942 איז דער כ׳ נ. פעלדמאַן אַרויס פון געטאָ מיט א גרופּע פון 25 מאַן. געגאַנגענע זײַנען זיי, לויט אונדזער אויפטראָג, אין סטאַראָסעלסקער וואַלד. מיר האָבן געהאַט ידיִעס, אַז אין דעם דאָזיקן וואַלד איז פון אָנהייב קריג פאַרבליבן זייער פיל

געווער. אהין קומען שעלוכים פון א סאך אָטריאַדן זאמלען געווער, דער כ׳ פעלדמאן באקומט די אופגאבע: צונויפזאמלען אזויפיל געווער, אז מע זאָל קאָנען באוואָפענען גאָר א גרויסע צאָל געטאָ־מענטשן. גאָר גיך, נאָכן אוועקגיין פון פעלדמאנס גרופע, קומען צו אונדז זײַנע פארבינדלער, קעדיי ארויסצופירן מענטשן פון געטאָ. ס׳קומט טאניע ליפשיץ — זי פארמאָגט אן „אײַזערנעם פאס" אף דער פאמי־ליע „מאצקעוויטש טאטיאנא", ס׳קומט וויטקע פעלדמאן — אן ענער־גישער און דרייסטער 17־יאָריקער יאט: ס׳קומט מארעק בראזער — דער זון פונעם אומגעקומענעם ייִדישן סקולפּטאָר, ס׳קומט אָפט „ייִסראָ־ליק־וואָלאָדקע", און יעדער אײנער פון זיי פירט מיט זיך מענטשן אין וואלד. אף פעלדמאנס באזע וואקסט די צאָל געטאָ־מענטשן פון טאָג צו טאָג. ניט אלע געקומענע בלײַבן דאָרט. פארטיזאנישע גרו־פעס, וועלכע גייען פארבײַ דעם סטאראָסעלסקער וואלד, נעמען מיט זיך מיט א סאך פון אונדזערע מענטשן, מיר זײַנען בלויז צופרידן דערפון. מיר שיקן אָפּ אהין אויך דעם כ׳ וו. קראווטשינסקי, ווע־מען עס ברענען שוין די פיאטעס, ווײַל געסטאפּאָ איז שוין אף זײַן שפור.

אויך אין פעלדמאנס באזע זײַנען פאראן געניג צאָרעס: קריגע־רײַען, קאָנפליקטן, מיינונגס־פארשיידנהײַטן און ניט גענוגנדיקע דיס־ציפּלינירטקײַט. מיר באשליסן שיקן אהין א קוואליפיצירטן מיליטער־מאן אלס קאָמאנדיר צו פאָרמירן פון דער באזע אין סטאראָסעלסקער וואלד א קאמפּספּייִקן פארטיזאנישן אָטריאַד. אינעם קאָנצענטראציע־לאָ־גער אף שיראָקער גאס געפינט זיך דער עלטערער לייטענאנט פון דער רויטער ארמיי כ׳ סעמיאָן גאנזענקאָ. מיר האָבן מיט אים פאר־בינדונג דורך דער כ־טע סאָניע קורליאנדסקע. ער וויל אוועקגיין צו די פארטיזאנער. עס גיט זיך סאָפּקאָלסאָפּ אײַן ארויספירן אים פון לאגער, און טאניע ליפשיץ ברענגט אים אין וואלד. צו אונדזער ייִדישער גרופּע פארייניקט זיך א גרופּע רוסישע און ווײַסרוסישע פארטיזאנער, און ס׳ווערט געשאפן דער פארטיזאנער־אָטריאַד אף מארשאל בודיאָניס נאָמען — דער אָטריאַד, אין וועלכן מינסקער ייִדן האָבן גאָר א באדײַטנדיקע ראָליע געשפּילט סײַ מיט זייערע קאמפּס־האנדלונגען, סײַ מיט זייער אידייִיש־פּאָליטישער דערציִונגס־ארבעט. פונעם ערשטן טאָג אָן, ווי דער אָטריאַד איז געשאפן געוואָרן, איז דער כ׳ נ. פעלדמאן געווען זײַן פארטיי־אָרגאניזאטאָר. נאָכדעם, ווען דער אָטריאַד צעוואקסט זיך און ווערט פארוואנדלט אין א בריגאדע אף דעם כ׳ פּאָנאָמארענקאָס נאָמען, איז דער כ׳ נ. פעלדמאן קאָ־

מיסאר פון אָטריאַד „25 יאָר ווסםר״, אין וועלכן אונדזערע כאַווער־רים פון געטאָ זײַנען די הויפּט־דורכפירער פון דער דיווערסיע־אַר-בעט קעגן אָקופּאַנט.

אין די דאָזיקע צוויי באַזעס — איינע אין סלוצקער וועלדער, די צווייטע אין די וועלדער פון זאַסלאַווער און קוידאַנאָווער ראַיאָנען — קאָנצענטרירט זיך אַ באַדײַטנדיקער טייל פון די מענטשן, וועלכע מיר האָבן פּלאַנמעסיק אָפּגעקליבן און זיי צוגעגרייט צו פירן דעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף.

דאָס אַוועקגיין אין די פּאַרטיזאַנער-רייען קומט אויך פאָר אַף אַן אינדיווידועלן אופן. אונדזערע כאַווײרים פון די אַרבעט-קאָלאָ-נעס פאַרבינדן זיך אַף די אַרבעט-פּלעצער מיט רוסישע און ווײַס-רוסישע אַרבעטער, און מיט זייער הילף גייען זיי אַוועק צו די פּאַר-טיזאַנער. פונעם דײַטשישן אַרבעט-לאַגער נומ. 13 (אינעם גרושע-ווער יִשעוו), פונעם ציגל-זאַוואָד, פון דער פאַבריק „אָקטיאַבער״ זײַנען פיל ייִדן אַוועק אַף אַזאַ מין אופן אין די אָטריאַדן.

די אַלע מעגלעכקײַטן זײַנען אָבער ווייניק, גאָר ווייניק, קעדיי אַלעמען, וואָס ווילן אַרויס פון געטאָ, עפענען אַ וועג אין די אָטריאַדן. מיר מוזן באַקומען די מעגלעכקײַט, ווי פריִער, שיקן אָרגאַניזירט און מאַסנווײַז אונדזערע מענטשן אין די אַלגעמיינע פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן.

## XI. די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע לעבט

דעם 7-טן מײַ 1942 יאָר זײַנען אַף אַלע עפנטלעכע פּלעצער און סקווערן פון מינסק ווידער אופגעשטעלט געוואָרן טליִעס. מע האָט אַף זיי אופגעהאַנגען צענדליקער אומדערשראָקענע קעמפער קעגן די ווילדע היטלערישע רויב-האָרדעס. ס׳זײַנען געהאַנגען די מיטגלי־דער פון מינסקער אונטערערדישן מיליטערישן ראַט, וועלכע זײַנען פאַראַטן געוואָרן דורך די געסטאַפּאָ־אַגענטן בעלאָוו און ראָגאָוו. ס׳איז געהאַנגען דער אומדערשראָקענער קעמפער פאַר דער באַפרײַונג פון אונדזער לאַנד פון דער ברוינער פּעסט — דער גוטער פרײַנט פון דער מינסקער געטאָ-באַפעלקערונג סלאַוועק. ס׳זײַנען געהאַנגען אונ-דזערע ייִדישע כאַווײרים יעקעלטשיק (מיטגליד פון שטאָט-קאָמיטעט), זיאַמע אָקון, זיאַמע סערעבריאַנסקי, הירש רודיצער. די טליִעס אין מינסק האָבן גערופן די גאַנצע סאָוועטישע באַפעלקערונג, אָן אונ-טערשייד פון נאַציע, נאָך ענגער שליסן די קאַמפּס-רייען, נאָך שטאַר-קער פעסטיקן די פאָלקער-פרײַנטשאַפט צום אומדערבאַרעמדיקן קאַמף

קעגנ אלעמענס סוינע. אינ אָנבליק פונ די דאָזיקע טליִעס איז נאָכ שטארקער געוואָרנ דער ווילנ ווידער אופצובויענ אונדזער געמיינזאמע אלשטאָטישע אָרגאניזאציע.

מיט מיכל געבעליעוונ האָבנ מיר זיכ צונויפגערעדט, אויב אימ וועט זיכ אײַנגעבנ באקומענ א פארבינדונג מיט אלטע באקאנטע אונ זיכערע כאווײרימ פונ דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע אינ שטאָט, זאָל ער פאר זיי שטעלנ די פראגע וועגנ א געמיינזאמער בעראטונג אפ אופצושטעלנ די שטאָטישע צענטראליזירטע אָרגאניזאציע.

אזוי איז געשענ. אינ א דירע אפ טאָרגאָווע-גאס זײַנענ זיכ צונויפגעקומענ כאווײרימ, קעדיי זיכ צו בעראטנ וועגנ דער באנײַונג פונ דער קאמפס-טעטיקײַט. אפ דער בעראטונג זײַנענ אויכ געקומענ עטלעכע טוער פונעמ שטאָט-קאָמיטעט, וועלכע זײַנענ גאנצ געבליבנ נאָכ די גרויסע ארעסטנ. ווי ס'האָט זיכ אפ דער דאָזיקער בעראטונג ארויסגעוויזנ, זײַנענ פארלוירנ געגאנגענ די פארבינדונגענ מיט די פארטיזאנישע אָטריאדנ. הייסט עס, מע דארפ אָנהייבנ פונדאָסנײַ, אָבער אָנהייבנ אזוי, אז די פריִערדיקע כעסרוינעס זאָלנ דורכנ סוינע מער ניט קענענ ארויסגענוצט ווערנ אפ דורכצוקריכנ אינ דער אָרגאניזאציע, קעדיי זי צו צעברעכנ.

מיר לייגנ פאָר דער בעראטונג דרײַ הויפט-מאָסמיטלענ: 1) די גאנצע קאמפס-ארבעט, די שאפונג פונ פארטיזאנער-אָטריאדנ אונ פארבינדונג מיט די עקזיסטירנדיקע, דארפ זיכ געפינענ דירעקט אינ די הענט פונעמ קאָמיטעט. קיינ שומ מיליטער-ראטנ טאָרנ אינ שטאָט ניט געשאפנ ווערנ, ווײַל דאָס ברענגט צו שעדלעכנ פאראלעליזמ אינ א צײַט, וועננ דער הויפט-אינהאלט פונ דער קאָמיטעט-ארבעט קענ אונ מוז זײַנ די דירעקטע אָרגאניזאציע פונ קאמפ; 2) איבערבויענ די אָרגאניזאציאָנעלע סטרוקטור: אָנשטאָט די „צענטלעכ", וועלכע הענגענ אינדערלופטנ, אָרגאניזירנ גרופעס אפ די אונטערנעמונגענ אונ פאבריקנ. מיר זײַנענ דערבײַ ארויסגעגאנגענ פונ פאָלגנדיקער האנאָכע: אינ דעמ אקטיוונ קאמפ קעגנ אָקופאנט מוז ארײַנגעצויגנ ווערנ די גאנצע באפעלקערונג פונ גרויס ביז קליינ. ס'קענ אָבער ניט מעגלעכ זײַנ, אז די גאנצע שטאָטישע באפעלקערונג, באזונדערס פונ געטאָ, זאָל קענענ זיכ ארײַנגיסנ אינ די פארטיזאנער-רייענ (ס'איז דאָכ געווענ דאָס 1942 יאָר!), — דארפ מענ דעמ קאמפ אָרגאניזירנ אויכ אפנ אָרט, אינ שטאָט. מ'דארפ אָרגאניזירנ א מאסנ-סאבאָטאזש. דער בעסטער פלאצדארמ דערצו איז די פאבריק, וועלכע ארבעט פארנ סוינעס מיליטער, דער אײַזנבאנ-טראנספאָרט אונ די אנשטאלטנ, וועל-

כע באדינגען דעם ס'ינע. דעריבער מוזן אונדזערע גרופעס געשאפן ווערן אף די פאבריקן; און 3) דער ראיאָן פון געטאָ דארף אנערקענט ווערן אלס א באזונדער אָרגאניזאציאָנעלער איינס צוליב די ספעציפישע באדינגונגען, אין וועלכע עס געפינט זיך די יידישע באפעלקערונג. דאָ האָבן מיר דעריקער געהאט אין זינען: קענען ווײַטער פאָרזעצן אונדזערע מאָסמיטלען אף צו שאפן באזעס, וווהין ארויסצופירן די קאמפספייקע געטאָ-באפעלקערונג.

אלע אונדזערע פאָרשלאָגן זײַנען אָנגענומען געוואָרן. דער געטאָ-ראיאָן ווערט אויסגעטיילט אלס א באזונדער איינס, וואָס איז דירעקט פארבונדן מיטן שטאָט-קאָמיטעט. גלײַכצײַטיק אָבער מוזן מיר זײַן פארבונדן מיט די קאָמיטעטן פון סטאלינער און קאהאנאָוויטשער ראיאָנען, אין וועלכע ס'געפינט זיך דער גרעסטער טייל אונטערנעמונגען, ווו ס'ארבעטן די יידן פון געטאָ. די דאָזיקע קאָמיטעטן דארפן אונדז זען העלפן באם אָפשיקן אונדזערע מענטשן אין די פארטיזאנישע אָטריאדן.

די ארבעט איז אוועק איבעראנײַס און נאָך אין א שטארקערן טעמפ. כאָטש מיכל געבעליעוו רעכנט זיך אין גרונט אלס טוער פונעם געטאָ-ראיאָן, איז ער אָבער צו יענער צײַט איינער פון די הויפט-אָנפירער פון דער אלשטאָטישער אָרגאניזאציע. ער ווייסט ניט פון קיין רו און פון קיין געפארן. געבעליעוו נעמט זיך צום אָרגאניזירן דאָס אָפשיקן סאָוועטישע קריגס-געפאנגענע אין די פארטיזאנישע אָטריאדן. די פרויען אין געטאָ זאמלען קליידער אף איבערצוטאָן די געפאנגענע. אונדזער „פאספאָרט-ביוראָ" באזאָרגט זיי מיט „קאָשערע" דאָקומענטן. די ארבעט צעוואקסט זיך, און מיט איר צוזאמען וואקסט ווידער אויס... די אומפאָרזיכטיקײַט. וויפל מיר ריידן ניט וועגן גרינטלעכער קאָנספיראציע — העלפט עס ווייניק. ווי נאָר עס קומט צו א גרעסערער אופלעבונג, אזוי ווערט די ארבעט מאמעש אריבערגעטראָגן אף דער גאס, קימאט ווי אף די אויגן פון געסטאפאָ און פון זייערע געטאָ-אָפעראטיוווניקעס. ס'קומט ווידער צו זייער א פילבארן קלאפ.

אף זאמקאָווע-גאס האָבן אונדזערע קאָמיוגיסטן געהאט זייער שטאב-קווארטיר אין א גוט פארמאסקירטער הייל אונטער דער ערד. אָנפירער איז געווען דער אומדערמידלעכער, אָבער זייער ווייניק דערפארענער, וואליק זשיטלזייפ. דאָרט האָבן אונדזערע יוגנטלעכע פארגרייט געווער, שפײַז און אלץ, וואָס איז נייטיק צום אוועקגיין אין וואלד. געסטאפאָ איז געפאלן אף זייער שפור, און די מאלינע איז

אַרומגערינגלט געוואָרן. געסטאַפּאָ לייגט פאַר אונדזערע יונגע כאַוויי-רים (צוועלף זײַנען זיי געווען) אַרויסקריכן, זיך אונטערגעבן. קיי-נער גייט ניט אַרויס. ס'הייבט זיך אָן אַ קאַמף מיט גראַנאַטעס, אַלע צוועלף מאַן זײַנען געווען באַוואָפנט מיט גראַנאַטעס, כּוץ דעם איז אין דער הייל געווען פיר ביקסן, צוויי קעסטלעך קוילן, צוויי ראַ-דיאָ-אויפנעמער און שפּײַז-פּראָדוקטן. אַ לענגערע צײַט האָט געדויערט דער אומגלײַכער קאַמף. קיינער פון די יוגנטלעכע האָט זיך ניט אונ-טערגעגעבן, און זיי אַלע, כּוץ איינעם, זײַנען אומגעקומען. געבליבן לעבן, כאָטש מיט זיבן ווונדן, איז זיאַמקע, וועלכער איז גראָד געקומען פון לאַפּידוסעס אָטריאַד אַלס פאַרבינדלער, קעדיי די גרופּע ברענגען אין וואַלד. מ'ד האָבן אים אונטער אַ פרעמדער פאַמיליע אַוועקגעלייגט אין שפּיטאָל, ווו ער איז אויסגעהיילט געוואָרן. שפּעטער איז ער אַרי-בערגעשמוגלט געוואָרן צו פעלדמאַנענס אין אָטריאַד און איז אויף וועג אומגעקומען.

קימאַט אין דער זעלבער צײַט איז די געסטאַפּאָ אויך געפאַלן אויפן שפּור פון אונדזער ראַדיאָ-אויפנעמער. ניט אַרײַנדרינגענדיק אין דער הייל, האָבן זיי מיט גראַנאַטעס באַוואָרפן דאָס גאַנצע הויז. אויף זײַן קאַמפּס-פּאָסטן איז אומגעקומען דער געטרײַער, דיסציפּלינירטער און קאַמפּס-מוטיקער כ' כאָנאָן גוסינאָוו. צום צווייטן מאָל פאַרלירן מיר די מעגלעכקײַט ברייט און סיסטעמאַטיש אינפאָרמירן די געטאָ-באַפעלקערונג וועגן די געשעענישן אויפן פראָנט און וועגן דעם לעבן אויף דער „גרויסער ערד" — אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

דורך די דאָזיקע אַלע קלעפּ זײַנען די רייען פון אונדזער אַק-טיוו ביז גאָר שיטער געוואָרן. די בעסטע כאַווײרים האָבן מיר אָפּ-געשיקט אין די אָטריאַדן. ס'איז געבליבן אַ קליינע גרופּע, אויף וועל-כער ס'האָט זיך געהאַלטן אונדזער גאַנצע אַרבעט. דער כ' ג. רובין, וועלכער איז נאָך וו. קראַוועטשינסקיס אַוועקגיין אין וואַלד געבליבן דער הויפּט-אָרגאַניזאַטאָר באַם אָפּשיקן גרופּעס אין די פּאַרטיזאַנער-רייען, מוז זיך פאַרנעמען מיט די פאַרשיידנסטע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַר-בעטן, און אים איז זיך שוין שווער אַן אייצע צו געבן. אין העס-קעם מיט די באַשלוסן פון קאָמיטעט צעטיילן מיר די געטאָ אויף צוויי זאָנעס: מיטן ראַיאָן פון אָבוטקאָווע-גאַס פירט אָן די כ-טע צעסיע מאַדייסקער, מיטן ראַיאָן פון ראַטאָמסקע-גאַס — דער כ' קאַזשדאַן. מיר שאַפן אויך אַ ראַיאָן-קאָמיטעט. צוגלײַך מיט דער אַרבעט רעגולער אָפּצושיקן אונדזערע מענטשן אין די אָטריאַדן, שטעלט זיך פאַר אונדז אין דער גאַנצער ברייט די פראַגע וועגן אָרגאַניזירן דעם

קאַמף אַפן אָרט גופא — די פראגע וועגן אָנהייבן א דיווערסיע-ארבעט אין די פאבריקן און אונטערנעמונגען, וועלכע ארבעטן פאר דעם סוינעס ארמיי.

אַפ דער אזויגערופענער „יידישער ארבעט-בירזשע" האָבן מיר געהאט אייגענע מענטשן — די כאווערטעס מירע סטראָנגין און ראָזע אלטמאן. מיט זייער הילף גיט זיך אונדז איין צו שיקן אונדזערע כאוויירים ארבעטן דאָרט, ווו ס'איז צוועקמעסיק פון שטאנדפונקט פון אונדזער דיווערסיע-ארבעט.

שוין פון פריער האָבן די כאווערטעס לענע מייזעליס, נאדיע שוסער, פאניע גורוויטש, סאָניע טיישאָוו, פאניע טשיבטשין, עסטער קריוואָשיין, דאָרע בערסאָן, לענע פעוונער, געניע יודאָווין, סארע יודאָווין א. א. זיך איינגעאָרדנט אַפ דעם אמאָליקן זאוואָד „באָלשעוויק", וואָס האָט אין דער צייט פון דער אָקופאציע געארבעט פאר דער היטלערישער ארמיי. אונדזערע כאווערטעס האָבן סיסטעמאטיש זיך פארנומען מיט פאטערן דעם מאטעריאל — דעריקער לעדער. זיי פלעגן פארניכטן טיילן פון פאראשוטן און דעריקער — טאָג נאָך טאָג ארויס-טראָגן פון זאוואָד ווארעמע וועש, הענטשקעס, זאָקן און אלץ, וואָס איז נייטיק געווען פאר די פארטיזאנער.

אומאָפהענגיק פון דער דאָזיקער פרויען-גרופע ארבעט אַפן זעלבן זאוואָד א מענער-גרופע אונטער דער אָנפירונג פון כ' דאָוויד לערנער, וועלכע פארנעמט זיך מיט א „גרעבערער" ארבעט: זיי טראָגן ארויס, לויט דער באשטעלונג פון א פארטיזאנישן אָטריאַד, עטלעכע פעלד-טעלעפאָנען מיט דער גאנצער איינריכטונג, זיי שיטן זאמד און צעמאָלט גלאָז אין די פאבריק-מאשינעס, זיי פאטערן גאנצע פארטיעס מיט באגאזש, וואָס ליגט גרייט אָפגעשיקט צו ווערן אַפן פראָנט. אונדזער לאבאָראטאָריע אין געטאָ באזאָרגט זיי מיט א ספעציעלער פליסיקייט, וואָס צעפרעסט לעדער און מאנופאקטור. עטלעכע דיווערסיע-גרופעס ווערן דורך אונדז געשאפן אַפ דער אמאָליקער פאבריק „אָקטיאבער". צו די דאָזיקע גרופעס געהערן די שוסטער זילבערשטיין, שאפּיראָ, נאטערמאן, נ. לופט, ווענוול (פאמיליע — אומבאקאנט), די שניידער מישע גריטשאניק, ג. סוקעניק, די מאליערס יויסעפ טישעלמאן מיט זיין 16-יאָריקן זון, ס. פייסאכאָוויטש, דער קעסל-הייצער סאשע (פאמיליע — אומבאוווסט). פאר די דאָזיקע אלע גרופעס שטעלן מיר אלס הויפט אופגאבע: ווי ווייט מעגלעך פארלענגערן דעם טערמין פון אויספילן די באשטעלונגען פונעם סוינע, פאטערן דאָס רויווארג און די פארטיקע מאטעריאלן, נוצלאָז ארויס-

ברענגענ וואָס מער רויוואַרג. די שוסטער קלאַפּנ אָנ א שיך אײַזער-
נע טשוועקעס אינ די שטיוול, אזוי אז ס'איז זיי ניט מעגלעכ ארופּ-
צושלעפּנ אפנ פוס, אונ די פּאָדעשוועס, ווערנ שנעל איבערגעברענט.
די שנײַדער פלעגנ צונייענ א רעכטנ ארבל צו א לינקנ אָרעמ אונ
פארקערט. אלע פלעגנ זיי ארויסטראָגנ שטיוול, פּאָדעשוועס, מונדירנ,
מיט וועלכע מיר פלעגנ באזאָרגנ די כאוויירימ, וואָס פלעגנ אוועק-
גיינ אינ וואלד. אדאנק דער דיווערסיע-ארבעט פונ אונדזערע מענטשנ
פלעגט די עלעקטרע-אײַנאָרדענונג אינ דעמ הייצ-קעסל פונ דער
פאבריק סיסטעמאטיש געשעדיקט ווערנ. אינ דער דאָזיקער ארבעט
האָט זיכ אקטיוו באטייליקט א גרופּע ווײַסרוסישע כאוויירימ בעראָש
מיטנ סעקרעטאר פונעמ אומלעגאלנ סטאלינער ראיאָנ-קאָמיטעט כ'
ניקאָלײַ (גראסימענקאָ). אפ דער זעלבער פאבריק איז אויכ געווענ א
גרופּע אונטער דער אָנפירונג פונ כ' כאימ גראוועצ, וועלכע פלעגט
סיסטעמאטיש ארויסטראָגנ געווער. פאר דער דאָזיקער גרופּע איז אויכ
געשטעלט געוואָרנ די אויפגאבע אויפצורײַסנ די פאבריק. דאָס האָט
זיכ ניט אײַנגעגעבנ. די גרופּע איז דורכגעפאלנ.

א ספּעציעלע אויפגאבע, דירעקט געשטעלט פאר אונדז דורכנ
שטאָטישנ קאָמיטעט, האָבנ מיר געהאט דורכצופירנ אפנ מינסקער
ספּירט-זאוואָד: פּראָדוצירנ ספּירט, בראנפנ אונ ליקער איז פאר די
היטלער-לײַט, אינ די באדינגונגענ פונעמ רוסישנ ווינטער, געווענ
מאמעש א לעבנס-פראגע. מיר האָבנ געמוזט פאטערנ די דאָזיקע
ווירטשאפטלעכע פּאָזיציע, וואָס האָט געדינט דעמ סוינע. מיר
האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט, נאָכ א דויערנדיקנ אויספאָרשנ די לאגע, אפ
א ייִדישנ שמיד, וועלכנ מיר האָבנ פארזיכערט גלײַכ נאָכ דער אָפּע-
ראציע אָפּשיקנ אינ אנ אָטריאד. די דאָזיקע אָפּעראציע איז געלונגענ.
א גאנצער טראנספּאָרט, וואָס איז אוועק אינ דער ריכטונג אפ סמאָ-
לענסק, צומ פראָנט, איז אהינ אָנגעקומענ (אויב ער איז נאָר אָנגע-
קומענ) אינ אזא צושטאנד, אז די היטלער-„העלדנ" האָבנ פונעמ
שנאפּס קיינ האנאָע ניט געהאט.

א ספּעציעלע גרופּע האָט בא אונדז געארבעט אינ דער דײַטשי-
שער פעלד-פארבינדונגס-סיסטעמ (אפ מאָפּר-גאס). אָנגעפירט מיט דער
דאָזיקער גרופּע האָט דער כ' הייבלומ רווונ (אומגעקומענ דערנאָכ אינ
קאמפּ אלס פארטיזאנ). דורכ אימ האָבנ מיר באקומענ גענויע אויסגע-
ארבעטע פּלענער וועגנ דער פארבינדונגס-נעצ פונ סוינע לויט דער
ליניע באראנאָוויטש — מינסק — סמאָלענסק אונ ווילנע — מינסק — סמאָ-
לענסק. די דאָזיקע גרופּעס האָבנ אונדז אויכ איבערגעגעבנ א דיי

וויכטיקע מאטעריאלן וועגן דער דײַטשישער פֿארמינירונג-סיסטעם אין מינסק, וואָס מיר האָבן אלץ איבערגעגעבן דעם שטאָט-קאָמיטעט. די מאטעריאלן זײַנען אנערקענט געוואָרן אלס העכסט-נוצלעכע.

ס'איז דורך אונדז צוגעגרייט געוואָרן א דיווערסיע-אקט אין דער דײַטשישער אָפיצער-קיך (דאָרט האָט געארבעט א כאווער, א פּאָליאק, מיעטשיסלאוו קאָזאק, וועלכער איז שפּעטער אומגעקומען מיט א העלדן-טויט אין פּארטיזאנישן קאמפּ. דורך אים זײַנען ארײַנגעפירט געוואָרן אהין אונדזערע דיווערסאנטן). ס'איז אָבער געשען א דורכפאל. די אָפּעראציע איז ניט געלונגען. אונדזערע כאוויירים זײַנען אומגעקומען. ניט געלונגען איז אויך די אָפּעראציע אפּ אופּצורײַסן די וואָליקעס-פּאבריק, וועלכע ס'האָט געזאָלט דורכפירן אונדזער כאווער לעווין מיט א גרופּע סאָוועטישע קריגס-געפאנגענע. נאָך זײַן דורכפאל האָט לעווין געמוזט אָפּציִען — ער איז אָנגעקומען אינעם פּארטיזאנישן אָטריאד אפּן כאווער סטאלינס נאָמען.

אונדזערע כאוויירים, ניט געקוקט אפּ די באזונדערע שוועריקײַטן, האָבן אויך געהאט די אופגאבע צו דעמאָראליזירן דעם סוינעס מיליטער-טיילן. אין א ריי ערטער האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן זיך צו פּארבינדן מיט די מאָביליזירטע סלאָוואקן, האָלענדער, עסטרײַכער און אנדערע, און מיט זייער הילפּ פּארשפּרייטן דעם עמעס וועגן היטלערס רויב-מארש, וועגן די רעציכעס פֿון די היטלעריסטן לעגאבע אונדזער באפעלקערונג. אין רעזולטאט פֿון אזא ארבעט פלעגן מיר אָפּט באקומען העלפערס צווישן די דאָזיקע מענטשן. ס'זײַנען געווען פאלן, ווען אזעלכע, דורך אונדז אגיטירטע, פלעגן אוועקפירן אונדזערע מענטשן אפּ דײַטשישע אווטאָמאשינעס אין געגנטן, נאָענטע צו די פּארטיזאנישע באזעס.

די יִדישע ארבעטער, וועלכע זײַנען געווען אפּ צוואנגס-ארבעט אין רעגירונגס-הויז (בייס דער אָקופּאציע איז דאָרט געווען דער שטאב פֿון א היטלערישן אוויִאציע-טייל), האָבן פלוצלינג באמערקט א גרינטלעכע ענדערונג אין די שטימונגען פֿון זייער אופזעער, דעם היטלערישן אָפיצער שולצ. ער איז שטילער געוואָרן, פּארטראכט, ער האָט אופגעהערט זיך צו זידלען. מיטאמאָל איז ער אינגאנצן נעלעם געוואָרן. מיט אים צוזאמען זײַנען נעלעם געוואָרן אויך 37 יִדישע ארבעטער (צווישן זיי אויך דײַטשישע יִדן). זיי אלע זײַנען אפּ א מאשין, וואָס שולצ האָט צוגעשטעלט, אָנגעקומען אין א פּארטיזאנישן אָטריאד.

אונדזערע כאוויירים האָט זיך אײַנגעגעבן ארײַנצודרינגען אין א

באַדײַטנדיקער מיליטער-פּאַרמאַציע פונעם סוינע און זי פאַנאַנדערלייגן.
דער קאָמיטעט האָט אהין אַרײַנגעשיקט א ספּעציעלן מענטשן, וואָס האָט זײַן אַרבעט זייער גרינטלעך דורכגעפירט. די מענטשן פון דער דאָזיקער פּאַרמאַציע האָבן שפּעטער אַקטיוו געקעמפט קעגן די היטלער-באַנדיטן.
די אַרבעט פון אונדזערע כאַווייריִם אויסער דער געטאָ — אַף די פאַבריקן און אונטערנעמונגען — צעוואַקסט זיך. אומעטום באַגעגענען זיך אונדזערע מענטשן מיט ווײַסרוסישע און רוסישע אַרבעטער, און צוזאַמען פירט מען די אַרבעט צו שעדיקן דעם אָקופּאַנט. מיר פאַרשטאַרקן אונדזער אַרבעט ארויסצוראַטעווען סאָוועטישע קריגס-געפאַנגענע. מיר באַזאָרגן זיי מיט קליידונג און דאָקומענטן, מיט קאָנטאַקטן און מיט פּאַרטיזאַנער-פאַרבינדלער. פון מינסק גייט א קעסיידערדיקער מענטשן-שטראָם אין אַלע וועלדער פון ווײַסרוסלאַנד.
די געסטאַפּאָ ווייסט, אַז דאָ שטעקט אויך אונדזער האַנט. זיי פּרוּוון דורך פּראָוואָקאַציעס אָנרייצן די ווײַסרוסן און רוסן קעגן די ייִדן. קיין מינסק זײַנען אַף דײַטשישע מאַשינעס געבראַכט געוואָרן עטלעכע צענדליק שוידערלעך צעקאַליעטשעטע מענטשן — פּרוּוען מיט אָפּגעשניטענע בריסט, אויערן, צינגער, מיט אויסגעשטאָכענע אויגן. „אָט דאָס איז די אַרבעט פון ייִדישע באַנדיטן, וואָס פאַלן אָן פון די וועלדער אַף די פרידלעכע ווײַסרוסן", — העצן די היטלערישע פענבאַנדיטן פון דער אָרטיקער אָקופּאַנטישער פּרעסע. דער שטאָט-קאָמיטעט ענטפערט מיט א הייסן רוף צו שטאַרקן די פעלקער-פרײַנטשאַפט אין קאַמף קעגן דעם געמיינזאַמען סוינע דעם אָקופּאַנט.
ביים צוגרייטן א גרעסערע גרופּע קריגס-געפאַנגענע אַף אָפּצופירן זיי אינעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אַף בודיאָניס נאָמען איז אין סוינעס לאַפּעס אַרײַנגעפאַלן מיכל געבעליעוו. דאָס איז געווען א שוידערלעכער קלאַפּ ניט בלויז פאַר אונדז אין געטאָ, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער שטאָטישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. מיכל געבעליעוו איז נאָך דעם מאַרט־דורכפאַל געווען איינער פון די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אונטערערדישער אַרבעט אין מינסק. זײַן ברייטע באַקאַנטשאַפט צווישן דער שטאָטישער באַפעלקערונג האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אַרײַנצוציִען אין דער אַרבעט אַלץ נײַע און נײַע מענטשן, וועלכע האָבן פון זייער זײַט פאַרברייטערט דעם פאַרנעם פון דער אַרבעט. מיכל האָט פון קיין רו קיינמאָל ניט געוווּסט. אינמיטן העלן טאָג, ווען אַלע גאַסן זײַנען באַזעצט מיט היטלערישע שפּיר-הינט, און נאָך האַלבער נאַכט, ווען יעדער שאָרך שלאָגט זיך אָפּ מיט אַן עכאָ אין דעם ארום פון דער אָפּגעשטאָרבענער שטאָט,

פלעגט געבעליעוו זיכ דורכשלײַכנ פונ געטאָ אינ שטאָט אונ פונ שטאָט אינ געטאָ מיט פארשיידענע אופגאבנ, וועלכע האָבנ געמוזט געלייזט אונ פארווירקלעכט ווערנ. ער האָט מיט פאראכטונג זיכ באצויגנ צו דעם, וואָס „שאנעוועט דאָס אייגענע לעבנ". שטענדיק האָט מענ אימ געקאָנט זענ מיטנ פעקל סטאָליערשע אינסטרומענטנ אונטערנ אָרעמ (ער האָט געהאט א פאלשנ דאָקומענט אלס סטאָליער-ארבעטער אינ א שטאָטישנ אנשטאלט). זיי האָבנ געזאָלט דינענ סײַ אלס מאסקיר-מיטל, סײַ אלס געווער זיכ אָפצושלאָגנ פונעמ סוינעס הענט. דער אָנפאל אפ אימ איז אָבער געשענ אזוי פלוצלינג, אז ער האָט בלויז באוויזנ ארויסצוואָרפנ פונ זיכ זײַנ געטאָ-„טראכט". דורכ די כורוועס אפ נײַ-מיאסניצקע פלעגט געבעליעוו אָפט דורכגיינ פונ געטאָ אינ שטאָט. אינ געטאָ פלעגט ער פונ אויבנ טראָגנ א פידזשאק מיט א געלער לאטע אונ א ווײַסנ נומער. אינ קעשענע איז געלעגנ א דאָקומענט אפ דער אויסגעטראכטער פאמיליע „רוסינאָוו". בייסנ דורכשלײַכנ זיכ אינ שטאָט פלעגט ער דעמ פידזשאק מיטנ דאָקומענט באהאלטנ אונ בלײַבנ אינ א לײַטיש אָנטועכץ מיט א „קאָשערנ" אריער פאספאָרט. פאָליציי האָט מישענ פארהאלטנ בא דער סאמע געטאָ-גרענעצ. זײַנ „יידישנ" פידזשאק האָט געסטאפּאָ שפּעטער געפונענ, אָבער זיכ ניט אָריענטירט, וועמענס דאָס איז. אינ טפיסע איז ער געזעסנ אלס רוס. בייס איינעמ אנ „אפעל" האָט געסטאפּאָ אויסגערופנ: ווער ס'וועט אָנווײַזנ, וועמענס פידזשאק דאָס איז אונ ווער איז רוסינאָוו, וועט באקומענ א פרעמיע. מישענ איז אָבער פונ זײַנ דויערנדיקער אינקאָגניטאָ גאָר ניט לײַכטער געוואָרנ.

א צײַט לאנג האָבנ מיר געהאלטנ פארבינדונג מיט אימ דורכ אונדזערע פארבינדלער אינ טפיסע. די כאווערטעס מאריא מאיאָראָווא (עמעסע פאמיליע גאָראָכאָווא) אונ וואָראָנאָווא האָבנ אימ עסנ געטראָגנ. מישע איז מוטיק, ער גלייבט, אז אימ וועט געלינגענ אנטלויפנ. מיר זאמלענ צונויפ געלט אימ אויסצוקויפנ. מיר פלאנעווענ אימ מיט געוואלט באפרײַענ. ס'גיט זיכ אָבער גאָרניט אײַנ. אונ ס'איז אומגעקומענ איינער פונ די העלדישסטע זינ פונ מינסקער געטאָ. ער האָט זײַנ לעבנ אינגאנצנ אָפגעגעבנ דעמ קאמפ פאר באפרײַענ אונדזער היימישע ערד פונעמ היטלער-יאָכ, פאר באפרײַענ זײַנע ברידער אונ שוועסטער פונ דער שוידערלעכער געטאָ.

ווי נאָכ יעדנ קלאפּ מוזנ מיר שנעל קומענ צו זיכ. די ארבעט טאָר ניט לײַדנ, אפילע ווענ ס'איז שוינ מער ניטאָ אונדזער אקטיווסטער טוער — מיכל געבעליעוו.

גראָד אינ די דאָזיקע טעג זײַנענ אונדזערע אויסזיכטנ גוואלדיק געשטיגנ. אונדזער ביז איצטיקער טרוימ — באקומענ א דירעקטע פאר־בינדונג מיט דער צענטראלער אָנפירונג פונ דער פארטיזאנישער בא־וועגונג אינ ווײַסרוסלאנד — הייבט אָנ פארווירקלעכט ווערנ. פונ קאָ־פּילער אונ ליובאנער וועלדער, דאָרט, ווו עס געפינענ זיכ די בא־פולמעכטיקטע פונעמ צק פונ דער פארטיי אונ פונעמ ווײַסרוסישנ שטאב פונ דער פארטיזאנער־באוועגונג, האָבנ זיכ צוריקגעקערט צומ שטאָט־קאָמיטעט אונדזערע פארבינדלערנ. די כאווערטע אסיע פרוס־לינ, וועלכע איז צו יענער צײַט שוינ אויסער דער געטאָ, האָט געבראכט א גרוס פונעמ כ׳ בעלסקי; די כאווערטע מאריא ראטשיצקאיא־בא־טורינא — פונעמ כאווער ווארוואשעניא. דער שטאָט־קאָמיטעט באקומט דירעקטיוו־בריוו פונעמ שעפ פונעמ שטאב פונ דער פארטיזאנישער באוועגונג אונ סעקרעטאר פונ צק פונ דער קפּ(ב) פונ ווײַסרוסלאנד כאווער פאָנאָמארענקאָ, וועלכע עפענענ אונדז די אויגנ, פארברייטערנ אונדזער בליק אפ די אופגאבנ, וואָס שטייענ פאר אונדז, אונ גיבנ צו גאָר א נײַעמ, פארשטארקטנ טעמפּ אונדזער ארבעט. ס׳גייט דע־ריקער אינ פארשטארקנ די דיווערסיע־ארבעט אינ שטאָט, פילפאכ פארגרעסערנ די צאָל מענטשנ, וואָס מוזנ ארויסגעפירט ווערנ אינ די פארטיזאנער־רייענ.

גרויס זײַנענ די אופגאבנ — אונ מענטשנ, אקטיווע טוער פונ דער געטאָ־אָרגאניזאציע, ווערט אלצ ווייניקער. ווער ס׳איז אוועקגעשיקט געוואָרנ אינ די פארטיזאנער־אָטריאדנ, אונ ווער ס׳איז אומגעקומענ אפנ קאמפּ־פּאָסט אינ געטאָ. דער סוינע פארשטארקט קעסיידער די וואכ סײַ אינ געטאָ סײַ ארומ געטאָ. די „אָפּעראטיוו־ניקעס" פאָרשנ נאָכ יעדנ מענטשנ, וואָס ווײַזט זיכ זיי אויס אינ דער מינדסטער מאָס פארדעכטיק.

ס׳איז געקומענ צו אונדז, ווי געווײנלעכ פאר די לעצטע כא־דאָשימ, דער פארבינדלער פונעמ בודיאָני־אָטריאד, כ׳ וויטיע פעלד־מאנ. ער טרעפט זיכ מיט אונדזער באפולמעכטיקטנ כ׳ ג. רובינ, קעדיי צו באקומענ פונ אימ די צוגעגרייטע גרופּע מענטשנ פארנ אָטריאד. קעדיי ענדגילטיק אלצ ארומרעדנ, איז ג. רובינ אוועק צו וויטיענ אהיימ (אינ געטאָ איז געבליבנ זײַנ מוטער מיט א קליינ ברודערל). באנאכט איז זייער דירע ארומגערינגלט געוואָרנ פונ געס־טאפּאָ. ג. רובינ רײַסט זיכ ארויס פונ זייערע לאפּעס אונ לאָזט זיכ לויפנ. א קויל דעריאָגט אימ אינ סאמע צענטער געטאָ. עס איז גע־פאלנ אנ עכטער קאמפּס־כאווער, וואָס האָט אלע זײַנע קויכעס אָפּ־

געגעבן דער פארטיזאנישער באוועגונג. וויטיע מיט דער מוטער און ברודערל זײַנען ארײַנגעפאלן אינעם סוינעס הענט. זיי זײַנען אָפּגעפירט געוואָרן אין טפיסע, ווו מע האָט זיי לאנג געפּײַניקט און נאָכדעם, אין א שווארצער געסטאפּאָ-מאשין, אָפּגעפירט צו איינער פון די פּילצאָליקע גריבער, ווו ס׳זײַנען געוואָרפן געוואָרן די צום טויט פארפּײַניקטע זין און טעכטער פון ווײַסרוסלאנד.

אף ג. רובינס אָרט באשטימען מיר דעם יונגן כאוועד אבראשע נאליבאָצקי. א רירעוודיקער, ענערגישער, אָבער אָן א ברעקל דערפארונג פון אומלעגאלער ארבעט, באזונדערס אין געטאָ-באדינגונגען, פאלט אבראשע אויך זייער גיך דורך. זײַן אָרט פארנעמט כ׳ שמואל קאזשדאן. דער צאָלמעסיק אײַנגעשרומפּענער אקטיוו פּאָדערט און מאָנט פון אונדז די דערלויבעניש אוועקצוגיין פון געטאָ אין אָטריאַד. דאָ וועט מען דאָך סײַווי אומקומען, איז וואָס איז די פולע דערפון? ווי דערלויבט מען עס אָבער אלעמען אוועקגיין און די געטאָ-מענטשן איבערלאָזן אָן אן אָנפירונג, אפן ברוינעם טײַוולס באראָט? צי דען האָבן מיר זיך ניט געגעבן דאָס וואָרט, אז מיר וועלן ניט פארלאָזן די זיך טרינקענדיקע שיף?!

און די שיף האָט ניט נאָר זיך געטרונקען — ס׳האָט געהאלטן בא איר פולשטענדיקן אונטערגאנג.

## XII. די פירטאָגיקע שכיטע

סאָף יול 1942, נאָך דעם, ווי די ארבעטער-קאָלאָנעס זײַנען אוועק פון געטאָ, האָט זיך אָנגעהויבן די נאָך פון די טעג פון דער ערשטער שכיטע אלט-באקאנטע באלאגערונג פון געטאָ. דאָס מאָל האָבן מיר פּאָרויס גאָרנישט ניט געוווּסט. דער אלשטאָטישער אויסשפּיר האָט לעכאטכילע אונדז וועגן דעם ניט געוואָרנט. מיט די מענטשן פון יידנראט האָבן מיר צו יענער צײַט שוין קיין שום פארבינדונגען ניט געהאט. אָבער אויך זיי האָבן פּאָרויס גאָרניט געוווּסט (אויב ניט רעכענען די פארעטער-באנדע עפּשטיין — ראָזענבלאט).

פון אינדערפרי דעם 28־טן יול האָבן שיקערע ס.ס. און געסטאפּאָ-באנדעס זיך ארײַנגעריסן אין די געטאָ-הײַזער און גענומען טרײַבן די מענטשן צו די שווארצע לאסט־מאשינעס. אלטע און קראנקע האָבן זיי אפן אָרט דערשאָסן. אין דער כירורגישער אָפּטיילונג פונעם געטאָ-שפּיטאָל האָבן זיי אלע קראנקע אפן אָרט אויסגעקוילעט. מיר, א גרופּע כאוויירים, האָבן זיך אויסבאהאלטן אין א ספּעציעל

פאר אונדז אויסגעבויטער באהעלטעניש. דער מוליער מוישע באָיקין האָט אין מעשעכ פון איין נאכט צוגעבויט צו דער קאפּיטאלער וואנט פון בוידעם אינעם אינפעקציע-שפּיטאָל א צווייטע וואנט. אָט דאָ, צווישנ די פּעק קליידער פון די טיפוס-קראנקע, זײַנען מיר פיר מעס-לעס געשטאנענ באוואָפנטע, גרייט צו יעדער מינוט זיכ ווארפנ אפ די ראָצכים. פונדאנענ האָבנ מיר פאר זיכ געהאט די גאנצע געטאָ, אונ מיר האָבנ צוגעזענ דאָ אלצ, וואָס עס האָט זיכ אָפּגעשפּילט אין יענע טעג. דער סוינע האָט אונדזער באהעלטעניש ניט אופגעדעקט.

ס'ענדיקט זיכ דער טאָג, אונ מיר ווארטנ אפנ אָנקום פון די ארבעטער-קאָלאָנעס. ס'ווערט נאכט, אונ אינ געטאָ איז קיינ סימענ ניטאָ פון מענטשלעכער עקזיסטענצ. די ארבעטער-קאָלאָנעס באווײַזנ זיכ אויכ ניט. צי איז דאָס שוינ דער סאָפּ פון דער געטאָ? פּלוצעם — אונ דער פוסטער ארום ווערט אופגעטרייסלט פון א האָגל טראסירנ-דיקע קוילנ. פון אלע עקנ געטאָ האָבנ קוילנוואַרפערס גענומענ דורכ-לעכערנ די הײַזער.

דעם צווייטנ פרימאָרגנ האָט זיכ די שכיטע ווידער אָנגעהויבנ נאָכ מיט מער רעציכע. מיט גראנאטעס האָבנ די געסטאפּאָ-באנד'עס באוואָרפנ יעדעס הויז, ווענ ס'איז בא זיי געווענ דער מינדסטער כשאד, אז דאָרט האָבנ מענטשנ זיכ אויסבאהאלטנ. פארשטיקטע קוי-לעס פון גויסעסדיקע, פון פארווונדעטע, וואָס האָבנ הילפ גערופנ, האָבנ זיכ דערטראָגנ צו אונדז אינ אונדזער באהעלטעניש. אונ ווי-דער איז אָנגעקומענ א שוידערלעכע נאכט מיט ראקעטעס, וואָס האָבנ אופגעריסנ די שטאָק-פינצטערניש, מיט ביקסנ- אונ קוילנוואַרפער-שי-סערײַ, מיט שיקערע קוילעס פון די בלוטדאָרשטיקע היטלער-בעס-טיעס אונ קרעכצענישנ פון די ניט דערקוילעטע, וואָס האָבנ זיכ גע-וואלגערט אפ אלע גאסנ פון מינסקער געטאָ.

ס'איז אָנגעקומענ דער דריטער שכיטע-טאָג. ס'איז אוואדע שוינ דער סאָפּ פון געטאָ. אינעם ייִדנראט האָבנ די ראָצכים דערשאָסנ דעם פּאָרזיצער יאָפּע, זײַנ געהילפ בלומענשטאָק, דעם דאָקטער טשארנאָ. דער איינציקער פונקט, ווו ס'איז קענטיק געווענ א סימענ פון לעבנ — דער ייִדנראט, איז אינעם דריטנ טאָג פון דער בלוט-באָד אויכ אָפּ-געשטאָרבנ.

דעם פערטנ טאָג האָבנ זיכ אפ די גאסנ באוויזנ גרופּעס פון דער אָרדענונגס-וואכ. זיי האָבנ צונויפגעשלעפּט די טויטע. די שיסערײַ דויערט. הייסט עס, אז עס זײַנענ נאָכ פאראנ מענטשנ אינ געטאָ. ספּעציעל דרעסירטע הינט שפּירנ נאָכ יעדעס הויז. ווו-ניט-ווו ווערט

אופגעדעקט א מאלינע. פּאָליציייִשע באנדעס פארנעמען זיך מיט רויבן, מיט נישטערן אין ייִדישע הײַזער. די שכיטע איז געענדיקט.

פארנאכט זײַנען אָנגעקומען די ארבעט-קאָלאָנעס. צום אָנהייב שטיל, ווי די אווייִלים, זײַנען מענטשן געגאנגען צו זייערע הײַזער. שפּעטער האָבן געוויין-שלוכצן גענומען זיך הערן פון אלע זײַטן געטאָ. ס׳איז געוואקסן דער יאָמער — צום ערשטן מאָל האָבן מענטשן אין מינסקער געטאָ ניט פארטײַעט אין זיך זייער ווײ און פּײַן. קלאָלעס האָבן זיך ארויסגעריסן פון די ביז דאן שטארק צונויפגעפּרעסטע ליפּן. ס׳האָבן זיך אין געטאָ אומגעקערט מענטשן — קײַלעכדיקע יע־סוימים, אָן טאטע-מאמע, אָן פרוי און קינדער . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צוזאמען מיט איינער פון די ערשטע ארבעט-קאָלאָנעס איז אין געטאָ ארײַנגעדרונגען די פארבינדלערן פונעם שטאָט-קאָמיטעט — די רוסישע כ-טע מאריא גאָראָכאָווא. מיר גיבן דורך איר איבער די ערשטע ידיעס וועגן דער שוידערלעכער שכיטע. מיר שיקן איבער אונדזער קאטעגאָרישע פאָדערונג צו ראטעווען דאָס לעצטע, וואָס איז נאָך געבליבן.

צומאַרגנס אינדערפרי איז אָנגעקומען דער באפעל פון שטאָט־קאָמיטעט, אז דעם באפולמעכטיקטן פונעם שטאָט־קאָמיטעט אין געטאָ כ׳ סקראָמני[1] ווערט פאָרגעלייגט פארלאָזן די געטאָ און איבערגיין אין דירעקטן רעשוס פון דער שטאָטישער אָנפירונג. ס׳איז פּײַנלעך די צעשיידונג מיט כאווירים, מיט וועלכע מ׳האָט אין משך פון א יאָר צײַט צוזאמען געטיילט די שוועריקײַטן, געפּארן און געזען די קענטיקע רעזולטאטן פון אונדזער קאמפּס-ארבעט אין געטאָ. באַ־פעל איז אָבער באפעל.

פון א דירע, אין דירעקטער שכיינעס מיטן גענעראל-הענקער פון ווײַסרוסלאנד קובע, ציִען זיך די פעדעם צו דער געטאָ, צו געבלי־בענע כאוויירים בעראָש מיט דער אומדערשראָקענער עמע ראדאָווע. זיי גלייבן און ווארטן געדולדיק: „מיר האָבן איצט אונדזער פאָר־שטייער דירעקט אין שטאָט. ס׳מוז דאָך קומען אן אנטשיידן וואָרט, וואָס ווײַטער צו טאָן".

וואָס צו טאָן איז קלאָר געווען. מ׳דארף קעסיידער, טאָג־אײַן, טאָג-אויס, ארויספירן מענטשן פון געטאָ. מיר רעקאָמענדירן: גיט די מענטשן, צו וועלכע ס׳איז פאראן צוטרוי, א גענויעם מארשרוט אין

1 פּסעוודאָנים פונעם אווטאָר,

די פּאַרטיזאַנישע זאָנעס, אונ זאָלנ גיינ אַלע, ווער ס'איז נאָר בעקויעכ אונ ווער ס'איז אָפּ אַלצ אַנטשלאָפנ.

די לאַגע איז ביז גאָר אַ שווערע. אינ די טעג פונ דער יול-שכיטע האָבנ מיר פאַרלוירנ די פאַרבינדונג מיט אונדזערע צוויי הויפּט-באַזעס. פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדנ שטייענ ניט אָפּ אַנ אָרט. זיי באַוועגנ זיכ אונ גייענ אָפּטמאָל אַוועק גאָר ווײַט פונ דער פריערדיקער באַזע. אַזוי איז געשענ מיט אונדזער ערשטער פּאַרטיזאַנישער גרופּע פונ 208-טנ אָטריאַד, וועלכע איז פונ מינסקער געגנט אַוועק אינ מאָהיליעווער. מיר האָבנ דעריבער פאַרלוירנ די פאַרבינדונג מיט איר. אַזוי איז געשענ מיטנ אָטריאַד 406, וועלכער האָט נאָכנ פאַרייניקנ זיכ מיטנ אָטריאַד „פאָלקט-נעקאָמענעמער" געענדערט זײַנ באַזע — פונ מינסקער געגנט זײַנען זיי אַוועק אינ ווילייקער. די גרופּע פונעמ כ' קאַגאַנ האָט צו אונדז געשיקט אַ פאַרבינדלער דעמ כ' מיירעמ כאַנינ. איז ער אינ וועג פאַרווונדעט געוואָרנ, געקומענ אַ קראַנקער אינ געטאָ אונ דאָ אַרײַנגעפאַלנ אינ די הענט פונ דער געסטאַפּאָ. נאָכ וויטקע פעלדמאַנס אַרעסט האָבנ מיר פאַרלוירנ די פאַרבינדונג מיט די בודיאָנאָווצעס. צומ 28-טנ יול באַווײַזט זיכ שוינ מער קיינער ניט פונ קוטוזאָוו-אָטריאַד (מ'רופט אימ אויכ „פינפטער אָטריאַד פונ דער II-טער מינסקער בריגאַדע"). בלײַבט אונדזער איינציקע האָפענונג אַפּ די מעגלעכקײַטנ, וועלכע ס'דאַרפ אונדז געבנ דער שטאָט-קאָמיטעט. דער קאָמיטעט שטעלט זיכ די אויפגאַבע אַרויסצופירנ אינ דער נאָענטסטער צײַט 5000 מענטשנ פונ מינסק אינ די אָטריאַדנ. אינ דער צאָל וועט זײַנ היפּש פאַרטראָטנ די געטאָ (סאַכאַקל זײַנענ אינ געטאָ נאָכנ 28-טנ יול געבליבנ באַ 9.000 מענטשנ). די כאַווייריִמ פונעמ שטאָט-קאָמיטעט „וואַסיק" (ניקיפאָראָוו), „ניקאָלײַ" (געראַסימענקאָ) אַ.אַ. פאַרזיכערנ אונדז, אַז דאָס איז זייער אַ רעאַלער איניִענ, אונ מיר גיבנ אַ דירעקטיוו אונדזערע געבליבענע אַקטיוויסטנ אינ געטאָ: גרייט מענטשנ! זײַט גרייט צו אַ מאַסנ-אַרויספיר פונ געטאָ!

...עמע איז דורכגעפאַלנ! די דאָזיקע יעדיִע האָט אונדז פאָרזיכטיק, ווי אַ וויסטע בסורע, וואָס טאָר ניט מיטאַמאָל אָנגעזאָגט ווערנ, איבערגעגעבנ דער האַרציקער פרײַנט אונדזערער „ניקאָלײַ". די באַנדיטנ פונ ראָזענבלאַטס קנופּיע זײַנענ איר נאָכגעגאַנגענ, נאָכגעפאָרשט איר יעדנ טראָט. גראָד האָט זי יענעמ פאַרנאַכט אָפּגעוואַרט אַ קאָלאָנע, דורכ וועלכער ס'פלעגט אינ געטאָ אָנקומענ די געהיימע פּאָסט פונ שטאָט. „אויב אַוועקגיינ פונ געטאָ, איז גלײַכ אינ וואַלד", —

האָט זי געענטפערט דעם שטאָט־קאָמיטעט אפּ דעם פאָרשלאָג איבער־צוגיין אינ שטאָט. מ׳האָט זיכ געגרייט אָפּשיקנ עמענ מיט א באזונ־דערס וויכטיקער שליכעס. האָט ראָזענבלאט זי געכאפּט אונ איבער־געגעבנ אינ די הענט פונ דער געסטאַפּאָ. שטיל, באשיידנ זייַנענ גע־ווענ אירע בריוולעכ פונ טפּיסע. אזוי שטיל אונ באשיידנ, ווי ס׳איז געווענ איר אומדערמידלעכע ארבעט פאר באפרייַענ אירע ברידער אונ שוועסטער פונ געטאָ. מ׳האָט זי עטלעכע מאָל גענומענ אפּנ פארהער אינ געסטאפּאָ. שוידערלעכ געפּייַניקט. עמע האָט אָבער קיינ וואָרט ניט געזאָגט. ווער האָט דענ אינ דעם געקאָנט צווייפלענ! די דאָזיקע 20־יאָריקע קאָמיוגיסטנ האָט אינ זיכ פארקערפּערט די אקשאָנעס פונ די, וועלכע זייַנענ דורכ סיבירער קאטאָרגעס אונ באריקאדנ־קאמפנ דערגאנגענ צומ ניצאָכנדיקנ אָקטיאבער. זי האָט געהערט צו יענער קאטעגאָריע שטילע העלדנ פונ פאָלק, וועלכע האָבנ, ניט פארטראכטנ־דיק זיכ קיינ מינוט, פארשטעלט מיטנ אייגענעמ קערפּער דעם סוי־נעס אמבראזורעס אונ פייַערשפּייַענדיק געווער. עמע איז געווענ א בא־שטעטיקונג פונ דעמ, אז דער דאָר, צו וועלכנ זי האָט געהערט, וועט קיינמאָל ניט זייַנ קיינ שקלאפּ בא די ווילדע „איבערמענטשנ״.

צו אונדז האָט זי בלויז איינ ביטע געהאט: א ביסעלע ציאנקאלי איר צושיקנ, קעדיי ניט פארשאפנ דעמ סוינע דעמ פארגעניגנ זי צו טייטנ. דעמ 9־טנ יאנוואר 1943 יאָר, נאָכ לאנגע כאדאָשימ פּייַניקונ־גענ, איז אומגעקומענ עמע ראדאָווע. איר געזעגענונגס־בריוו האָבנ פארטיזאנער געלייענט אינ וואלד. „ס׳וועט זיי פאר עמענ ניט געשענקט ווערנ״, — האָבנ געזאָגט מענטשנ פונ פארשיידענע פעלקער, מענטשנ, וואָס זייַנענ אינ די נעכט אוועק לויערנ אפּנ סוינע.

בייס א באגעגעניש מיט פאָרשטייער פונ שטאָט־קאָמיטעט יענע טעג, נאָכ עמעס ארעסט, טרעפט אונדז די יעדיִע וועגנ נייַע, שווערע קלעפּ, וואָס אונדזער שטאָטישע אָרגאניזאציע האָט געליטנ. דער סוינע האָט געטראָפנ אינ סאמע הארצ פונ אונדזער אָרגאניזאציע־אָנפירונג. ס׳איז ארעסטירט דער אָנפירער מיט דער אגיטאציע־ארבעט „וואטיק״, ס׳איז ארעסטירט די דערפארענע וועג־פירערנ אינ די אָטריאדנ די „מומע ניורע״. ס׳איז ניט באוווסט, פונוואנענ שטאמענ די דאָזיקע דורכפאלנ אונ ווי ווייַט זיי וועלנ נאָכ דערגיינ. אפּ יעדנ פאל דערציידנ מיר זיכ וועגנ דער נאָענטסטער פארטיע — 150 מאנ, וואָס זאָל פונ געטאָ אָפּגיינ אינ וואלד שוינ אינ די נאָענטסטע טעג.

דער סעקרעטאר פונעמ אומלעגאלנ סטאלינער ראיאָנ־קאָמיטעט כ׳ גראסימענקאָ האָט זיכ א פארמאָטערטער אומגעקערט פונ א „רייַ־

זע" איבער די וועלדער, וועלכע זײַנען אָנגעמערקט געוואָרג אלס באזעס פאר א מאסנ-ארויספיר פון מינסק. מיר דערליידנ זיך מיט אים וועגנ דער צאָל יידנ, וועגנ די זאמל-פּלעצער, וועגנ געווער און פּאַ-ראָלנ. ניט וועגנ אלצ נאָך האָבנ מיר זיך פארשטענדיקט. ער איז טויט-מיד. לאָמיר עס טאָנ מאָרגנ...

אפ צו מאָרגנ האָבנ מיר זיך שוינ מער ניט באגעגנט. באנאכט איז אינ זײַנ דירע אפ ניעמיגע 25 אָנגעשפּרונגענ געסטאפּאָ. אינ איר נאָזווקײַט האָט דעמ כ' גערעסימענקאָס פרוי געמיינט, אז דער גרעס-טער אומגליק איז, וועג געסטאפּאָ וועט בא איר אינ שטוב טרעפנ א יידנ, האָט זי דעריבער דעם ערשטנ אריבערגעוואָרפנ דורכ א פּענצ-טער פונ צווייטנ שטאָק, אפּ א דעכל נידעריקער, דעמ שרײַבער פונ די דאָזיקע שורעס. איך מאנ האָט שוינ ניט באוויזנ ארויסצושפּרינ-גענ. די גאנצע מישפּאָכע פונ דעמ גרענעצלאָז-מוטיקנ און העלדישנ כ' גערעסימענקאָ איז אומגעבראכט געוואָרנ צוזאמענ מיט נאָך צענד-ליקער טויער פונ מינסקער אונטערערד, וועלכע זײַנען אינ יענע טעג ארעסטירט געוואָרנ.

דרײַ מעסלעס אָפּזיצנ אינ א כורווע, ניט ווײַט פונ כ' גערעסי-מענקאָס דירע, קעדיי צו וואָרענענ אונדזערע אונטערערדישע טויער, זיי זאָלנ ניט ארײַנפאלנ אינ דער געסטאפּאָ-נעצ, — האָבנ גענוג מעג-לעכקײַט געגעבנ אפּ דורכצוטראכטנ די געשאפּענע לאגע. ס'איז קלאָר: מיר האָבנ צו טאָנ מיט אנ אינערלעכער פּראָוואָקאציע. ביז וואָס-וועג מוז מענ זיך דערווײַטערנ פונ דער סוויווע, פונוואנענ ס'קומט וואר-שײַנלעכ דער פאראט. ווהינ גייט מענ אָבער? און ווי פּאראדאָקסאל דאָס זאָל ניט קלינגענ — דאָס „זיכערסטע" אָרט אינ דעמ מאָמענט, האָט זיך געדוכט, איז די געטאָ.

## XIII. בלויז מיט אייגענע קויכעס

אינ געטאָ האָט מענ נאָך ניט געוווּסט וועגנ דעמ דורכפאל. נאָך דעמ, ווי ס'איז אומגעקומענ געבעליעוו און עמע, איז די פארבינ-דונג מיט דער שטאָט געגאנגענ דעריקער דורכ מאריא. אָבער גראָד אינ די דאָזיקע טעג האָט זיך מאריא ניט געוויזנ, זי איז געווענ אוועק-געפאָרנ אינ די מײַרעוו־געגנטנ. א קליינ צעטעלע, אונטערגעשריבנ „זינע" (דאָס איז געווענ דינע, די שוועסטער פונ אונדזער אומגע-קומענער געטאָ-טוערנ צעסיע מאדייסקער), האָט אונדז געגעבנ צו וויסנ: ס'זײַנען דורכגעפאלנ אלע אָנפירנדיקע כאוויירים פונעם שטאָט-

קאָמיטעט. די געבליבענע פארלאָזן אלע די שטאָט. זי אייצעט אונדז טאָן דאָס זעלבע.

די לאגע איז קלאָר. ניטאָ מער אפ וועמען צו האָפן. מ׳דארף בא די דאָזיקע באדינגונגען אויסרעכענען בלויז אפ די אייגענע קוי־כעס. ווארטן ביז אין שטאָט וועט די אָרגאניזאציע ווידער קומען צו זיך, איז מער קיין שום מעגלעכקייטן ניט פאראן. קיין זעלבשטענדיקע פארבינדונגען מיט פארטיזאנער-אָטריאדן האָבן מיר ניט. דארף מען די פארבינדונגען פאר יעדן פרייז קריגן. מיר באשליסן: ארויסשיקן אין דריי ריכטונגען מענטשן אפ אופזוכן און איינשטעלן א קאָנטאקט מיט פארטיזאנער. גלייך ווי דער קאָנטאקט וועט געפונען ווערן, שיקן פארבינדלער אין געטאָ, צו די געבליבענע כאוויירים, קעדיי אָרגא־ניזירט אָפשיקן וואָס מער מענטשן. אין דער ריכטונג פון די רודינס־קער וועלדער שיקן מיר ארויס אונדזער קאָמיוגישע טוערן כ׳טע דאָרע בערסאָן. אין דער ריכטונג פון סטאראָסעלסקער וואלד, צו געפינען די בודיאָנאָווצעס, שיקן מיר די קאָמיוגיסטקע פון יענער געגנט כ׳טע סאָניע לעווין. אין דער ריכטונג פון קוידאנאָווער וועלדער, מיט דעם ציל זיך דערקלייבן ביז דער נאליבאָקער פושטשע, ווערט באשלאָסן, אז ס׳גייט דער שרייבער פון די דאָזיקע שורעס.

צוגעקליבן צו זיך א גרופע כאוויירים, לאָזן מיר זיך אין וועג. אונדזער גרופע האָט געמוזט זיין באוואָפנט. דער סוינע לויערט אפ אלע וועגן. ס׳איז ווייניק שאנסן פאראן, מיר זאָלן אָנקומען גלייך אין אן אָטריאד, ווייל מיר גייען אָן א וועגווייזער, האָבנדיק בלויז אן אלגעמיינע אָריִענטאציע, ווו אן ערעך מיר קענען זיך באגעגע־נען מיט פארטיזאנער. אויב באגעגענען זיך מיטן סוינע אין וועג — איז מיט פייער. „אויב אומקומען — איז שטייענדיק״, — טייַנעט דער מיטגליד פון אונדזער גרופע דער כ׳ רוווּן הייבלום, וועלכער נעמט זיך אונטער איינצושאפן געווער. דאָרט, ווו ער ארבעט בא די דייטשן, שטייט גרייט אן איינגעפאקטער קאסטן מיט געווער, וואָס דארף אָפ־געשיקט ווערן קיין בערלין אלס עקספּאָנאטן אפ אן אויסשטעלונג „פארטיזאנער-געווער״. דאָס געווער איז קלאָל ניט געווען קיין פאר־טיזאניש. שפּעטער, ווען מיר האָבן עס באוויזן אין אָטריאד, האָט עס באם אוילעם פארטיזאנער ארויסגערופן א הילכיקן געלעכטער. דאָס זיינען געווען קורץ-אָפּגעשניטענע ביקסן, אזויגערופענע „אָברעזן״. פאר אונדז זיינען זיי גראָד באקוועם געווען. מ׳האָט זיי געקאָנט ארויסטראָגן און באהאלטן אונטער דער פּאָלע. א מיילע האָבן זיי געהאט: בייסן שיסן פלעגט דער קלאפ זיין ווי פון עפּעס גאָר רעכטס.

כוץ די דאָזיקע „אָברעזנ" האָט דער כ׳ נאָכעמ גאָלדזאק (אונדזער „רעדנער" דעמ 7־טנ נאָיאַבער 1941) זיכ אײַנגעשאפנ א דײַטשישנ פּיסטאָלעט מיט היפּש קוילנ צו אימ. צו אונדזער גרופּע האָט געהערט אויכ דער אַלטער דערפאַרענער רויטאַרמייער, אָנטיילנעמער אינ בירגערקריג, דאָוויד לונגינ, און ג. פרידמאַנ, וועלכנ מיר האָבנ שוינ אַמאָל געשיקט אינ אַנ אָטריאַד. א ביסל וועג־דערפאַרונג האָט ער שוינ פאַרמאָגט, און דאָס האָט אונדז געקענט צונוצ קומענ.

17 מעסלעס האָבנ מיר געוואַנדערט, געבלאָנדזעט, געזוכט. פיל מאָל האָבנ מיר געהאַט זיכ אָנגעשטויסנ אַפּ לויערנדיקע היטלעריסטנ. פיל מאָל איז דאָס געווער גרייט געווענ, קעדיי זיכ באַגעגענענ מיטנ סוינע. ענדלעכ האָבנ מיר אינ וועג באַגעגנט קליינע פאַרטיזאַנער־גרופּעס, וואָס זײַנענ געפאָרנ אַפּ דיווערסיע־אַרבעט. פונ זיי האָבנ מיר א גענויע ריכטונג באַקומענ, און מיר זײַנענ דערגאַנגענ ביזנ דאָרפ וואָלאָווניקע (קוידאַנאָווער ראַיאָנ), וואָס האָט זיכ גערעכנט פאַר דער שטאַב־קוואַרטיר פונעמ פאַרטיזאַנישנ אָטריאַד אַפּ פרונזעס נאָמענ. ווענ מיר האָבנ דעמ קאָמאַנדיר פונעמ אָטריאַד איבערגעגעבנ וועגנ וואָס עס האַנדלט זיכ, אַז ניט ווענגנ אונדזער גרופּע פונ 5 מאַנ גייט דאָ (מיר האָבנ שוינ אינ וועג געקאָנט זיכ פאַרייניקנ צו אָפּערירנדיקע פאַרטיזאַנישע דיווערסיע־גרופּעס), נאָר ווענגנ עפּענענ א ברייטנ וועג פאַר די אַלע, וואָס מוזנ אַרויסגייג פונ מינסקער געטאָ, האָט ער אונדז באַשטימט אַנ אָרט, ווו מיר זאָלנ קומענ זאַפּ א באַראַטונג מיטנ גאַנצנ שטאַב פונ אָטריאַד.

די באַראַטונג איז פאָרגעקומענ אַפּנ ראַנד פונ א וואַלד און דאָרט איז באַשלאָסנ געוואָרנ: מיר, פינפ געקומענע פונ מינסקער געטאָ, שאַפנ א נײַעמ פאַרטיזאַנישנ אָטריאַד. די פרוגזאָוועס טיילנ אונדז צו א קאָמאַנדיר, מיר באַקומענ פונ זיי די ערשטע הילפ, און מיר נעמענ זיכ צו דער אַרבעט, ווי עס טוענ עס אַלע פאַרטיזאַנער. גלײַכ אַפּנ אָרט באַשליסנ מיר, אונדזער אָטריאַד זאָל הייסנ אַפּ פעליקס דזערזשינסקיס נאָמענ (אונדז אימפּאָנירט באַזונדערס די דאָזיקע „שווערד פונ דער רעוואָליוציע" מיט איר אומבעראַכמאָנעסדיקײַט לעגאַבע די סאָנימ). אַלס קאָמאַנדיר באַקומענ מיר דעמ ווײַסרוסישנ כאַווער מיכאַיל קאַשינסקי, וואָס קענ אויסגעצייכנט דעמ ראַיאָנ פונ געטאָ, ווײַל פאַר דער מילכאָמע איז ער געווענ שעפ פונ דער מיליציע אינ דעמ דאָזיקנ טייל מינסק (אַגעוו, רעדט קאַשינסקי ניט שלעכט יידיש). ער האָט פולשטענדיקע פאַרשטענדעניש פאַר דעמ ציל, וואָס מיר האָבנ זיכ געשטעלט, און גלײַכ אַפּ דעמ אָרט, ווו מיר האָבנ אונדזער

ערשטנ לאגער געשאפנ, אינעם וואלד ניט ווײַט פונעם דאָרף יאסיעווע, איז באשלאָסנ געוואָרנ צו שיקנ א מענטשנ אינ געטאָ. נאָכ אפנ וועג קיינ וואָלאָווניקי, פארנ באגעגענענ זיכ מיט די פרונזאָווצעס, האָבנ מיר אינ א פויערישער כאטע געטראָפנ א יִדישע לערערנ פונ קוידאנאָוו, ברײַנע קריינאָוויטש. אזויווי זי איז א געבוירענע אינ די דאָזיקע מעקוימעס, האָט די ארומיקע פויערישע באפעלקערונג גוט געקענט איר מישפאָכע, שוינ א פולשטענדיק אויסגעקוילעטע, אונ זייער פרײַנטלעכ זיכ באצויגנ צו ברײַנענ (אָדער בראָניענ). די ווײַסרוסישע שפראכ האָט זי פולקומ באהערשט, אונ לויט איר אויסזענ איז זי קלאל ניט ענלעכ געווענ אפ קיינ יִדישער. בראָניע איז געוואָרנ אונדזער שאָליִעכ אינ געטאָ. מיר האָבנ מיט איר מיטגעגעבנ א בריוו צו אונדזערע כאוויירימ אינ געטאָ אונ אָנגעזאָגט, וואָס פארא מענטשנ מ׳דארפ אינ דער ערשטער ריי שיקנ, געדענקענדיק, אז ס׳האנדלט זיכ וועגנ אנ אָטריאד, וואָס איז נאָרוואָס געשאפנ געוואָרנ. גאָר אינ א קורצער צײַט ארומ איז אָנגעקומענ די ערשטע פארטיע מענטשנ פונ געטאָ. א וועג האָבנ זיי שוינ געהאט א לײַכטערנ, אנ אויסגעפרוווטנ, אונ געקומענ זײַנענ זיי אינ אָטריאד ווי צו זיכ אהיימ. אלצ אלט-באקאנטע פענעמער. געקומענ איז אווראָמ שליאכטאָוויטש, וועלכער איז גלײַכ באשטימט געוואָרנ אלס „סטארשינא“ פונ אָטריאד. געקומענ איז די קראנקנ-שוועסטער יאדיע, וועלכע האָט גלײַכ געהאט פולע הענט מיט ארבעט: כעוורע איז געווענ אומדערפארנ. ווי זיכ אומצוגיינ מיט געווער האָט מענ ניט געוווּסט, זײַנענ גלײַכ די ערשטע טעג געווענ צוויי פארוווּנדעטע. ניט אלע געקומענע פונ געטאָ זײַנענ צוגעטיילט געוואָרנ צומ דזערזשינסקי־אָטריאד. קעדיי נאָכ ברייטערע מעגלעכקײַטנ צו שאפנ אפ ארויסצופירנ מענטשנ פונ געטאָ, ווערנ פונ דער געקומענער גרופע אויסגעטיילט א ריי כאוויירימ (כאִימ צוקער, יִסראָעל האָלאנד, אראָנ סמושקעוויטש, הירש סאָלאָמאָניק אא.) אפ צו אָרגאניזירנ נאָכ איינ פארטיזאנישנ אָטריאד, וועלכער באקומט דעמ נאָמענ פונעמ העלדישנ פארטיזאנ סערגיי לאזאָ. אלס קאָמאנדיר פונ דעמ נײַעמ אָטריאד ווערט באשטימט דער פארטיזאנ פונ מינסקער געטאָ זאסקינ (פסעוודאָנימ „זאלעווסקי“); מיט א כאדאָשימ פיר פאר דעמ האָבנ מיר אימ געשיקט אינ וואלד.

פונ די דרײַ אָטריאדנ „פרונזע“, „דזערזשינסקי“ אונ „לאזאָ“ ווערט געשאפנ די פארטיזאנישע בריגאדע אפ פרונזעס נאָמענ, אינ וועלכער די געקומענע פונ מינסקער געטאָ האָבנ געשפילט א באדײַטנדיקע ראָליע.

פונ צײַט צו צײַט גייט בראָניע אינ געטאָ. אירע פארבינדונגענ

ווערנ אלצ ברייטער. ס׳ארבעט ענערגיש א גרופע כאווערטעס, קעדיי צו באזאָרגנ בראָניענ מיט אלצ, וואָס איר איז נייטיק פאר די אָטריאדנ. נאדיע שוסער, ראָזע ליפסקאיא, סאָרע האָלאנד, סאָרע לעווינ העלפנ אָפקלייבנ מענטשנ, באזאָרגנ מיט געווער, מיט ראדיאָ-אפאראטנ, מיט טעלעפאָנ-אפאראטנ, שרייב-מאשינעס, דרוק-שריפט אא.



פארטיזאנער פונ מינסקער געטאָ

פונ רעכטס אפ לינקס (ערשטע ריי): ה. סמאָליאר — קאָמיסאר פונ פארטיזאנער-אָטריאד „סערגיי לאזאָ", ש. זאָרינ — קאָמאנדיר פונ אָטריאד נומ. 106, ב. כאימאָוויטש — קאָמיסאר פונ 1-טנ אָטריאד פונ דער 208-טער בריגאדע. צווייטע ריי: נ. פעלדמאנ — קאָמיסאר פונ פארטיזאנער-אָטריאד „25 יאָר ווססר", וו. קראווטשינסקי — קאָמאנדיר פונ דער דיווערסאנטנ-גרופע פונעמ אָטריאד אפנ נאָמענ פונעמ מארשאל בודיאָני, כ. פייגעלמאנ — קאָמיסאר פונ אָטריאד נומ. 106.

אינ פארגלייכ מיטנ דראנג ארויסצוגיינ פונ געטאָ זיינענ די מעגלעכקייטנ, וואָס די פרונזע-בריגאדע האָט געגעבנ, געווענ זייער באשיידענע. די באדייטונג אָבער פונ דעמ פאקט, וואָס אונדזערע כאווערימ אינ געטאָ האָבנ ווידער א קעסיידערדיקנ קאָנטאקט מיט די „וואלד-ברידער", איז געווענ אומגעהייער גרויס. מענטשנ זיינענ ניט

אריינגעפאלן אין פארצווייפלונג, האָבן ווייטער פאָרגעזעצט די ארבעט און מאכמעס דעם האָבן זיך געשאפן נייע מעגלעכקייטן, נייע פאר־בינדונגען מיט אנדערע פארטיזאנישע אָטריאַדן.

ביז פעווראל 1943 דויערט דער קעסיידערדיקער קאָנטאקט פון דער פרונזע־בריגאדע מיט דער מינסקער געטאָ. ס'קומען אין וואלד פיל אָרגאניזירטע יידישע גרופעס. ס'גיט זיך אפילע איין ארויסרייסן א גרופע יידן פון שיראָקער קאָנצענטראציע־לאגער בעראָש מיט די ככ' לייזער דאווידאָוויטש, דאָוויד ברענער און שעפסל נאָרמאן. זיי קומען אָן אין אָטריאַד מיט פערד־און־וואָגן פון לאגער, אָנגעלאָדן מיט א סאך נייטיקס פארן אָטריאַד, וואָס זיי האָבן צוגענומען בא די היטלעריסטן. סאָף יאנוואר 1943, ווען די פרונזע־בריגאדע איז אוועק פון קוידאנאָווער ראיאָן און איז אריבער די אייזנבאן־ליניע און אָנ־געקומען אין אוזדער ראיאָן, זיינען נאָך אין געטאָ געשיקט געוואָרן בראָניע צוזאמען מיטן 13־יאָריקן פארטיזאן פון געטאָ ווילי רובע־זשיג צו ברענגען מענטשן און א דרוקעריי (מיר האָבן באשלאָסן שאפן אן אייגענע פארטיזאנישע אונטערערדישע צייטונג, און און־דזערע כאוויירים אין געטאָ האָבן שוין געהאט גרייט פאר אונדז א פארטיקע דרוקעריי). ווען אונדזערע שעלוכים זיינען צוריק געקומען, האָבן זיי שוין די בריגאדע ניט געטראָפן. אין די וועלדער בא די דערפער אלעקסאנדראָווא־פלאָסקאָיע (אוזדער ראיאָן, מינסקער געגנט) זיינען מיר ארומגערינגלט געוואָרן פון עטלעכע רעגולערע היטלערישע דיוויזיעס. אונדזער בריגאדע האָט זיך צעטיילט אף קליינע גרופעס. ביז דער גרויסער אָנגריף פון סוינע האָט געדויערט, זיינען מיר, ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט זיך אים קעגנצושטעלן, געצוווּנגען געווען פארטייען זיך אין ערד־היילן, אָפט אָן א פארבינדונג צווישן איין גרופע און דער צווייטער. קליינע גרופעס זיינען מיר געווען, און טראכטן אין א צייט פון אזא קאטאסטראָפע וועגן ברענגען נאָך מענטשן פון געטאָ איז ניט מעגלעך געווען.

## XIV. נאָך סטאלינגראד

ווען אונדז האָט זיך איינגעגעבן אָנצוקניפן א קאָנטאקט מיט פארטיזאנישע אָטריאַדן און בריגאדעס, וועלכע האָבן ווייניקער ווי אונדזער בריגאדע געליטן פונעם היטלערישן אָנגריף אף דער פאר־טיזאנישער באוועגונג (מיט די אָטריאַדן פון דער בריגאדע אפן נאָ־מען פונעם כאווער סטאלין, מיטן אָטריאַד אפן נאָמען פונעם מאר־שאל בודיאָני, מיט דער טשקאלאָוו־בריגאדע אא., וועלכע האָבן גע־

האט ראַדיאָ-אַפּאַראַטן), האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דעם ניצחונ-דיקן אויסגאַנג פון דער היסטאָרישער סטאַלינגראַדער שלאַכט. מיר האָבן דאַן פאַרשטאַנען, וואָס עס באַדייטן די ידיעות פונעם פּאַרטי-זאַנישן אויסשפּיר וועגן הונדערטער עשעלאָנען מיט פאַרוווּנדעטע, צעשלאָגענע, פוּלשטענדיק-דעמאָראַליזירטע, פאַרליײַזיקטע און האַלב-פאַרפרוירענע היטלעריסטן, וועלכע גייען דורך אף אונדזערע אײַזנ-באַן-וועגן אף מײַרעוו. אונדז איז אויך פאַרשטענדלעך געוואָרן דער צוזאַמענהאַנג צווישן דער היטלערישער מאַפּאַלע, וואָס איז געווען א קלאָרער אָנזאָג וועגן אָנהייב פונעם סאָף פון דער היטלערישער אַרמיי, מיטן פאַרצווייפלטן אָנגריף אף דער פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג.

צו אונדז אין וואַלד זײַנען דערגאַנגען ידיעות, אַז איינצײַטיק מיט דעם אָנגריף קעגן דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג (אָנהייב 1943) האָט דער סוינע אונטערגענומען א מאַסן-אויסראָטונג פון דער שטאָ-טישער מינסקער באַפעלקערונג. טאָג-טעגלעך פלעגן ווילדע געיעגן דורכגעפירט ווערן אף די מינסקער גאַסן. די קעלערן פון געסטאַפּאָ און די טפיסע-קאַמערן זײַנען געווען אָנגעפּראָפּט מיט יונגע און אַלטע, פרויען און קינדער.

דעם 1-טן פעוראַל האָט זיך אַזאַ מין געיעג אָנגעהויבן אויך אין מינסקער געטאָ. בא 500 ייִדן זײַנען אַרײַנגעשטויסן געוואָרן אין די שוואַרצע טויט-מאַשינעס און זײַנען אָפּגעפירט געוואָרן צו די פאַרויס צוגעגרייטע טראַסטענעצער גריבער. אין עטלעכע טעג אַרום זײַנען טליעס, צום דריטן מאָל, אויסגעשטעלט געוואָרן אף אַלע מינסקער פּלעצער, סקווערן און מערק. צווישן די 250 געהאַנגענע זײַנען אויך געווען די ייִדישע פרויען זינע פּישקין, אָליע עלקין און א סאַך אַנדערע יונגע מענטשן, באַשולדיקטע אין הילף די פּאַרטיזאַנער.

אונדזער אַרבעט אין געטאָ האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט. דאָס זוכן פאַרבינדונגען מיט די פּאַרטיזאַנער און דאָס אַוועקגיין אין וואַלד דויערט אָן איבערײַס. פון אונדזער אַקטיוו, מיט וועלכן מיר האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט, איז שוין אין געטאָ (אַחוץ נ. שוסער און ר. ליפּסקאַיאַ) קיינער ניט געווען. קיין „צענטלעך" האָבן שוין ניט עקזיסטירט. זייערע סעקרעטאַרן זײַנען אָדער געווען אין די פּאַר-טיזאַנישע אָטריאַדן (י. סטאָליאַרעוויטש, מ. פּרוסלין, נ. פעלדמאַן, ל. מײַזעליס, מירקין, קאַגאַן און א. שליאַכטאָוויטש), אָדער זיי זײַ-נען אומגעקומען אין געטאָ (מ. געבעליעוו, ז. אָקון, ל. גורוויטש, נ. ברוסטין און ראָלבין). קיין אָרגאַניזאַציאָנעלער קאָנטאַקט מיט דער שטאָט איז אויך שוין ניט געווען, און דאָך איז די אַרבעט ווײַטער

פֿאַרגעזעצט געוואָרן, אָפּט דורך מענטשן, וועלכע האָבן די ערשטע צײַט זיך גאַנץ פּאַסיוו באַצויגן צו אונדזער געטאָ־אונטערערד.

אין געטאָ איז צוריקגעקומען דאָרע בערסאָן — אונדזער שאָליעך אין רודינסקער ראיאָן (ווו, לויט אונדזערע ידיעות, האָט געזאָלט זיך געפֿינען לאַפּידוסעס אָטריאַד). זי האָט באַקומען אַ פֿאַרבינדונג מיט דער II־טער מינסקער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע. ווידער עפֿנט זיך פֿאַר דער געטאָ אַ וועג אין וואַלד. מיט דאָרען גייט אַוועק אַ צוגעגרייטע גרופּע. דער איניקער איז אַפֿילע אַזוי אָרגאַניזירט, אַז פֿאַר דער גרופּע איז צוגעגרייט אַן אָווטאָמאַשין (אונ דאַפּקע פֿון שיראָקער קאָנצענטראַציע־לאַגער), און זי ברענגט זיי נאָענט צו דער פּאַרטיזאַנער־זאָנע. דאָרע קומט אַ צווייט מאָל אין געטאָ. זי דאַרף ברענגען מעדיקאַמענטן, אַ ראַדיאָ־אויפֿנעמער און אַנדערע נייטיקע זאַכן. אונדזער ענערגישע פּרויען־גרופּע שאַפֿט אַלץ, וואָס איז נייטיק. מ׳שיקט מאַטאָנעס די פּאַרטיזאַנער — מאַכאָרקע, קליידונג, וועש. מער איז דאָרע אין געטאָ ניט געקומען. זי איז געפֿאַלן מיט אַ העלדן־טויט אין קאַמף מיט פּאָליציי.

יעדער פּרוּוו אַרויסצורײַסן זיך פֿון געטאָ איז צו יענער צײַט פֿאַרבונדן מיט טויט־געפֿאַר ניט בלויז פֿאַר דעם, וואָס גייט אַוועק, אָדער פֿאַר זײַנע נאָענטע, נאָר אויך פֿאַר דער גאַנצער אַרומיקער סוויווע. די אָפּעראַטיוונייקעס האָבן געכאַפּט בײַ אַ יונגן כאַווער אַפּ אָבוטקאָווע־גאַס 45 אַ פּיסטאָלעט — איז דאָס גאַנצע הויז אײַנוווינער באַלעגערט געוואָרן באַנאַכט, און 140 מאַן זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן.

געסטאַפּאָ האָט באַקומען ידיעות, אַז אין דער אַרבעט־קאָלאָנע פֿון טעפּיסע גרייטן זיך ייִדן אַוועקצוגיין צו די פּאַרטיזאַנער, — זײַנען אַלע ייִדן, וואָס זײַנען געווען אַפּ צוואַנגס־אַרבעט אין טעפּיסע, אויסגעקוילעט געוואָרן. אַפּ אַזאַ אופֿן זײַנען אויך אומגעקומען די ייִדן פֿון די אַרבעט־קאָלאָנעס פֿון ספּירט־זאַוואָד, פֿון פּרעסע־הויז, פֿון „אָרגאַניזאַציאָן טאָדט״ אאַ.

דעם סוינע האָט זיך אָבער ניט אײַנגעגעבן צו דערשטיקן דעם מוט פֿון דער געטאָ־באַפֿעלקערונג, דעם ווילן צו טאָן אַלץ, וואָס ברענגט נוצן דעם גרויסן פֿאָלקס־קאַמף קעגן היטלערישן באַצווינגער. דער זשורנאַליסטן סאָניע סאַדאָווסקאַיאַ האָט זיך אײַנגעגעבן באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט אַ פּאַרטיזאַן פֿון אַ ספּעציעלער דיווערסיע־גרופּע, וואָס איז פֿון קאָפּילער ראיאָן געקומען קיין מינסק. „מישע האַרמאָניסט״ — אַזוי הייסט זיך רופֿן דער פּאַרטיזאַן — ברענגט אין

געטאָ פּאַרטיזאַנישע צײַטונגענ, סאָוועטישע פּראָנט-באַריכטנ, אונ פונ
געטאָ טראָגט ער ארויס די יעדיִעס, וואָס זײַנענ אימ זייער נייטיק:
ווו געפינענ זיכ דײַטשישע מיליטער-טיילנ, זייער צאָל, באַוואָפענונג.
ער באַקומט אויכ גענויע יעדיִעס וועגנ אַלע אויסוווּרפנ — פּאָליציי-לײַט,
טפּיסע-וועכטער, געסטאַפּאָ-אַגענטנ. מיט מעסירעסנעפעש אַרבעטנ אונ-
דזערע אויסשפּירער, קעדיי צוצושטעלנ „מישענ” די נייטיקע יעדיִעס,
וועגנ דער באַוועגונג פונעמ סוינעס טראַנספּאָרט צומ פראָנט אונ פונ
פּראָנט.

אונדזערע כאַווערטעס פונ דער אַרבעט-בירזשע (בא דעמ פּאַרע-
טער עפּשטיינענ אונטער דער נאָזו) גיבנ צו וויסנ: פונ די וואָפנ-וואַרש-
טאַטנ, וועלכע געפינענ זיכ אינעמ אַמאָליקנ אווטאָמאָבילנ-גאַראַזש
פונ ווײַסרוסישנ ראַטפּאָלקאָמ, פּאָדערנ די היטלעריסטנ אַרבעטער צו
רייניקנ אונ רעמאָנטירנ געווער. די כ-טע ראָזע ליפּסקאַיא שיקט אַהינ
אַוועק די קאָמוניסטקע ציליע באָטווינניק אונ די קאָמיוגיסטקע קאַטיע
צירלינ. זייער אויפגאַבע איז: וואָס מער געווער אַרויסשלעפּנ, איבער-
געבנ עס דעמ קאָמיוגיסט אײַזיק מוראָכ, וואָס אַרבעט אפּ דער אײַזנ-
באַנ. אַרומ דעמ גאַראַזש דרייט זיכ אָפּט אַרומ דאָס 11-יאָריקע יאַטל
גרישקע קאַפּלאַנ („סאָרוואַניעצ” רופּט מענ אימ אינ געטאָ), וועלכער
געפינט הונדערטער אויסריידנ, וויִאַזוי זיכ צו טרעפנ מיט ציליענ אָדער
קאַטיענ. ער נעמט בא זיי איבער ביקסנ-טיילנ, וואָס ווערנ באַהאַלטנ
אינ קיילימ מיט צווייענדיקע דעקנ. אונדזערע כאַווערטעס האָבנ זיכ
אויסגעלערנט אָנפילנ די ברייטע גומע-שטיוול מיט ביקסנ-שלעסער
אונ אַנדערע געווער-טיילנ אונ דורכגיינ גאַנצ דורכ די שטרענגע רע-
וויזיעס אונ קעסיידערדיקע קאָנטראָלנ. ס'ליגנ שוינ בא זיי גרייט
60 ביקסנ-שלעסער. ניט אַלצ איז גרישקע בעקויעכ צוצונעמענ, טראָגנ
עס אונדזערע כאַווערטעס אַוועק אינ געטאָ. זיי האָבנ זיכ שוינ אַפילע
ספּעציִאַליזירט אפּ אַרויסצוטראָגנ גאַנצע ביקסנ (זיי טראָגנ אפּ זיכ
בינטלעכ שפּענער, קלוימערשט צומ הייצנ אינ די קאַלטע געטאָ-כאַ-
טעס, אונ „יעקע” גלייבט). ווענ אינ וואַרשטאַט איז אָנגעקומענ אַ
גרויסער טראַנספּאָרט געווער, אונ דאָרט האָט זיכ געפונענ אַ שפּאָגל-
נײַע טשעכישע ביקס, האָט ציליע באַשלאָסנ — דאָס וועט זי שוינ
קיינעמ ניט אָפּגעבנ, דאָס וועט זי שוינ אַליינ ברענגענ אינ אָטריאַד.
די דײַטשנ דערשמעקנ, אַז בא זיי אינ די וואַרשטאַטנ רודערט זיכ,
עפּעס קומט דאָרט פּאָר. זיי פּאַלנ אָפּנ שפּור פונ אַ גרופּע סאָוועטישע
קריגס-געפאַנגענע, וואָס טוט פּאַראַלעל די זעלביקע אַרבעט, וואָס ציליע
אונ קאַטיע. פיר מאַנ ווערנ אויפגעהאַנגענ אָפּנ הויפּ פונ די וואַר-

שטאַטן — צווישן זיי אויך אונדזער כאַווער פון געטאָ האָזענפּוד. אונ-דזערע כאַווערטעס זעצן פאָר זייער ארבעט. גרישקע „סאָרוואַניעץ״ איז שוין ניטאָ, ער איז דורכגעפאַלן באַם דורכגיין די געטאָ-צוימען. מיט אייזיקן האָט מען אויך דעם קאָנטאַקט פארלוירן. זאַמלען אונדזערע כאַווערטעס דאָס געווער, און ניט געקוקט אַפּ דער טויט-געפאַר, טראָגן זיי עס אריבער אין געטאָ. ס׳וועט צוניץ קומען. און ס׳איז צוניץ געקומען.

א צווייטע צילע, די טאָכטער פונעם אינזשעניער אָקון (די גאַנ-צע מישפּאָכע איז שפּעטער געקומען אין וואַלד), האָט געארבעט באַם זאַמלען אייזנברוך. פלעגט זי צוזאַמען מיט נאָך כאַווירים ספּעציעל אָפּקלייבן געווער-טיילן. ווען זי איז אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער, האָט זי מיט זיך געהאַט באַ פּערציק ביקסן-שלעסער. פאַר פּאַרטיזאַנער האָט א ביקסן-שלאָס די ווערט פון א פּאַרטיקער ביקס — אַלע איבע-ריקע טיילן האָט מען אין א גענוגנדיקער צאָל געקענט געפינען אין די וועלדער, די האָלץ-טיילן פלעגן מאַכן אייגענע סטאָליערס.

ניט געקוקט דערויף, וואָס אונדזער געטרייע דרוקער-גרופּע איז אומגעקומען (מ׳האָט זיי געכאַפּט לעבן דאָרף מעדוועזשינא, אַפּן וועג אין אָטריאַד, און וויפל געסטאַפּאָ האָט ניט געפּייניקט דעם העלדישן כאַווער קאַפּלאַן, האָט ער קיינעם ניט ארויסגעגעבן), ארבעט א צווייטע דרוקער-גרופּע. פון די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן און בריגאַדעס קומען קעסיידער אָן באַשטעלונגען אין געטאָ אַפּ טעקסט-שריפט, קעפּל-שריפט, דרוק-פאַרב. טייל בריגאַדעס בעטן אפילע גאַנצע דרוקערייען. די יונגע כאַווערטע באַסיע טשערניאַק און איר העלפערן פאַניע גרינהויז גע-פינען צענדליקער אויפאַנים, וויאַזוי אָפּצונאַרן די וואַכזאַמקייט פון די היטלעריסטן און ארויסטראָגן פון פּרעסע-הויז אַלץ, וואָס איז נאָר נייטיק.

ס׳ארבעטן ענערגיש אונדזערע מעדיצינישע טוער. די דאָקטוירים בעלע קאָנדראַטאָווסקאַיאַ, פאַניע סאַפּיר, אידע האַלפּערן, בליאַכער אאַ. טוען אַלץ, וואָס איז נאָר אין זייערע קויכעס, קעדיי אייַנצושאַפן וואַטע, באַנדאַזשן און אַנדערע מעדיקאַמענטן.

מיט נייַע מיטלען פּרוּוון די היטלער-בעסטיעס גרינטלעך אויס-וואָרצלען די „קראַמאָלע״ פון געטאָ. א נייַער באַגריף דערגייט צו ייִדן: „קאַזערנירן״. באַטייַט האָט עס, אַז די ארבעט-קאָלאָנעס בלייַבן אין לאַגער-באַדינגונגען אַפּ דעם ארבעט-פּלאַץ. אין געטאָ קערן זיי זיך מער ניט אום. ניט געקוקט אַפּ דעם שוידערלעכן לאַגער-רעזשים, גיט זיך דאָך אייַן א סאַך פון די „קאַזערנירטע״ אייַנשטעלן א דירעקטן

קאָנטאַקט מיט דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג און אַוועקגיין אין די וועלדער. אין שטאָט בילדעט זיך אויס אַ ספּעציעלע גרופּע ווייס־רוסישע פרויען, וואָס גייט אין די דערפער איינשאַפן זיך קאַרטאָפל, מעל, און דערביי פירן זיי אַוועק ייִדן אין די אָטריאַדן.

פאַר די ניט „קאַזערנירטע", וואָס זיינען אין געטאָ געבליבן, איז עס געווען אַ סיגנאַל וועגן אַ נאָענטער שכיטע. מ'לאָזט זיך ענער־גיש זוכן פאַרבינדונגען. ס'גיט זיך איין צונויפריידן זיך מיט אַ ווייס־רוסישן איינזנבאַן־אַרבעטער, וועלכער פירט אַרויס מענטשן אין וואַלד, אויסבאַהאַלטנדיק די ייִדן פון געטאָ אין לאָקאָמאָטיוו, אין די קוילן. מיט דעם זעלביקן איינזנבאַנער לאָזט זיך אין וועג ראָזע ליפּסקאַיאַ, קעדייִ דירעקט זיך צונויפריידן מיט דער פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדשאַפט וועגן אַרויספירן אין וואַלד ייִדן פון געטאָ. זי קומט אָבער אָן אין אַ צייט, ווען ס.ס.-באַנדעס בלאָקירן די דאָרטיקע וועלדער און די פּאַר־טיזאַנער האָבן איבערגעוואַנדערט אין אַ צווייטער געגנט. ווען ראָזע קערט זיך אום אין געטאָ, דערוויסט זי זיך: ס'האָבן זיך אָפּגערופן אונדזערע לייבלעכע געטאָ־כאַווײרים פון די פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן. ס'זיינען אין געטאָ געקומען שעלוכים פון די בודיאָנאָוועס.

## XV. ערעוו דעם סאָף

אַז די געפאַר פון ענדגילטיקן אויסראָטן די געטאָ־באַפעלקערונג איז נאָענט — דאָס האָבן אַלע געוווּסט. ס'פלעגן אָנקומען גרויסן וועגן גרויסע עשעלאָנען מיט ייִדן פון וואַרשע, פון פּאַריז, פון פּראָג, וועלכע פלעגן פאַרשלעפּט ווערן אונטער מינסק, אין טראָסטאַניעץ, און דאָרט פלעגט מען זיי פּאַטערן. ס'זיינען קיין מינסק דערגאַנגען יעדיעס וועגן גורל פון ווילנער געטאָ. די ברווינע ראָצכים האָבן קעסיידער צוגעיילט און פאַרשטאַרקט דעם גאַנג פון זייער אויסראָטונגס־אַקציע אין מינסק. נאָך דעם, ווי די פאָלקס־נעקאָמענעמער האָבן געפּאַטערט דעם הויפּט־הענקער קובע, איז די טעראָר־כוואַליע אין מינסק גוואַל־דיק געשטיגן. אין דעם זעלבן טראָסטאַניעץ זיינען פאַרפייניקט גע־וואָרן צענדליקער טויזנטער ווייסרוסן. אַפ גרויסע שייטערס זיינען זיי געברענט געוואָרן צוזאַמען מיט ייִדן פון געטאָ. אָן ספּעציעלע „אַקציאָנען" מאָרדעט טאָג־טעגלעך דער אופזעער איבער דער געטאָ דער דעגענעראַט ריבע הונדערטער ייִדן. די מינסקער געטאָ ווערט גוואַל־דיק איינגעשרומפּן. איר צענטער ווערט דער בעסוילעם, אַפ וועלכן ס'דויערן אָן איבערייס די עקזעקוציעס איבער ייִדן און ווייסרוסן.

טאָג און נאַכט ווערן געהיט די געטאָ־צוימען. פּאָליציי און

יידישע וועכטער פון עפשטיינס שניט היטן יעדנס טראָט, כאַפּן אונטער יעדעס וואָרט, וואָס איז בלויז אַן אָנדײַט אַף וועלן אַוועק פון געטאָ. און דאָך גייען מענטשן קעסיידער ארויס פון דעם טויטנלאַגער. די צאָל קאָרבאָנעס, וואָס בלײַבט ליגן בײַ די צוימען, וואַקסט קעסיידער. דאָס שטעלט אָבער ניט אָפּ. נאַדיע שוסער פּרוּווט זיך דורכרײַסן. עס באַגעגנט זי בײַ דער געטאָ-גרענעץ אַ גוואַלדיקע שיסערײַ און ס׳געלינגט איר קוים נעלעם צו ווערן. פון שיראָקער קאָנצענטראַציע-לאַגער פּאָרט ארויס אין דער געגנט פונעם שטעטל איוועניעץ דער ייִד קאַסטעליאַניעץ מיט אַ דײַטשישן שאָפער און אייניקע סאָוועטישע קריגס-געפאַנגענע, קעדיי צו ברענגען פון דאָרט קאַרטאָפל פאַרן לאַגער. אין וועג פאַטערן זיי דעם דײַטש, פאַרברענען די אויטאָמאַשין און לאָזן זיך זוכן פּאַרטיזאַנער. ווען זיי טרעפן זיך מיט אַ גרופּע פון דער טשקאַלאָוו-בריגאַדע, שיקן זיי גלײַך אַ שאַליעך אין געטאָ צו ברענגען נאָך מענטשן.

די שעלוכים פונעם בודיאָני-אָטריאַד האָבן זיך באַוויזן אין אַ צײַט פון גרעסטער פאַרצווייפלונג צווישן די געטאָ-מאַכן, וועלכע האָבן געשטרעבט דורכצוברעכן די געטאָ-צוימען און ניט געוווּסט דעם וועג וווּהין אַוועקצוגיין. געקומען זײַנען די בודיאָנאָווצעס, ניט קעדיי דורכצופירן אַן איינמאָליקע אָפּעראַציע אָדער אויכפּילן כטאָם אַן אויפגאַבע אין געטאָ. זייער ציל איז איצט געווען: ראַטעווען אַלעמען און אַלץ, וואָס ס׳וועט זיך נאָר לאָזן.

געווען איז אַזוי: פון געטאָ איז ארויס אַ גרופּע ייִדן און זײַנען אַוועק סטאַם אין דער וועלט, קעדיי זיך צו דערקלײַבן צו פּאַרטיזאַנער. אין געטאָ האָט מען געהערט, אַז אין דאָרף סטאַראָיע סעלאָ איז אַ „פּאַרטיזאַנישע מעלוכע“. קומט מען אַהין, איז מען שוין אַזוי ווי בײַ דער סאָוועטנמאַכט. ווי קומט מען אָבער אַהין? מיטן גלײַכן וועג גיין קען מען ניט: הין און צוריק קורסירן דײַטשישע מיליטערישע אויטאָמאַשינעס; מיט פעלד-שטעגלעך גיין, וועט מען בלאָנדזשען. האָט מען טאַקע געבלאָנדזשעט סײַ באַטאָג סײַ באַנאַכט, ביז מ׳איז אָנגעקומען אין באַהינאָווער וואַלד. דאָ טאַקע איז פאָרגעקומען די ערשטע באַגעגעניש מיט פּאַרטיזאַנער. אַזויפיל פרייד, אַז ס׳דאַכט זיך, דאָס האַרץ וועט ניט אויסהאַלטן. אַרום זײַנען מענטשן מיט ביקסן, און פון אַלעמענס אויגן שטראָמט אַזויפיל וואַרעמקײַט. ברידער, לײַבלעכע ברידער זײַנען עס געווען — פּאַרטיזאַנער פון מינסקער געטאָ האָבן באַגעגנט די אַנטלאָפענע פון געטאָ. מע הערט וועגן די קעסיידערדיקע מערדערײַען פון די היטלער-בעסטיעס אין געטאָ

און וועגנ גוואַלדיקנ שטרעבנ נעקאָמע צו נעמענ. מע הערט וועגנ די שוידערלעכע אופּטוענ פונ עפּשטיינענ, פונ „עלינקענ", פונ דער אָפּעראַטיוניצע מירע — און עס ביילנ זיכ די פויסטנ, גרייטע צו צעשמעטערנ די מויכעס פונ די דאָזיקע פאַרעטער. מעלדעט וועגנ דעמ נאָומ פעלדמאַנ, וועלכער איז גראָד דאָ פאַראַנ מיט זײַנ גרופּע פּאַרטיזאַנער, דעמ קאָמאַנדיר פונ בודיאָני-אָטריאַד דעמ כ' סעמיאָנ (די באַפעלקערונג רופט דעמ בודיאָני-אָטריאַד — „סעמיאָנאָווצעס"). ס'געדענקט זייער גוט דער עלטערער לייטענאַנט גאַנזענקאָ סעמיאָנ גריגאָריעוויטש, דער אַמאָליקער געפאַנגענער פונ שיראָקער לאַגער, אַז דאָס האָבנ ייִדנ פונ געטאָ אימ געבראַכט אינ וואַלד, אַז דאָס זײַנענ ייִדנ פונ געטאָ, וועלכע צייכענענ זיכ איצט אויס אינ זײַנ אָטריאַד מיט זייער קאַמפּס-דרייסטקײַט, און ער באַפוילט די ייִדישע קינדערלעכ כײַקענ, סיאָמקענ און טאָליקנ: „גייט צוריק אינ געטאָ און פירט אַרויס די מענטשנ אַהער, אינ אונדזער פּאַרטיזאַנער-זאָנע". און נאָכ איינס זאָגט אָנ דער כ' סעמיאָנ: „מיט קאָפּ נעמט זיכ צו דער אַרבעט, געפינט געטרײַע סאָוועטישע מענטשנ, וועלכע זאָלנ פאַרנאַרנ אַהער די פאַרעטער פונ געטאָ. די ייִדנ אַליינ דאַרפנ זיי מישפּעטנ". זײַנענ די קינדער אַוועק צוריק אינ געטאָ.

א צווייטע גרופּע, 12 מאַנ ייִדנ פונ מינסקער געטאָ, איז אויכ אַפּ אַזאַ צופעליקנ אופנ דערגאַנגענ ביזנ דאָרפ ליסאָווטשינע. דאָ איז דער סאַמע צענטער פונ דער פּאַרטיזאַנער-זאָנע אינ קוידאַנאָווער ראַיאָנ. ניט ווײַט פונדאַנענ, בײַ דעמ דאָרפ סקירמאַנטאָווע, געפינט זיכ דער לאַגער פונעמ בודיאָני-אָטריאַד. זײַנענ קיינ ליסאָווטשינע געקומענ די פּאַרטיזאַנער נאָומ פעלדמאַנ און שאָלעמ זאָרינ און האָבנ זיכ באַגעגנט מיט די צוועלפ געקומענע פונ געטאָ. ווענ די צוויי פּאַרטיזאַנער זײַנענ געקומענ צוריק פונ ליסאָווטשינע אינ לאַגער, האָבנ זיי שוינ רוענ ניט געקענט. זיי האָבנ פאַר סעמיאָנענ געשטעלט די פראַגע: מ'דאַרפ די מענטשנ באַשיצנ, מ'דאַרפ זיי א באַזע שאַפנ, מ'דאַרפ זיי ראַטעווענ. ס'איז אונדזער כויוו.

פאַרנ אויסגעשטעלטנ פּאַרטיזאַנער-אוילעמ האָט דער שטאַב-שעפ פונעמ בודיאָני-אָטריאַד ווערכאָווצעוו געלייענט דעמ אָרדנטלעכנ באַפעל: קעדיי צו ראַטעווענ די ייִדישע באַפעלקערונג, קעדיי צו געבנ א מעגלעכקײַט אַלע קאַמפּס-פעיִקע נעקאָמע צו נעמענ פאַר די טײַכנ בלוט, — שאַפנ א באַזע פאַר אַלע, וואָס וועלנ קומענ פונ מינסקער געטאָ. די באַזע זאָל געשאַפנ ווערנ אינ בורעלאָמ צווישנ די דערפער וויערטניקי און נאָוואָסאַדי, קוידאַנאָווער ראַיאָנ. קעדיי צו אָר-

גאניזירן דעם לאגער, באשיצן און באזאָרגן אים מיט עסנווארג, אויסטיילן פינף באוואָפנטע פּארטיזאנער בודיאָנאָווצעס, געבן זיי פופצן ביקסן צו באוואָפענען עטלעכע פון די געקומענע און אפ וויַיטער — נעמען זיך צו דער ארבעט זעלבשטענדיק, ווי עס פירט זיך בא פּארטיזאנער. אין דער אויסגעטיילטער גרופּע איז אלס קאָמאנדיר באַשטימט געוואָרן זשעראַבין קאזימיר אנדרייעוויטש. אים צו הילף איז געגעבן געוואָרן שאָלעם זאָרין — דער שפּעטערדיקער קאָמאנדיר פונעם אָטריאד 106, וועלכער איז באשטאנען אויסשליסלעך פון מינסקער יידן.

צו דער געטאָ איז דערגאנגען דער פּאראָל, וואָס איז פון געציילטע ווערטער באשטאנען: „סקירמאָנטאָווא, סטאראָיע סיעלאָ, ליסאָוושטשינע". ווי א שטוב, האָט מען אין דער שטיל, בעסאָד-סוידעס זיך דערציילט וועגן די דריַי וויַיסרוסישע דערפער און געטרוימט וועגן כאפּן א וואָרט מיטן „קליינוואַרג", פון וועמען ס'איז אָפּהענגיק אָנצוקומען אינעם לאנד פון פּארטיזאנישן קאמף.

„דאָס קליינוואַרג" — דאָס זיַינען געווען אונדזערע שעלוכים, די פּארבינדלער און וועגוויַיזער, וואָס זיַינען הין און צוריק געגאנגען און געפירט מיט זיך מענטשן פון געטאָ. דאָס זיַינען אין גרעסטן טייל געווען קינדער אין עלטער פון 12-10 יאָר. מ'האָט זיך אָבער אפ זיי געקענט פארלאָזן. דאָס זיַינען געווען קינדער פון געטאָ. באַניע האמער ווייסט שוין יעדעס סטעזשקעלע, ער דערקענט אין דער פינצטער יעדן קוסט אפן וועג פון געטאָ אין אָטריאד. העכער הונדערט מאן האָט ארויסגעפירט פון געטאָ אין אָטריאד דער דאָזיקער 12-יאָריקער יאט, וואָס איז מיט געווער אין האנט, ווי א העלד אומגעקומען אין קאמף קעגן די פאשיסטן. ס'קומט פון וואלד אין געטאָ די 11-יאָריקע סימעלע פיטערסאָן. ס'דערוויסט זיך וועגן דעם די געסטאפּאָ. ס'קומט אום סימעלעס מאמע. ס'קומען אום אירע ברידערלעך. סימעלע זיצט אין באהעלטעניש מיטן אָנגעלאָדענעם פּיסטאָלעט. אָט וועט זי אויסשיסן און דערהארגענען דעם מערדער פון איר מאמען. סימע איז אָבער געקומען אין שליכעס. סימע איז א פּארטיזאנערן, זי מוז אויספילן דעם באפעל פון דעם קאָמאנדיר און ברענגען אין וואלד יענע, וואָס וועלן שוין צוזאמען מיט איר נעקאָמע נעמען פאר איר, פאר אלע יעסוימים. ס'קומט א באוואָפנטער אין געטאָ דאָווידקע קליאָנסקע. 12 מאָל האָט ער דורכגעמאכט דעם מארשרוט צווישן וואלד און געטאָ. פאר יעדן מאָל ברענגט ער ניט וויַיניקער ווי 20-25 מענטשן. ס'קומט אין געטאָ פאניטשקע גימפּעל. זי

האָט א ספּעציִעלע אופגאבע: ארויספירן דאָקטוירים פון געטאָ. ס׳קומען אין געטאָ פון וואלד (אלס קוריערן פון דער טשקאלאָוו-בריגאדע) ראָכעלע פריקלאד און ראָזעטשקע רובענטשיק. ס׳גייט צוזאמען מיט די דאָזיקע קינדער א שטראָם מענטשן פון געטאָ. אין איינע פּאָר טעג קומען זיך צונויף אפ דער באזע אין בורעלאָם בא 500 ייִדן. ס׳קומען ניט בלויז קאמפּס-פייִקע. ס׳קומען מוטערס מיט פּיצלעך קינדער אפ די הענט (גראטעוועטע אין די מאלינעס), ס׳קומען זקיינים. זיי זײַנען האָפערדיק: „נישקאָשע, ס׳וועט זיך פאר אונדז אויך געפינען ארבעט בא די פארטיזאנער". ס׳קומען אויך די, וועלכע האָבן צווייענדיקע צוימען געמוזט דורכרײַסן, — די געפּײַניקטע און פארורטיילטע פון שיראָקער קאָנצענטראציע-לאגער. פינף זײַנען זיי געווען. דער אָרגאניזאטאָר איז געווען סיאָמקע גורוויטש. באשלאָסן האָבן זיי: אין קאָן שטייט אלץ — טאָ לאָמיר שפּילן גרויס. זיי האָבן פון לאגער ארויסגעפירט צוויי וועגענער מיט פערד, אײַנגעפאקט דרײַסיק ביקסן. אזוי זײַנען זיי אָנגעקומען אין וואלד אין פארטיזאנישן לאגער פון מינסקער ייִדן. באגלייט האָט זיי, ווי אלע גרופּעס, וואָס זײַנען אנטלאָפן פון דעם שיראָקער געהענעם, אונדזער שטילע און באשיידענע פארבינדלערן — די געוועזענע סטודענטן סאָניע קורליאנדסקע. שפּעטער שוין, אין וואלד, האָט אונדז געטראָפן די ידיעה: סאָניע איז דורכגעפאלן בייסן העלפן באפרײַען א גרופּע סאָוועטישע קריגס־געפאנגענע. צוזאמען מיט אונדזערע געטרײַע כאוויירים איז זי דערשאָסן געוואָרן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איינס באנאכט. דער פארטיזאנישער וואכמאן ראפּאָרטירט: „כ׳האָב אין אָנהייב דאָרף גאישטשקע פארהאלטן צוויי פרויען".

פארטיזאנישע הערצער זײַנען שטיין-הארט. ארויסבאקומען א טרער פון א פארטיזאניש אויג איז גאָר ניט פון די גרינגע זאכן. און מיר שטייען איינס קעגן אנדערן און קענען א וואָרט ניט אויסריידן. טרערן לאָזן זיך גאָר ניט אָפּשטעלן. ס׳איז פּאָשעט שוין א ביזאָיען פארן וויַסרוס, דעם פארטיזאנישן וואכמאן.

— ווהין גייט איר, שוועסטער, אין אזא פינצטערער נאכט מיט אייפעלעך אפ די הענט?

— מיר גייען צו מוסיען. ווייַזט אונדז, כאוווער קאָמאנדיר, דעם וועג.

גאנץ געטאָ ווייסט שוין וועגן מוסיען, וועגן דער וויַסרוסישער פרוי מאַריא קולשא פונעם דאָרף סטאראָיא סיעלאָ. זי איז דער „פּאָל-

פערד״ פונ געטאָ אפנ וועג פונ אָטריאד. בא איר באקומט מענ א שטיקל ברויט אונ א ביסל מילכ. בא איר באקומט מענ „א פוטיאָווקע אינ וואלד״, גענויע אָנווייזונגענ וווהינ אונ וויאזוי צו גיינ, קעדיי אָנצוקומענ אפנ געגארטנ פונקט (איר מאנ האָט געהאָלפנ אונדזערע כאוויירימ פונ פעלדמאנס גרופע, גלייכ נאָכנ קומענ פונ געטאָ אינ וואלד, זיכ באוואָפענענ. שפעטער איז ער דערמאָרדעט געוואָרנ דורכ די היטלער-כייעס).

טרערנ, אזויפיל טרערנ, ביים יעדער באגעגעניש אינ וועג. ס׳גייט דער אלטיטשקער שעפסל מינדעל. איינ זונ זיינער, יאָסעפ, איז אומגעקומענ אפנ וועג אינ אָטריאד. א צווייטער איז א פאָלקאָווניק אינ דער רויטער ארמיי, מיטנ דריטנ, מיט ייצכאָקנ, גייט ער אינ אָטריאד. אונ ס׳גלייבט קוימ דער אלטיטשקער, אז פאר אימ איז שוינ אויס געטאָ. אפ אייביק א סאָפ מיט דער געטאָ.

א קילאָמעטער צענ פונ מינסק. אינמיטנ אָפענעמ פעלד גייט א מענגע מענער, פרויענ, קינדער. מיר שיקנ ארויס אונדזער רייטער-אויסשפיר אונ פארקערעווענ זיי אינ א זייט. ארומ איז די געפאר גרויס. ארומ זיינענ גארניזאָנענ פונ סוינע. ס׳ווארפנ זיכ אפ אונדז קושנ קינדער אונ אלטע. מ׳איז גרייט אלצ פונ זיכ אוועקגעבנ פאר דער אומגעריכטער פרייד: אָט אזוי נאָענט פונ מינסק באגעגענענ פארטיזאנער, אונ גראָד יידנ, יידנ פונ מינסקער געטאָ. ס׳טרעט ניט אָפ פונ אונדז א יאטעלע. „נעמ, פעטערל, נעמ״ — אונ שטעקט אונדז א שטיקל קוכנ, א פעקל מאכאָרקע. ער פאָלעט זיכ שוינ ארומ אונדזער פערד, ער איז גרייט אונדז אלצ אָפצוגעבנ פארנ רויטנ שטערנדל אפ אונדזערע היטלענ (שפעטער, בא זאָרינענ אינ אָטריאד, האָט ער באקומענ די ארבעט, וועגנ וועלכער ער האָט געטרוימט — ער איז געוואָרנ איינער פונ די בעסטע פערד-היטער. „קאָלווירטניק״ האָט מענ אימ אינ אָטריאד א נאָמענ געגעבנ).

וויפל ס׳זיינענ ניט געגאנגענ קיינ וועגווייזערס אינ געטאָ, איז דאָס אלצ ווייניק געווענ. פלעגנ מענטשנ זיכ צונויפנעמענ אונ אליינ אוועקגיינ, בלאָנדזשענ, זוכנ אונ אָנקומענ צומ געגארטנ אָרט. אָפט האָט זיכ עס געענדיקט מיט א קאטאסטראָפע. פיל זיינענ אומגעקומענ אינ וועג. מענטשנ אינ געטאָ האָבנ וועגנ די דאָזיקע געפארנ זייער גוט געוווּסט, אונ דאָכ איז מענ געגאנגענ. בא די גרענעצנ פונ געטאָ זיינענ מענטשנ געלעגנ פארשטעקט אונ נאָכגעשפירט. ווי נאָר א גרעסערע גרופע פלעגט זיכ דורכרייסנ דורכ די געטאָ-צוימענ, פלעגנ גלייכ פונ די באהעלטענישנ נעמענ לויפנ אנדערע, קעדיי זיכ פאדייניקנ צו דער מאכנע. אפ אזא מינ אויפנ, לויערנדיק עטלעכע

נעכט, איז ארויס פונ געטאָ כאַימ פייגלמאנ, דער שפּעטערדיקער קאָמיסאר פונ אָטריאד 106. דאָרע קראווטשינסקי האָט קיינ וועג ניט געוווּסט. זי האָט אָבער באשלאָסנ: וואָס ס'זאָל ניט זײַנ, אונ זי מוז פונ געטאָ אוועק. האָט זי גענומענ איר ייִנגעלע יאשע אונ איז ארויס דורכ די צוימענ זוכנ דעמ אָטריאד, וווּהינ ס'איז מיט א יאָר צוריק אוועק איר מאנ. זי האָט נאָכ ניט באוויזנ דורכצוקלעטערנ, ווי נאָכ איר האָט זיכ א לאָז געטאָנ א גרעסערע גרופּע ייִדנ, גלייבנדיק, אז מיסטאמע ווייסט זי דאָכ וווּהינ צו גייג...

## XVI. א טויט די פארעטער!

דער באפעל פונעמ פארטיזאנער-קאָמאנדיר סעמיאָנ גאנזענקאָ איז אויסגעפילט געוואָרנ: די פארעטער זײַנענ געבראכט געוואָרנ אינ וואלד, פארנ פאָלקס-מישפּעט. סאָרע לעווינ האָט זיכ געהאט פאנאנדערגע-רעדט מיטנ באנדיט אונ פארעטער „עלינקע" גינזבורג, באוויזנ אימ א בלעטל פונ פארטיזאנער, ווי ס'ווערט צוגעזאָגט שענקענ די כאַ-טאַימ יענע, וואָס וועלנ ערלעכ גיינ אפּנ וועג פונ נעקאָמע נעמענ פונ די מערדער. אנ אײַנדרוק האָט עס אפּ די אָפּעראַטיוויקעס גע-מאכט זייער א שטארקנ. „עלינקע" האָט אָבער מוירע געהאט: „סײַ-ווי וועלנ זיי מיכ פאטערנ". ער האָט געוווּסט, דער אויכוורפ, אז פאר אזויפיל ייִדישע לעבנס, וואָס ער אונ זײַנ כעוורע האָבנ אפּ זייער געוויסנ, ווערט קיינ ראכמימ ניט זײַנ. ס'האָט זיכ אָבער אײַנ-געגעבנ אימ אײַנצוריידנ. צוזאמענ מיט א גרופּע אָפּעראַטיוויקעס, מיט מוליע קאגאנענ, מירע מארקמאנ אונ אבראמטשיקנ איז ער אָנגעקומענ אינ וואלד, אינ דעמ לאגער, ווו הונדערטער ייִדנ זײַנענ געווענ די איי-דעס פונ זייערע פארברעכנס. איינמוטיק איז געווענ דער גערעכטער פאָלקס-אורטייל. די אויסוווּרפנ האָבנ באקומענ זייער פארדינטע שטראָפ.

מיט א צווייטער גרופּע אָפּעראַטיוויקעס האָט זיכ פארנומענ אנ אנדער כאווער, וועלכער האָט געהערט צו דער געטאָ-וואכ. ער האָט זיכ „צונויפגערעדט" מיט די אויסוווּרפנ מייער סעגאלאָוויטש אונ זײַנ זונ, מיט רובינ, שולמאנ אא., זיי זאָלנ אוועק צו די פאר-טיזאנער. די גרופּע אָפּעראַטיוויקעס איז שוינ גרייט געווענ אוועק-צוגיינ, ווענ אײַנער פונ די זייעריקע, בערקאָווסקי, האָט זיי פא-ראטנ. געסטאפּאָ האָט ארומגערינגלט דעמ הויפ, פונוואנענ זיי האָבנ געזאָלט אָפּגיינ, אונ אָנגעהויבנ א שיסערײַ. יאשע ווײַנבלאט האָט באוויזנ אויסצושיסנ אינעמ פארעטער בערקאָווסקי, אלע, אכוצ סע-גאלאָוויטשנ, זײַנענ דערהארגעט געוואָרנ. סעגאלאָוויטש האָט זײַנס

באַקומען שפּעטער, לויט אַן אורטייל פונעם פּאַרטיזאַנער-געריכט. „די הינט — אַ הינטישער טויט“, — האָט מען דאַן אין געטאָ געזאָגט.

ס'האָט זיך ניט איינגעגעבן די אָפּעראַציע מיטן הויפּט-אָפּעראַטיווניק עפּשטיין, כאָטש אויך מיט אים זײַנען געפירט געוואָרן „אונטערהאַנדלונגען“.

ס'האָבן זיך שוין געפונען אַפילע אַזעלכע אָפּעראַטיוויקעס (זינגער אאַ.), וועלכע האָבן גענומען העלפן ייִדן זיך דורכצושלײַכן דורך די געטאָ-צוימען. זיי פלעגן שטיין אַף דער וואַך, באַצײַטנס וואָרענען און אָפּט אַפילע באַפרײַען פונעם בונקער (אַרעסט אין געטאָ, פונוואַנען דער וועג פלעגט פירן דירעקט אין געסטאַפּאָ). דער שטראָם פון מענטשן, וואָס גייט אַוועק פון געטאָ, וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

ניט ווײַט פונעם וואַלד, ווו ס'האָט זיך געפונען דער לאַגער פונעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אַף קוטוזאָווס נאָמען (פרונזע-בריגאַדע), איז אָנגעקומען אַ גרופּע פון געטאָ. צווישן די קוטוזאָווצעס זײַנען קימאַט אַ העלפט — מינסקער ייִדן, אָט יענע, וואָס זײַנען נאָך אין 1942 געקומען אין די פּאַרטיזאַנער-רייען. כאַפּט מען זיך קושן, מ'דערוויסט זיך וועגן גורל פון נאָענטע, אייגענע און באַקאַנטע. ציליע קלעבאַנאָוו, וועלכע איז געקומען מיט דער גרופּע, באַקומט דעם אופטראָג: אומקערן זיך אין געטאָ, ברענגען געווער, ברענגען מענטשן. מיר באַגעגענען זיך דאַן מיט די לעצטע מאָהיקאַנער פון אונדזער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. ס'קומען אָן אין וואַלד ראָזע ליפּסקאַיאַ, ליזע ריס, ציליע באָטווינניק, ס'קומט אויך אָן מיט אַ צווייטער גרופּע נאַדיע שוסער. אַף אַ פּאַרטיי-פאַרזאַמלונג אין קוטוזאָוו-אָטריאַד ווערט איינשטימיק באַשלאָסן און אין אַ קאָמאַנדירן-באַפעל איבערגעגעבן דעם גאַנצן אָטריאַד: „דערפילן אונדזער כויוו לעגאַבע דער געטאָ-באַפעלקערונג און מיטהעלפן מיט אַלע קויכעס זיי פון דאָרט אַרויסצופירן“. דער פּעגאַסאָווער וואַלד איז געוואָרן דער זאַמלפונקט פאַר די ייִדן, וועלכע די קוטוזאָווצעס האָבן אַרויסגעפירט פון געטאָ.

אין געטאָ האָבן זי אַלע געקענט. „כאַסיע די בעקערן“ האָט מען זי גערופן. מיט בעקערײַ האָט זי זיך אויך אין געטאָ פאַרנומען... און נאָך מיט עפּעס: בא איר פלעגט מען אויסבאַהאַלטן געווער, אויסבאַהאַלטן אַ געקומענעם פאַרבינדלער. כאַסיע האָט געקענט די קונץ פון „פאַרליידן די ציינער“ יענע, פאַר וועלכע מ'האָט אַמערסטן מוירע געהאַט אין געטאָ. געסטאַפּאָ האָט זיך וועגן כאַסיע דער בעקערן דערוווּסט. פונקט איז אין געטאָ געקומען ציליע קלעבאַנאָוו. כאַסיע באַשליסט מיטגיין מיט איר. ניין, ניט מיטגיין — מיטפאָרן,

און דערצו נאָך מיט א גוטער שמירע. זי איז שוין דורכגעקומען מיט צוויי דייטשישע סאָלדאטן, זיי זאָלן זי באגלייטן אין א נאָענטן דאָרף איינהאנדלען א ביסל מעל — זי וועט זיי שוין באלוינען (ס'קאָסט טאקע צוויי זייגערלעך). אזוי זיינען צילי קלעבאנאָוו, כאסיע די בעקערן מיט נאָך צוויי יידישע מיידלעך אין דער באגלייטונג פון צוויי באוואָפנטע דייטשן אריינגעפאָרן... אין דער סאמע געדיכטעניש פון דער פארטיזאנישער זאָנע, ווו די היטלער-לייט זיינען אופגענומען געוואָרן אזוי, ווי זיי האָבן עס קאָשער פארדינט.

## XVII. פון געטאָ אין וואלד גייט א שטראָם מיט מענטשן

ווען אינעם לאגער פונעם בורעלאָמער וואלד האָבן זיך צונויפגעזאמלט אריבער 600 יידן פון געטאָ, איז געקומען דער באפעל פון דער געגנטלעכער פארטיזאנישער אָנפירונג: די קאמפס-פייקע אויסטיילן באזונדער און שאפן א פארטיזאנער-אָטריאד אף פארכאָמענקאָס נאָמען. פון די ניט קאמפס-פייקע — פרויען, קינדער, אלטע לייט — שאפן א יידישן פארטיזאנישן פאמיליען-לאגער, אָפפירן אלעמען אין א געגנט, ווו ס'איז קלענער די געפאר פון דירעקטע צוזאמענשטויסן מיטן סוינע. בעראָש פון דעם דאָזיקן אָטריאד, וואָס באקומט דעם נאָמען „פאמיליען-אָטריאד נומ. 106", ווערט אוועקגעשטעלט דער פארטיזאן שאָלעם זאָרין. דאָס דיסלאָקאציע-אָרט פונעם אָטריאד איז די נאליבאָקער פושטשע. אהין ווערן אָפגעשיקט אלע, וואָס קומען אָן פון מינסקער געטאָ. ס'וואקסט אין דעם דאָזיקן אָטריאד די צאָל באוואָפנטע, און ס'ווערט געשאפן א ספעציעלע קאמפס-ראָטע.

דער גרויסער שטראָם פון מינסקער געטאָ גייט טיילווייז אויך אין אנדערע אָטריאדן און בריגאדעס, וואָס געפינען זיך אף מייַרעוו פון מינסק — אין דער סטאלין-בריגאדע, אין דער פרונזע-בריגאדע, אין דער טשקאלאָוו-בריגאדע, אין דער 1-טער מיי-בריגאדע און אין אנדערע. אומעטום טרעפן מיר אונדזערע געטאָ-כאווירים, איינגעשלאָסענע אין די פארטיזאנישע קאמפס-רייען.

דער 106-טער אָטריאד ווערט א רעזערוואר פון מענטשן, וועלכע זיינען נייטיק אלע איבעריקע קאמפס-אָטריאדן. דורך די פארבינדלער פון 106-טן אָטריאד ווערן אלע פארטיזאנער-איינהייטן, וואָס נייטיקן זיך אין מעדיצינישע קויכעס, באזאָרגט מיט דאָקטוירים. גרויס אכטונג רינגלט ארום אונדזערע געוועזענע געטאָ-דאָקטוירים: דעם כ' יורי טייץ, וועלכער ווערט דער הויפט-דאָקטער פון דער גאנצער פארטיזאנישער זאָנע; דעם כ' זיבציקער, וועלכער איז דער אָנפירער

פון דער סאניטאר-דינסט אין בודיאָני-אָטריאַד (ער האָט נאָך אָנהייב 1942 געפאָדערט, מע זאָל אים אָפּשיקן אין וואלד); די כ-טע מ. קערזאָן פון דער טשאַפּייעוו-בריגאדע—איינע פון די ערשטע פאַר-טיזאנערנס פונעם פאַרכאָמענקאָ-אָטריאד; די כ-טע ר. ליפשיץ, צו וועלכער מ׳ווענדעט זיך נאָך מעדיצינישער הילף פון אלע ארומיקע בריגאדעס; די כ-טע אלפעריג פון דער טשקאלאָוו-בריגאדע, אונדזע-רע סטודענטן מעדיקער ג. סאָלאָמאָניק און ס. יאקובאָוויטש.

דער שטאב פון דער זשוקאָוו-בריגאדע פאָדערט צו זיך ארויס פונעם 106־טן אָטריאד די אמאָליקע אויספאָרש-ריכטערן פון דער רע-פובליקאנישער פראָקוראטור פון ווייסרוסלאנד כאוועדטע אנע מאטשיז. זי ווערט באשטימט אלס געהילף-שעף פונעם באזונדער-אָפּטייל אין דער זשוקאָוו-בריגאדע. אינעם 106-טן אָטריאד זיינען אלע, יונג און אלט, מאָביליזירט צו טאָן די נוצלעכע ארבעט פון באזאָרגן די פאַר-טיזאנישע אָטריאדן מיט אלץ, וואָס זיי איז נאָר נייטיק. דער אָטריאד באזאָרגט אלעמען מיט געווער-מייסטערס, מיט דרוקער און מיט אנ-דערע ספעציאליסטן. דער אָטריאד שטעלט צו דינסט פון די פאַר-טיזאנער פון דער גאנצער געגנט זיין אויסגעצייכנטע מיל, וואָס אר-בעט טאָג און נאכט, זיינע שוסטער- און שניידער-ווארשטאטן, זיין בעקערייַ. די נעכטיקע געטאָ-מענטשן ארבעטן מיט פלייס, מיט גרויס איבערגעגעבנקייט, לייגן אריין אין זייער ארבעט פאַר די ארומיקע קאמפס-אָטריאדן די גאנצע אָנגעזאמלטע ענערגיע און ווילן צום אָנ-טיילנעמען אין דעם גרויסן אלפאָלקישן באפרייונגס-קאמף.

דער שטראָם פון געטאָ האָט נאָך געהאלטן אין שטייגן, ווען אן ארמיי פון העכער 80 טויזנט ביז די ציין באוואָפנטע היטלער-רויבער האָט אָנגעהויבן בלאָקירן די גאנצע פארטיזאנישע געגנט, שטרעבנדיק, אַפּ אזא אויפן, צו פארניכטן די פארטיזאנער-באוועגונג. זעקס וואָכן האָט געדויערט די דאָזיקע בלאָקאדע און קעגנזייטיקער קאמף. ס׳זיינען געווען בא אונדז קאָרבאָנעס. צווישן די געפאלענע אין קאמף זיינען אויך געווען די נעכטיקע געטאָ-מענטשן. אין דער שווערסטער לאגע האָט זיך געפונען דער 106-טער אָטריאד, ווו ס׳זיי-נען דעריקער געווען פרויען און קינדער.

אינעם מאָמענט, ווען די בלאָקאדע האָט זיך פון נאליבאָקער פושטשע אריבערגעטראָגן אויך אין קוידאנאָווער ראיאָן, זיינען אי-נעם פארטיזאנער-דאָרף סקירמאָנטאָוואָ געווען עטלעכע און דרייסיק פריש געקומענע יידן פון מינסקער געטאָ. די מערדער האָבן פון אלע זייטן ארומגערינגלט דאָס דאָרף, פארטריבן די יידן צוזאמען מיט די

ווײַסרוסישע פּויערים אין שײַערן און זײ לעבעדיקערהייט אונטערגעצונדן. אפן וועג פון דאָרף אינעם פּאַרטיזאַנישן לאַגער געפינט זיך דער ברודער־קייווער, ווו פּאַרטיזאַנער האָבן באַערדיקט די ניט דערברענטע רעשטלעך פון די זין און טעכטער פונעם אײנהײמלעכן סאָוועטישן פאָלק, וואָס האָבן בײַם לעבן א שווערע געגעבן צוזאַמען נעקאָמע נעמען אין די באַצווינגער פון אונדזער היימלאַנד.

די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג איז אַרויס גאַנץ, פולשטענדיק ניט געשעדיקט פון דער דאָזיקער שוידערלעכער בלאָקאַדע. גאַנץ איז אויך אַרויס דער אָטריאַד 106. געטרײַ און מוטיק האָט דער קאָמאַנדירן־באַשטאַנד פון דעם דאָזיקן אָטריאַד אַרויסגעפירט אַלעמען פון דער טויט־געפאַר צום לעבן, צום קאַמף, צום פרײדיקן באַגעגענען די באַפרײַערישע רויטע אַרמיי.

## XVIII. מיר שווערן!

נאָך דער בלאָקאַדע זײַנען שעלוכים ווידער אַוועק קיין מינסק. אין געטאָ האָבן שוין מענטשן געוווּסט, וואָס אין וואַלד איז פאָרגעקומען. ס'האָט אָבער קיינעם ניט אָפּגעשראָקן. יעדער באַגעגנטער אפן וועג פון געטאָ אין אָטריאַד האָט ווי אײַנגעכאַזערט געמאָלדן: „מיר איז דאָ ליבער דער טויט, איידער דאָס לעבן אין דער געטאָ־קאַטאָרגע”.

פון קוטוזאָוו־אָטריאַד איז אַוועק קיין מינסק ציליע קלעבאַנאָוו. ס'איז איר געגאַנגען אין שליכעס די 16־יעריקע בראָניע גאָלדמאַן פונעם 106־טן אָטריאַד. די געטאָ־הײַזקעס זײַנען שוין כאָרעוו געווען. קוילנוואַרפערס האָבן געקלאַפּט פון אַלע פיר זײַטן איבער די געטאָ־גאַסן. מיט גראַנאַטעס האָבן די געסטאַפּאָ־באַנדעס אויפגעריסן אַלע ערטער, ווו ס'איז געווען דער מינדסטער כשאַד, אַז דאָרט באַהאַלטן זיך מענטשן. ביז דער לעצטער מינוט זײַנען די היטלערישע שפּיר־הינט מיט עפּשטײַנען בעראָש אַרומגעגאַנגען איבער די כאָרעווע געטאָ־געסלעך און גערופן: „ייִדן, גייט אַרויס! מירן אײַך סײַווי געפינען”. אין די מאַלינעס זײַנען נאָך ייִדן געזעסן. א סאַך זײַנען וואָכנלאַנג, נאָך דער לעצטער שכיטע, געזעסן פאַרשטעקט. אין הונגער און קעלט האָט מען אויסגעדויערט, ביז מע איז אין א פינצטערער אָסיען־נאַכט אַרויס און זיך געלאָזט זוכן דעם וועג צום לעבן, צום קאַמף און נעקאָמע — דעם וועג צום פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד.

ווייניק ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט פון דער לעצטער שכיטע אין מינסקער געטאָ דעם 21־טן אָקטיאַבער 1943 יאָר. 90 מאַן זײַנען אָנגעקומען אינעם 106־טן אָטריאַד. נאָכדעם זײַנען נאָך א פּאָר צענד־

ליק געקומען — דאָס זײַנען געווען די לעצטע, וועלכע זײַנען געווען פארשטעקט אין באהעלטענישן. א טייל איז אוועק אפ מיזרעך. א קלײנער גרופע האָט זיך פונדעסטוועגן אײַנגעגעבן אויסבאהאלטן און דערוואַרטן זיך אפ דער ענדגילטיקער באפרײַונג.

* * *

אין א שפעט-אָסיענדיקן זוניקן טאָג זײַנען פאָרשטייער פון פארשײַ-דענע פארטיזאנישע אָטריאַדן זיך צונויפגעקומען אינעם יונגן בעריאָזע-וואלד, ווו בײַדלעך זײַנען געווען אויסגעשטעלט אין א מיליטערישער אָר-דענונג, ווו ס'האָט געאָטעמט מיט לעבן, מיט אַרבעט, מיט קאמף-דיסציפלין.

ס'איז דער טאָג, ווען די געוועזענע געטאָ-מענטשן וועלן אָפּגעבן די פארטיזאנישע שווערע צו קעמפן ביזן לעצטן אָטעם-צוג קעגן דעם בלוטיקן סוינע פון אונדזער פאָלק, פון אונדזער לאנד, פון דער גאנצער פרײַהײַט-ליבנדיקער מענטשהײַט.

גלײַך אויסגעשטעלט זײַנען די רייען. ניט אלע זײַנען נאָך באַ-וואָפנט, אָבער אין די פענעמער איז שוין קיין זייכער ניט פאראן פון דער געטאָ-פארלוירנקײַט. אפ די קליידער איז נאָך ניט אָפּגעַ-בליאקעוועט דאָס אָרט, ווו דער שאנד-צייכן איז געהאנגען, אָבער פון די אויגן איז פארשוווּנדן די דערשראָקנקײַט. אָנשטאָט איר האָט זיך א פײַערל באוויזן, דאָס באקאנטע פײַערל פון פארטיזאנישע אויגן, גיריקע נאָך נעקאָמע, נאָך הייליקער בלוט-נעקאָמע.

די ווערטער פון דער פארטיזאנער-שווּע ווערן דורך אלעמען איבערגעכאַזערט ווי א ניידער צו באצאָלן פאר דעם צוויי-יאָ-ריקן שוידער-וועג, פאר די פארשניטענע לעבנס פון די אלע, וועל-כע האָבן ניט באוויזן זיך דורכצורײַסן דורך די געטאָ-צוימען, פאר די אלע, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן דעם קאמף אפ צעברעכן און פארניכטן די געטאָ-וואנט — פאר מיכל געבעליעוו און נאָטקע ווײַנהויז, פאר זיאמקע אָקון און עמע ראדאָוו, פארן 14-יאָריקן נאָנקע און קליינינקן באָנקע — פאר די אלע, וואָס זײַנען געפאלן, אָבער ניט געבויגן דעם קארק פארן סוינע פון אונדזער פאָלק.

יונג און אלט, קליין און גרויס האָבן הילכיק איבערגעכאַזערט דעם קאמפס-פאראָל, וואָס האָט אונדזער פרידלעך פאָלק פארוואנדלט אין קריגער גיבוירים:

— נעקאָמע!

# נעקאָמע

## I. דער אָפּשייד־בריוו

— וואַרט א מינוט!..

ס'איז שוינ די זעכסטע צייט ארויסצוגיינ, יעדע מינוט דראָעט מאמעש מיט א קאטאסטראָפּע — מע דארפ צוקומענ צום זאמל-פּלאצ, ווו עס קלייבנ זיכ צונויפ די ארבעט־קאָלאָנעס, קאָלומאנ דאָרט איז נאָכ פול מיט מענטשנ. אינעם טומל וועט ניט קענטיק זיינ די גרופּע פונ פינפ באוואָפנטע, וואָס דארפ באלד אפּ אייביק פארלאָזנ די געטאָ. רוווּנ האָט אָבער אזוי האסטיק אלעמענ אָפּגעשטעלט מיט זיינ פלוצעמדיקנ „וואַרט א מינוט", אז מיר שטייענ ווי געפּלעפטע. מיר באווייזנ נאָכ ניט פרעגנ „וואָס איז דאָ?" — אונ רוווּנ האָט פונ וואנט אראָפּגעריסנ די פאָטאָגראפיע פונ זיינ 6־יאָריק טעכטערל אונ האָט איילִיק גענומענ שרייבנ אפּ איר לינקער זייט:

„...כ'געזעגנ זיכ מיט דיר, מיינ איינציקע. מער וועלנ מיר זיכ שוינ קיינמאָל ניט זענ. ס'איז פונקט דריי כאדאָשים, ווי מע האָט דיכ פונ מיר אוועקגענומענ אונ דערמאָרדעט. ווענ די מערדער האָבנ דיינ מאמע בא אונדז ביידנ צוגענומענ, ביכטו מיר געבליבנ, אונ נאָכדעם — אליינ, איינער אליינ... נאָכ וואָס לעבנ? כ'געזעגנ זיכ מיט דיר איצט, מיינ טעכטערל, אונ זאָג דיר: כ'וויל לעבנ, כ'וויל גאָר, גאָר שטארק לעבנ! כ'וויל, אז מיינע הענט זאָלנ דערפילנ דעם טאַם פונ באצאָלונג פאר דיינ מאמענ, פאר דיר, מיינ איינציקע, פאר אונדזערע גוטע, ליבע פריינט, וואָס זיינענ אזויפיל בא דיר, בא מיר אונ בא אונדז אלעמענ געווענ. כ'געזעגנ זיכ מיט דיר, טעכטערל מיינס.

דיינ טאטע".

רוווּנ האָט א מינוט די אויגנ צוגעמאכט, ווי וועלנדיק זיכ עפּעס דערמאָנענ, אונ באלד האסטיק ווייטער גענומענ שרייבנ.

זוכט מיך ניט, הער אָבערלייטענאַנט. איר האָט מיך געהאַלטן פאַר אַן „אָנשטענדיקן יודע". איך האָב שטיל געטראָגן די שווערע לאַסט פון א געטאָ-ייִדן. כ'האָב מײַן פּראַצע אײַך אָפּגעגעבן, באַ-קומענ אלס געצאָלט זידלערײַען, באַליידיקונגען, אָפטמאָל קלעפּ. זײַט וויסן, אָבערלייטענאַנט · שערמאַרק: רווון הייבלום, דער יודע פון געטאָ, איז מער ניט פאַראַן! ס'איז פאַראַן איצט דער פּאַרטיזאַן, דער נע-קאָמענעמער, וואָס וועט פאַר יעדן טראָפּן אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט באַצאָלן, פילפאַך אײַך באַצאָלן... און ווילט איר דאַפקע מיך זוכן — איז ביטע שיין: אין אַלע ווײַסרוסישע וועלדער בין איך פאַראַן. כ'האָב מײַן סטאָליערישע זעג-און-הובל פאַרביטן אַף א ביקס, אַף דער ביקס, וואָס כ'האָב בא אײַך צוגענומען. איז אויב איר ווילט דאַפקע זיך באַגעגענען מיט מיר — איז ביטע שיין".

שפּעטער, שוין אין וואַלד, האָבן מיר א גרויס באַקומען: געס-טאַפּאָ האָט געהייסן דעם דאָזיקן אָפּשייד-בריוו איבערזעצן פון ייִדיש. מע דאַרף רעכענען, אַז זוכן רוווענען האָט זי קיין כיישעק ניט געהאַט.

אַזעלכע ווי רווון, מיטן זעלבן פאַרלאַנג און באַשלוס, זײַנען פון מינסקער געטאָ אַרויס טויזנטער. יעדער איינער פון זיי האָט זיך זײַן כעזשבן געפירט — א כעזשבן, וועלכער האָט זיך געשטיצט אַפן אַלט-ייִדישן געזעץ, וואָס איז פּאַרטיזאַניש מאָדיפיצירט געוואָרן:

פאַר איין אויג — ביידע אויגן, פאַר איין צאָן — דאָס גאַנצע מויל.

## II. דער ערשטער פּאַרטיזאַן פון מינסקער געטאָ

איין שאָס פון א ביקס איז געוויינלעך א צופעליקער. א צווייטער — צווינגט שוין אָנצושפּיצן די אויערן, אָנשטרענגען די אויגן און דערבײַ פילן, אַז די ביקס איז בא דיר אין די הענט. א דריטער — אָ, א דריטער שאָס איז שוין א קלאָרער איניען, ס'באַטײַט:

— אַליאַרעם! צו קאַמפּס-גרייטקײַט!

דזשורנער אינעם פּאַרטיזאַנישן לאַגער פונעם אָטריאַד נומ. 208 אַפן כאָוער סטאַלינס נאָמען איז יענעם טאָג געווען דער קאָמאַנדיר פון קוילנוואַרפער-אָפּטייל דער כ' באָריס כאַימאָוויטש. · נאָך איידער דער שאָליעך פון „סעקרעט" איז אָנגעלאָפן, קעדיי צו מעלדן באָ-ריסן, אַז דער סוינע איז נאָענט, אַז ער גייט אַפן לאַגער, האָט שוין באָריס באַוויזן אַלעמען שטעלן · אַף די פּיס און אַליין · איז ער מיט

זייַנ אָפּטייל אוועק אינ דער ריכטונג צום דאָרפ טשעסנאָוואָיע (רו-
דענסקער ראיאָנ), פונוואַנענ דער סוינע האָט אָנגעגריפּט. א האָגל
קוילנ האָט זיכ א שאָט געטאָנ אפ דעמ פּאַרטיזאַנישנ אָפּטייל. באָ-
ריס באַפעלט: „אינ אטאקע!" ס'גייט א פאַרביטערטער קאמפ אפ
לעבנ אונ טויט. ס'קומט אומ דער פּאָליטרוק פונ דער ראָטע. לעבנ
באָריסנ פאַלט א טויטער דער פּאַרטיזאַנ מיטנ קוילנוואַרפער. באָריס
באַפעלט: „פּאָרויס! שלאָגט די היטלערישע זינ!" ער ליגט שוינ אַליינ
אויכ א פאַרוואונדעטער, ער קענ זיכ ניט באַוועגנ. ס'האָט זיכ צו
אימ צוגעקראַבקעט דער קאָמאַנדיר פונ דער 4-טער אָפּטיילונג שו-
קאַלקינ, קעדיי אימ ארויסצושלעפּנ פונ פייַער. באָריס האַלט אָבער
אינ איינ שרייַענ: „פּאָרויס! קוילעט די מערדער!"

די היטלעריסטנ זייַנעג אינ דער שלאַכט צעקלאַפּט געוואָרנ. זיי
זייַנענ אינ פּאַניק אָפּגעטראָטנ. באָריסנ האָט מענ אינ לאַגער גע-
בראַכט א פאַרכאַלעשטנ. ווענ גרישקע גאָרדאָנ איז צו זייַנ ערשטער
כירורגישער אָפּעראַציע צוגעטראָטנ (גרישקע איז נאָכ אינ געטאָ גע-
וואָרנ א „דאָקטער", כאָטש באַוויזנ האָט ער בלויז דרייַ קורסנ מע-
דיצינישנ אינסטיטוט צו ענדיקנ), קוקט אפ אימ באָריס מיט א פּאָר
טרויעריק שמייכלענדיקע אויגנ (כאָטש די ציינ זייַנענ פונ ווייטעק
צונויפגעפּרעסט) אונ גיט גרישקענ צו מוט:

— דרייסטער, ברודערקע, ניט אזוי האָט מענ אונדז שוינ גע-
שניטנ...

— ווענ?

— סט'שוינ פאַרגעסנ?! אָט דאַנ, ווענ אפ אונדזערע מאַלבושים
אינ געטאָ איז די געלע לאַטע צוגענייט געוואָרנ, אָט דאַנ האָט עס
געשניטנ... אינ סאַמע האַרצנ האָט עס געטראָפנ. קיינ גרעסערנ ווייַ-
טעק וועל איכ שוינ אַוואַדע ניט פילנ... איצט וועלנ „זיי" שוינ
אימ דערפילנ...

ס'איז אַנ עמעס. דער ערשטער פּאַרטיזאַנ פונ מינסקער געטאָ
באָריס כאַימאָוויטש האָט דעמ סוינעס געוואַלדיקע ווייטעקנ פאַרשאַפט.
דער געזעצטער, שטענדיק מעיושעוודיקער באָריס פלעגט פאַרלירנ די
גאַנצע סטאַטעטשנעקייַט פונ א קאָמאַנדיר, ווענ עס פלעגט פונ ערגעצ
נאָענט זיכ דערהערנ א צו לאַנגע אווטאָמאַטנ-סעריע. דאַנ פלעגט ער
אַרייַנ אינ אַזאַרט. אונ אזוי פלעגט עס שוינ געשענ: באָריס כאַי-
מאָוויטש מיט זייַנ אָפּטיילונג איז שטענדיק פּאָרויס, איז שטענדיק
אפנ געפערלעכסטנ אָרט פונעמ קאַמפ-פראָנט.

געוועג איז עס א וואָכנ צוויי נאָכנ ארויסגייַנ פונ געטאָ. דער

סוינע האָט אויסגעשפּירט, ווו דער פּארטיזאנישער לאגער געפינט זיך. ער איז פּלוצלינג אָנגעפאלן אפן פּארטיזאנער-פּאָכטן און אים מיט גראנאטעס פארוואָרפן. די פּארטיזאנער זײַנען אוועק לויערן אפן אָנ־גרײַפנדיקן סוינע. באָריס מיט זײַן אָפּטיילונג איז אוועק א קילאָמע־טער דרײַ פונעם לאגער.

אָנדערהאלבן קילאָמעטער פונעם לאגער איז געזעסן פארשטעקט א צווייטע גרופּע פּארטיזאנער. דער סוינע גרײַפט אָן. ס'גייען 200 היטלעריסטן, באוואָפנט מיט אויטאָמאטן, מיט גראנאטעס. באָריס לאָזט זיי צו נאָענט, גאָר נאָענט. אָט זײַנען זיי שוין א מעטער 70 פון די לויערנדיקע פּארטיזאנער. און דאָ קומט דער האסטיקער באפעל: „פײַער!" דער סוינע פארלירט פונעם ערשטן זאלפּ בא א דרײַסיק פארוווּנדעטע און געהארגעטע. זײַנע רייען האָבן זיך א וואקל גע־טאָן. דער סוינע קומט אָבער צו זיך. באָריס וואַרפט זיך אריבער מיט זײַן אָפּטיילונג צו דער גרופּע, וואָס זיצט נעענטער צום לאגער (אזוי איז געווען אָפּגערעדט). ווידער לאָזט מען דעם סוינע צו זייער נאָענט, און ווידער — „פײַער!"

באָריס האָט גוט פארגעדענקט די ערשטע ציפער (שפּעטער האָט ער דעם כעזשבן פארלוירן): 70 געפּאטערטע רויבער.

פון ווײַסרוסישן שטאב פון דער פּארטיזאנער-באוועגונג איז אָנ־געקומען א באפעל: פּאטערן דעם היטלערישן גארניזאָן, וואָס האָט זיך פארפעסטיקט אינעם דאָרף סושע, מאָהילעווער געגנט.

דער סוינע האָט זײַן באזע פארפעסטיקט מיט לאנגדויערנדיקע פײַער-פונקטן, מיט פיר רייען שטעכ־דראָטן, מיט קעגנטאנק-גריבער.

צום אויספילן דעם באפעל פונעם ווײַסרוסישן פּארטיזאנישן שטאב האָט דער אָטריאד זיך גוט צוגעגרייט. מ'האָט אין וואלד אויסגעבויט א מאקעט פונעם סוינעס פּאָזיציעס, און יעדע ראָטע האָט גענוי דער־לערנט די אויפגאבע, וועלכע איז פאר איר געשטעלט געוואָרן. פאר דער ראָטע, מיט וועלכער באָריס דאַרף גיין אין שלאכט, איז גע־שטעלט געוואָרן די אויפגאבע: געבן דעם הויפּט-קלאפּ.

די ערשטע האָט אָנגעהויבן געבן פײַער די פּארטיזאנישע ארטי־לעריע (דער אָטריאד פארמאָגט זעקס הארמאטן 45-מילימעטערדיקע און איינע הארמאט א 122-מילימעטערדיקן). באָריס מיט זײַן ראָטע גייט צו נאָענט, בא א הונדערט מעטער פונעם סוינעס פּאָזיציע און — „צום שטורעם!" עס ברעכן אויף דעם סוינעס קאזארמעס. שיע עני־מאן איז פארלאָפן פּאָרויס, בא א 30 מעטער פון סוינע, און קלאפּט איבער דער אמבראזורע. פרענקעל האָט עטום געמאכט א לאנגדוי-

ערנדיקן פײַער-פּונקט פֿון די היטלעריסטן. פּאַרטיזאַנער זײַנען שוין אין גאַרניזאָן און ראַטן אויס די רעשטלעך פֿונעם סוינע. שפּעטער איז אָנגעפֿלויגן די היטלערישע אוויִאַציע — זיי האָבן שוין אָבער געטראָפֿן א בעסוילעם, ניט קיין גאַרניזאָן. די אױפֿגאַבע איז אויסגעפֿילט געוואָרן. דאָס איז געווען אַן ערשטמײַיקע מאַטאָנע דעם היים־לאַנד: אינעם דאָרף סושע איז שוין מער קיין היטלערישער גאַרניזאָן קיינמאָל ניט געשאַפֿן געוואָרן.

דער גאַרניזאָן פֿונעם סוינע אין באָהאַשעוויטשע (מאָהילעווער געגנט) האָט שטאַרק געשטערט די פּאַרטיזאַנער. צוליב דעם דאָזיקן גאַרניזאָן איז די פּאַרטיזאַנער שווער געווען זיך צו דערקלײַבן צו דער אײַזנבאַן-ליניע. דאַרף מען אים פֿאַרניכטן.

דרײַ פּאַרטיזאַנער-אָפּטיילונגען זײַנען אַוועק אין קאַמף. מיט דער ערשטער אָפּטיילונג פֿירט אָן באָריס. ער גייט דירעקט צו דער נעסט פֿון די באַנדיטן, די איבעריקע צוויי אָפּטיילונגען פֿאַרגייען פֿון די זײַטן. הונדערט מערדער זײַנען געפּאַטערט געוואָרן. צוויי באַנדיטן האָבן זיך פֿאַרשטעקט אַפֿ א בוידעם, איינער איז דער פֿאַשיסטישער בירגערמײַסטער. גרישקע גאָרדאָן האָט זיך דערקליבן נאָענט צו זיי און הייסט זיי „גוטברודעריש" באַוויליקן אַראָפּצוקריכן. א צווייטער לאָזט זיך צו זיי — שיסט אין אים דער בירגערמײַסטער. דער פֿלעגמאַטישער גרישקע, וואָס מיט א מינוט פֿאַר דעם האָט ער געכאַפּט א גראַנאַטע, וועלכע דער בירגערמײַסטער האָט געוואָרפֿן, און זי אים צוריק אָפּגעשיקט, פֿאַלט אַרײַן אין קאַס, לאָזט א צינד-קויל אין בוידעם און פֿרעגלט אָפּ א לעבעדיקן דעם פֿאַשיסטישן קייט-הונט.

אַז באָריס פֿאַלט אַרײַן אין אַזאַרט, פֿאַרגעסט ער אָפּטמאָל אומצוקוקן זיך, צי די פּאַרטיזאַנער פֿון זײַן אָפּטיילונג באַווײַזן אים נאָכצוגיין.

די באַגעגעניש מיט א ס.ס.-ראָטע באַם דאָרף האַטיעץ האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז די דאָזיקע רויבער-באַנדע איז געווען געצוווּנגען אָפּצוטרעטן. באָריס יאָגט זיך נאָך זיי. פֿיר היטלעריסטן האָט ער אין פּלייצע אַרײַנגעפּאַקט קוילן. באָריס באַמערקט ניט, אַז ער איז איינער אַליין געבליבן: ס'איז א באַפֿעל געווען זיך אומקערן. א היטלעריסט האָט זיך אַוועקגעלייגט און צילט מיטן אַווטאָמאַט אין באָריסן. באָריס לאָזט זיך אַראָפּ אַפֿ דר'ערד, און ס'הייבט זיך אָן א דועל. שוין א מינוט צען, ווי זיי ליגן איינער אַנטקעגן צווייטן, זוכנדיק א סעקונדע, ווען א טרעפֿלעכע קויל וועט פֿאַרענדיקן דעם דועל. באָריס שרײַט (האַלב יידיש — האַלב דײַטש): „גיב זיך אונטער,

אז ניט פאַטער איך דיך דאָ אפּן אָרט". יענער אָבער פּאַרטײַעט זיך, װאַרט אָפּ, ביז בא באָריסן ענדיקן זיך די קוילן, און הייבט אָן זיך דערנעענטערן צו אים. װער װייסט, מיט װאָס דער קאַמף װאָלט זיך פאַרענדיקט, װען ס'קאַראַבקעט זיך ניט אונטער דער 14-יעריקער מישקע בויניצקי. צוזאַמען האָט מען דעם לעצטן פאַשיסטישן מע־נוול געפּאַטערט.

אין קאַמף קומט אָפטמאָל אזוי פּאָר: ס'װילט זיך דיר טרעפן אויג אפּ אויג מיטן סוינע (נאָכן געטאָ איז דער דאָזיקער װילן בא אונדזער אוילעם געוואָרן א צווייטע נאַטור), און דאָ באַשטיבט מען דיך גאָר אפּ א זײַטיקער פּאָזיציע.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די היסטאָרישע רעלסן-מילכאָמע. דאָס פּאַר־טיזאַנישע װײַסרוסלאַנד איז אַרויס אפּ אַלע אײַזנבאַן־װעגן פון לאַנד, קעדיי מיט אן איינמאָליקן קאָנצענטרירטן קלאַפּ צעשמעטערן דעם סוי־נעס קאָמוניקאַציע. איצט װייסן מיר עס שוין גענוי, דאָס איז גע־װען א צוגרייטונג צום גענעראַל־שטורעם פון דער רויטער אַרמיי אפּ צו באַפרײַען װײַסרוסלאַנד.

די פּאַרטיזאַנער פונעם אָטריאַד, אין װעלכן ס'געפינט זיך באָ־ריס כאַימאָוויטש, האָבן באַקומען אן אויפגאַבע: אין מעשעך פון איין נאַכט פאַטערן 2.000 רעלסן. באָריסן אָבער מיט זײַן אָפּטיילונג װערט געגעבן דער באַפעל צו באַשיצן דעם אָטריאַד פון אן אומגעריכטן אָנפאַל פון דעם סוינע. פאַרפאַלן, באַפעל איז באַפעל!

דער אָטריאַד האָט זײַנס אָפּגעטאָן. אַלע זײַנען מאַמעש גליקלעך פונעם דערפאָלג. באָריס גייט אַרום אין לאַגער א צעטראָגענער, קען זיך קיין אָרט ניט געפינען, רעדט, טײַנעט אַרײַן אין די שטאַב-מיט־גלידער, אז אפּ צומאָרגנס איז ער מיט זײַן אָפּטיילונג אַוועק... צו דער אַלגעמיינער סומע צעשמעטערטע רעלסן האָבן זיי זייער איי־גענעם צושטײַער געבראַכט — נאָך 518 שטיק. אפּ א שעטעך פון 6 קילאָמעטער איז די אײַזנבאַן-ליניע מינסק — מאָהיליעוו פולשטענ־דיק צעשטערט געוואָרן.

צוויי פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, צווישן זיי אויך באָריס מיט זײַנע קאַמף־כאַווייריִם, האָבן פון שטאַב באַקומען אן אויפגאַבע: פּאַ־טערן דעם סוינעס פינף צוגן. מ'איז אַוועק אין דער געגנט פון דער כטאַנציע טאָלאָטשין. א באַוועגונג איז אפּ דעם דאָזיקן אײַזנבאַן-אָפּ־שניט גאָר א גוואַלדיקע. די היטלעריסטן היטן די ליניע, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. דאָך גיט זיך אײַן אונדזערע דיווערסאַנטן אונטער־לייגן דעם אופרײַס-מאַטעריאַל. ס'גייט דורך איין צוג — קיין אופּ־

רײַס איז ניטאָ. מע לייגט צו נײַעם אופּרײַס-שטאָפּ, ס׳גייט דורך א צווייטער צוג — גאַרניט. א דריטער, א פערטער — פונקט ווי דער וועג וואָלט גאַרניט געווען פארמינירט. ס׳הייבט אָן טאָגן. מע מוז זיך שוין אָפּטראָגן פון דער אײַזנבאַן-ליניע. נאָר אָט פליט נאָך א צוג, גאָר אַן אריסטאָקראַטישער — און די גאַנצע געגנט ווערט פארטויבט פון א מוירעדיקן אופּרײַס („אַוואַדע האָט מען עס אין געטאָ גע־הערט״, — טראַכט זיך באָריס). א גאַנצן טאָג זײַנען דעם סוינעס סאַ־ניטאַר-אַעראָפּלאַנען געפלויגן און טראַנספּאָרטירט די פארוווּנדעטע און געהארגעטע. געווען זײַנען עס, ווי־זט אויס, גאָר „הויכגעשטעל־טע פארשוינען״ (אַנדערש וואָלט מען זיי אַפן אָרט באַגראָבן און ניט צוגענומען מיט אַעראָפּלאַנען). נאָך דער דאָזיקער געלונגענער אָפּעראַציע האָבן די צוויי פּאַרטיזאַנישע גרופּעס אַראָפּגעלאָזט פון די רעלסן נאָך פיר עשעלאָנען. באַ זעכציק וואַגאָנעס מיט „לעבעדיקער סכוירע״ און מיט מילכאָמע-טעכניק פונעם סוינע זײַנען פולשטענדיק געפּאַטערט געוואָרן. פאַר דער דאָזיקער געלונגענער קאַמפּס-אָפּעראַ־ציע האָט באָריס באַקומען דעם אָרדען „רויטער שטערן״.

ווי געזאָגט, האָט באָריס כאַימאָוויטש שוין לאַנג אויפגעהערט צו פּײַנ-ען די בוכהאַלטעריע פון נעקאָמע-אַקטן קעגן די פאַשיסטישע בעס־טיעס. באַ יעדער נײַער אָפּעראַציע האָט ער זיך שטענדיק געפילט, ווי ער וואָלט אָקאָרשט אָנגעהויבן פון אָנהייב. דער שטאַב פונעם באַרימטן 208-טן פּאַרטיזאַנישן פּאָלק אַפן כאַווער סטאַלינס נאָמען ווייסט אָבער דעם כעזשבן. אין כאַימאָוויטשעס קאַמפּס-כאַראַקטעריס־טיק ווערט געזאָגט:

„באָריס פּײַוועלעוויטש כאַימאָוויטש, געבוירן אין 1910 יאָר, מיט־גליד פון דער אַלקפּ(ב), האָט פאַר דער צײַט פון זײַן פּאַרטיזאַנישן קאַמף באַוויזן א מוסטער פון העלדישקייט און דרייסטקייט. ער איז אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין פערציק פּאַרטיזאַנישע שלאַכטן״.

## III. שטענדיק מיטן קוילנוואַרפער

כאַימ אַלעקסאַנדראָוויטש מיט זײַן קאַלטבלוטיקייט און גרויסער פּאָליטישער דערפאַרונג איז אונדז אין געטאָ ביז גאָר נייטיק געווען בײַסן לייזן גרונט-פראַגן פון אונדזער אונטערערדישער אַרבעט.

ווען כאַימ איז צו או-דז געקומען נאָך דער שכיטע פונעם 2-טן מאַרט 1942 יאָר (דאַן איז אומגעקומען זײַן כאַווערטע מאַשע) און שטיל, אָבער אַנטשלאָסן געזאָגט: „מיר איז צײַט אַוועקצוגיין״, — האָט

קיינער פון אונדז ניט געקאָנט דערווידערן. כאַיִם האָט געמוזט נע-
מען געווער אין האנט.

כאַיִם אַלעקסאנדראָוויטש מיט נאָך פופצן כאַוויירים פון געטאָ זײַנען לויט אונדזער אופטראָג אוועק שאפן א נײַע פארטיזאנישע באזע — דעם 406-טן אָטריאד. א וועג האָבן זיי געהאט א מוירעדיק שווערן. מאָטיע פרוסלין, מייער פעלדמאן, באסקין האָבן אין וועג די פיס אָפגעפרוירן, האָבן קוים באוועגן זיך געקענט. מע האָט נאָך ניט באוויזן אײַנצואָרדענען א שטיקל לאגער אין וואלד, ווי דער סוינע איז אָנגעפאלן. אפן אָרט, וווּ ס'איז דער לאגער געווען, האָבן די מערדער אופגעשטעלט טלִיִעס און אף זיי אופגעהאנגען אונדזערע כאַוויירים פרוסלין און באסקין. ניט ווײַט פון דעם אָרט איז גע-בליבן ליגן א דערהארגעטער מייער פעלדמאן. מיט די אָפגעפרוירענע פיס האָבן זיי ניט באוויזן זיך ארויסצודרייען פונעם סוינעס ארום-רינגלונג. דער אָטריאד האָט פונדעסטוועגן ווײַטער געלעבט.

ס'איז געווען הונגער און קעלט. ס'איז ווייניק געווער געווען, און דער סוינע איז ארום. דער קאָמאנדיר שיקט כאַימען אין א שכיינעסדיקן וואלד באגעגענען מענטשן, וואָס דארפן קומען פון מינסק. גייט כאַיִם אן אומבאוואָפנטער אין אן אומבאקאנטן וואלד און וואַרט. דאָס געהער איז אָנגעשפּיצט, די אויגן — אָנגעשטרענגט. קיין שלאָף לאָזט כאַיִם צו זיך ניט צו אף קיין מינוט. און דאָך... כאַיִם האָט גאָרניט באמערקט, וויאַזוי איז ער ארומגערינגלט געוואָרן פון א גרופע מענטשן אין דײַטשישע און פאָליציייִשע קליידער.

— ווער ביסטו?

— א וואלד-וועכטער.

זיי הייבן אָן פאָרשן און פרעגן, און כאַיִם מיט זײַן כוש פון אן אלטן אונטערערד-טוער פילט: ניין, דאָס זײַנען ניט דעם סוינעס שעלוכים. ס'איז אָבער אויך ניט די גרופע פון מינסק. פארוואָס ווייסן זיי ניט קיין פאראָל? זיי פאָדערן פון כאַימען, ער זאָל זיי זאָגן, וווּ זײַנען פארטיזאנער, כאַיִם ווייסט גאָרניט. ער איז א וואלד-וועכטער. שטיל, גאָר שטיל זאָגט ער, אָט אזוי ווי צו זיך אליין: „ס'מאכט זיך אמאָל, ס'גייען דורך אין וואלד באוואָפנטע, אָבער ווער ווייסט זיי, ווער זיי זײַנען. אויב כ'וועל עמעצן באגעגענען, וועל איך זיי זאָגן, אז איר דארפט זיי...“

די געקומענע הייסן כאַימען גיין זוכן פארטיזאנער (זיי האָבן אויך פארשטאנען, מיט וואָס פאר א וואלד-וועכטער זיי האָבן צו טאָן...). ס'גייט ניט דורך קיין לאנגע צײַט, און די געקומענע זײַנען

ווי אייגענע אופגענומענע געוואָרן אין דעם 406־טן פּאַרטיזאַנישן אָט-ריאַד. געוועזן זײַנען עס כאַווײַרים, וועלכע זײַנען שפּעטער באַוווּסט געוואָרן אין גאַנץ ווײַסרוסלאַנד אַלס אָנפירער פון גרויסע פּאַרטיזאַנישע פאַרייניקונגען (איינער פון זיי האָט שפּעטער באַקומען דעם טיטל „העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד". א צווייטער איז געוואָרן קאָמאַנדיר פון א בריגאַדע). כאַיִמען האָט מען פון דאַן אָן גערופן אין אָטריאַד „דער פּאָדפּאָלשטשיק" אָדער „דער וואַלד-וועכטער".

דער אָטריאַד, וואָס האָט זײַן אָנהייב גענומען פון מינסקער געטאָ (קאָמיסאַר איז געווען דער מינסקער ייִד בינוג), איז אויסגעוואַקסן. ער איז אָבער נאָך ניט געווען אַזוי אינערלעך קרעפטיק און גענוג באַוואָפנט, ער זאָל קאָנען בײַשטיין דעם סוינעס אָפּטע אָנפאַלן. טרעפט ער אָבער דעם העלדישן פּאַרטיזאַנער-קאָמאַנדיר „דיאַדיע וואַסיע" (וואָראָניאַנסקי), און שליסט זיך אָן צו זײַן קעמפנדיקן אָטריאַד, ווו ס'געפינט זיך שוין אונדזערע א היפשע גרופּע, וועלכע איז בעראָש מיט קאַגאַנען אַוועק פון מינסקער געטאָ.

אַדאַנק דעם אָטריאַד פון „דיאַדיע וואַסיע" זײַנען טויזנטער ייִדן — מענער און פרויען, זקיינים און קינדער אַרויסגעריסן געוואָרן פון געטאָ און, באַגלייט דורך פּאַרטיזאַנער, זײַנען זיי אַריבערגעפירט געוואָרן אויף יענער זײַט פראָנט-ליניע, אויף דער „גרויסער ערד" פון אונדזער היימלאַנד.

אַז דער אָטריאַד איז אַוועק אין קאַמף צו צעקלאַפּן דעם סוינעס גאַרניזאָן אין עם שטעטל מיאַדיעל (ווילייקער געגנט), האָבן אונדזערע כאַווײַרים געוווּסט: פאַראַן נאָך איין ציל אין דעם דאָזיקן קאַמף — באַפרײַען די ייִדן פון דער דאָרטיקער געטאָ. כאַיִם איז בײַם דער דאָזיקער שלאַכט (ווי אין אַלע פילצאָליקע שלאַכטן, אין וועלכע עס איז אים אויסגעקומען אָנטיילצונעמען) — באַם קוילנוואַרפער.

דער סוינע דערפילט די געפאַר און שיקט אַרויס אַן עקסטרע פאַרבינדלער צום שכייניעסדיקן גאַרניזאָן נאָך הילף. כאַיִם כאַפּט אים איבער מיט זײַן קוילנוואַרפער אינמיטן וועג. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שטורעם פונעם גאַרניזאָן. ייִדן אין געטאָ זײַנען שוין פון פאָרויס געוואָרנט, אַז ס'דערנעענטערט זיך די שאָ פון באַפרײַונג. מיט אופגעבראַוזטן געמיט און צאַפּלדיקע הערצער דערוואַרט מען די דערלייזער, קעדיי מיט זיי זיך פאַרייניקן אין קאַמף קעגן דעם בלוט-סוינע. פינף שאָ האָט געדויערט די שלאַכט. ס'זײַנען פאַראַן קאָרבאָנעס בײַ די פּאַרטיזאַנער. א קויל האָט געטראָפן דעם געהילף-קאָמאַנדיר פון אָטריאַד. ס'ליגן פיר געהאַרגעטע פּאַרטיזאַנער. ס'וואַקסט

שטאַרקער דער צאָרן און פאַרביסנקייט פון די נעקאָמענעמער. עס זײַנען שוין פאַרנומען דעם סוינעס שוצגראָבנס. פּאַרטיזאַנער זײַנען אַרײַן אין שטעטל. מע איז נאָך פאַרנומען געווען מיט פאַרניכטן די לעצטע באַנדיטן פונעם היטלערישן גאַרניזאָן, ווען אונדזערע כאַווײ־רים זײַנען אַוועק צו דער געטאָ מיטן גליקלעכן באַפרײַונגס־רוף: „ייִדן, אַרויס פון געטאָ!" און ייִדן זײַנען אַרויס. ייִנגערע און קאַמפּס־פייִקע זײַנען גלײַך אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין די קאַמפּס־רייען. די עלטערע, די פרויען און קינדער זײַנען אָפּגעפירט געוואָרן אין וואַלד, אין אַ פאַמיליען־לאַגער, קעדיי שפּעטער אָפּגעשיקט צו ווערן אַף יענער זײַט פראָנט־ליניע.

כאַיִם האָט מיטגעלעבט די גרויסע פרייד פון באַפרײַונג און בייס־מײַסע געטראַכט וועגן מינסקער געטאָ, וועגן דער דערמאָרדעטער כאַווערטע מאַשע, וועגן זײַן 6־יאָריק טעכטערל נאָימעלע. מינסק איז אָבער ווײַט געווען; און אַרום איז דער סוינע, מיט וועלכן ס׳איז שוין אַף צו מאָרגן אויסגעקומען ווידער זיך צו טרעפן אין בלוטיקן געראַנגל.

ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער צאָל 13.

— גראָד דאָס איז אַ סימען פון האַצלאָכע, — האָט געענטפערט כאַיִם אַף דעם וויצלען זיך פון זײַנע כאַווײרים איבער דער טײַוולאָנישער טוץ.

אין לאַגער, ווי געוויינלעך, זײַנען ווייניק מענטשן פאַרבליבן. מע איז אַוועק באַנאַכט — ווער אַף אַ קאַמף־אָפּעראַציע, ווער אַף דיווערסיע, ווער אין אויסשפּיר, ווער אַף ווירטשאַפטלעכער אָפּעראַציע אָדער אַף פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט צווישן דער באַפעלקערונג. אין כאַיִמס ראָטע זײַנען בלויז פינף מענטשן געבליבן, און פּלוצלינג — אַן אַליאַ־רעם! דער סוינע איז נאָענט. אין דער גאַנצער בריגאַדע זײַנען קוים אַ מאַן 120 געבליבן. מע ווענדט זיך צום שכיינעסדיקן אָטריאַד „באָרבאַ" און מע פאַרנעמט צוזאַמען אַ פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע. כאַיִם מיט זײַן קוילנוואַרפער געפינט זיך אַפן רעכטן פליגל. נאָך רעכטער פון אים געפינען זיך אַ מאַן דרײַסיק פון „באָרבאַ". דער לינקער פליגל אַרבעט מײַסים, מע גיט דעם סוינע פּולווער צו שמעקן. די היטלעריסטן וואַרפן זיך רעכטס מיט אַ שטאַרקן אויטאָמאַטן־פײַער. כאַיִם גרייט זיך אויפצונעמען דעם סוינע. און דאָ, אין סאַמע ניי־טיקן מאָמענט, — סטאָפּ: דער דיסק פונעם קוילנוואַרפער האָט זיך פאַרהאַקט. די דײַטשן דערפילן דאָס שוואַכע אָרט בײַ די פּאַרטיזאַ־נער. זיי זײַנען שוין 10 מעטער פון כאַיִמען. קאַלטבלוטיק (מיט דער וווּנדערלעכער קאַלטבלוטיקייט, וואָס קיינער, אַכוץ אַלעקסאַנדראָוויטש, האָט עס בײַ אונדז ניט פאַרמאָגט) האָט ער אַרויסגענומען דעם דיסק, אָנגעפילט מיט קוילן שנעל אַ צוויי־טן, און מאַמעש אין דער לעצ־

טער סעקונדע האָט זײַן קוילנוואַרפער געגומען גענבן לאָשן, 13 היט-
לעריסטן (אָט ווען די דאָזיקע 13 האָבן עס כאַווערים זיך געכאָכ-
מעט) זײַנען פון דער ערשטער קוילן-סעריע געבליבן ליגן. די אי-
בעריקע זײַנען צעטומלט געוואָרן. זיי וואַרפן זיך אין א זײַט, נאָך
מער רעכטס, דאָרט, ווו ס'זיצט די גרופע „באָרבא". די גרופע האלט
ניט אויס דעם האַסטיקן אָנגריף פון סוינע. ס'דראָעט א געפאַר, אז
די היטלעריסטן וועלן די פּאַרטיזאַנער אָפּשנײַדן דעם וועג אָפּ צו-
ריק. כאַיִם האָט באוויזן שטיל, אומבאמערקט אהין זיך דערקלײַבן,
און ווידער האָט זײַן קוילנוואַרפער אָנגעהויבן האַכטיק „שטעפּן". דער
סוינע איז אָפּגעטראָטן.

כאַיִם אַלעקסאַנדראָוויטש איז אן אָנגעזעענער מענטש אין זײַן
בריגאַדע. ער איז געווען קאָמאַנדיר פון אן אָפּטייל, א קאָמיסאַר
פון אן אָטריאַד, א סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע און
געהילף-קאָמיסאַר פון איינער פון די באַרימטסטע, קאַמפּספייִקע פּאַר-
טיזאַנישע בריגאַדעס אין ווײַסרוסלאַנד. שטענדיק און פריִער פאַר אַלץ
איז ער אָבער געווען א קוילנוואַרפלער. ווען די בריגאַדע פלעגט
ארויס אין שלאַכט, איז כאַיִמס אָרט פון פאָרויס געווען שוין א
באַשטימטס — באַם קוילנוואַרפער (און שפּעטער — מיטן אויטאָמאַט,
וועלכן אונדזערע פליִער האָבן געבראַכט א מאַטאָנע). אַפילע ווען
כאַיִם אַלעקסאַנדראָוויטש פלעגט צוזאַמען מיט הירשל דאָבינען רע-
דאַגירן דעם פּאַרטיזאַנישן ליטעראַרישן זשורנאַל און די סעריע
אייגנאַרטיקע סאַטירע-אויסגאַבן „קניזשקא-מאַלישקא — פּאַשיסטאַם קריש-
קא", פלעגט ער אויך שטענדיק האָבן לעבן זיך זײַן אומצעשייד-
באַרן כאַווער — דעם קוילנוואַרפער. אינעם שטעפּן פון קוילנוואַרפער
פלעגט ער הערן דאָס טרייסט-וואָרט וועגן דער דערמאָרדעטער מא-
שען, ווענן דער לעבעדיק-באַגראָבענער נאָימעלע, ווענן דעם פאַר-
פײַניקטן פאָטער און דער גאַנצער פאַרצווײַגטער מישפּאָכע אַלעק-
סאַנדראָוויטשעס, בא וועלכער ס'פלעגן צום מיטיק-טיש זיך אויסזעצן
פינף דעפּוטאַטן פון שטאָט-סאָוועט — אַלץ לײַבלעכע גלידער פון דער
דאָזיקער, איצט פולשטענדיק אויסגעראָטענער יִדישער מישפּאָכע.

## IV. צילִיע באָטווינִיקס טשעכישע ביקס

אין אַלעמען איז שולדיק געווען די טשעכישע ביקס. וויפל האָט
זיך עס צילִיע באָטווינִיק אָנגעמאָרדעוועט, ביז איר האָט זיך אײַנגע-
געבן ארויסטראָגן די דאָזיקע ביקס פון די דײַטשישע געווער-
וואַרשטאַטן אין מינסק! וויפל טויט-שרעק איז איר אויסגעקומען

דורכצולעבנ, ביז זי האָט די ביקס דורכגעטראָגנ דורכ די היט-לערישע קאָנטראָל-פונקטנ, דורכ די שאָמרים בא די געטאָ-טויערנ און נאָכדעמ דעמ גאנצנ וועג, ביז זי איז געקומענ אינ פארטיזאנישנ אָטריאַד! און אז זי איז שוינ אינ אָטריאַד געקומענ, איז דער פייַנ-פולער וועג פונ דער אייגנטימערנ פונ דער שקאָדא-ביקס נאָכ ניט געווענ פארענדיקט. ס'האָבנ זיכ אפ דער ביקס געפונענ צענדליקער באלאָנימ. וואָס עמעס איז עמעס: דאָס איז געווענ א פייַנע קיי-לע, און ציליע האָט צו איר אויכ היפש קוילנ געבראכט, און דאָ זייַנענ פאראנ ניט ווייניק פארטיזאנער אָנ גע-ווער. האָט מענ זיכ גענומענ נשעפּענ צו ציליענ: „דייַנ זאכ איז זיכ פארנעמענ מיט ווייַ-בערשער ארבעט. פאראנ וועלט וואָס צו טאָנ: קאָכנ ווארמעס, וואשנ וועש, היטנ קראנ-קע. די ביקס גיב אָפּ אונדז, די מענער. מיר ווילנ מיט איר שלאָגנ די היטלערישע ברוצימ". און ציליע טייַנעט קעסיידער דאָס אייגענע: ניינ און ניינ! זי האָט די ביקס אויסגעהיט און מיט איר דורכגעמאכט בא אָנדערהאלבנ הונדערט קי-לאָמעטער, ניט קעדיי צו שטיינ בא דער קיכ, נאָר קע-דיי מיט איר צו שיסנ. דער אינייענ איז דערגאנגענ אפילע צומ קאָמאנדיר פונ אָטריאַד.



די פארטיזאנערנ ציליע באָטוויניק, וועלכע האָט אופגעריסנ פינפ דייַטשישע עשעלאָנענ.

ציליע איז אפ אירס באשטאנענ, און די נייַנקע טשעכישע ביקס איז בא איר געבליבנ. זי איז געוואָרנ איינע פונ די דרייסטע די-ווערסאנטנס אינ דער אופרייַס-גרופּע פונעמ לייטענאנט אראָנ שמו-שקעוויטש (אינעמ אָטריאַד אפ קוטוזאָווס נאָמענ, פרונזע-בריגאדע).

קעדיי זיכ צו דערקלייַבנ צו די סאמע באוואכטסטע פונקטנ פונעמ היטלערישנ טראנספּאָרט, דארפ מענ אכוצ דרייסטקייַט פאר-

מאָגן אויך א סאך געשיקטקײַט און נאָך מער — פארביסנקײַט. ס'גייט דאָך וועגן טרעפן דעם סוינע אין איינעם פון זײַנע סאמע פיל־באַרסטע ערטער...

פארן ערשטן דיווערסיע-אקט האָט די גרופע אויסגעקליבן די באן-ליניע, הארט בא דער מינסקער פראכט-סטאנציע. ביז דאן זײַנען אף דעם דאָזיקן אָרט נאָך קיין דיווערסיע-אקטן ניט געווען.

ציליע גייט אויסשפירן דעם ארום. פראָזשעקטאָרן באַלײַכטן די גאנצע געגנט. די היטלעריסטן זײַנען וואכ. אָבער ניט אף אזויפיל, זיי זאָלן באמערקן דאָס שטילע צושלײַכן זיך פון א קליינער גרופע פארטיזאנער. דעם אופרײַס-מאטעריאל לייגט אונטער אראָן. ציליע העלפט אים. זי ליגט אף די רעלסן גופע און כאפט מיטן אויער דעם מינדסטן שאָרכ. דוכט זיך, אז ס'וועט זײַן מיט מאזל. דער קוים הערבארער ציטער, וואָס גייט דורכ די רעלסן, איז אן אָנזאָג, אז עפּעס באוועגט זיך שוין איבער זיי. ס'דויערט נאָך היפש צײַט, ביז מע קען שוין פונדערווײַטן הערן דאָס סאָפּען פון א לאָקאָמאָטיוו. א סימען — ס'גייט א שווערער באלדאָוואָר.

אזוי איז ווירקלעך געווען. זיכער און זאָרגלאָז (קיין וועלדער זײַנען דאָך שוין דאָ ניטאָ) האָט דער שווערער טראנספּאָרט זיך דערנעענטערט צו דער מינסקער באן-סטאנציע. ער איז אָבער שוין אהין ניט דערגאנגען. דער לאָקאָמאָטיוו צוזאמען מיט 22 וואגאָנעס לעבעדיקער און טויטער מאסע זײַנען צונויפגעקוועטשט געוואָרן אין איין גרויסן הויפן. די באן-באוועגונג איז אף דעם דאָזיקן פארן סוינע גאָר וויכטיקן וועג-אָפּשניט פארשפּארט געוואָרן אף גאנצע 48 שאָ. אין מילכאָמע-צײַט האָט עס א שטיקל באַדײַטונג...

דער קאָמאנדיר פון אָטריאד גייט ארום א שטארק באזאָרגטער: לויט די מעגלעכקײַטן, וואָס דער אָטריאד פארמאָגט, האָט אין מעשעכ פון כודעש געזאָלט געפּאטערט ווערן אזויפיל און אזויפיל אווטאָמאשינעס פונעם סוינע. און דאָ, ווי אפצולאָכעס, גייט ניט.

ווען ציליע מיט דער דיווערסאנטן-גרופע איז אוועק צו דער אײַזנבאן-סטאנציע זעליאָנאָיע (ניט ווײַט פון מינסק) צו פארמינירן דעם וועג, האָט זי אין הארצן געטראָגן דעם ווונטש: זאָלן אף דער מינע אָנשפּרינגען וואגאָנעס מיט אווטאָמאשינעס. איז דער ווונטש געבליבן בלויז א ווונטש: אָנגעשפּרונגען איז אן עשעלאָן מיט לעבעדיקע היטלער-יונגען. פארפאלן, איז עס אויך פארטיזאניש ברויט.

ערשט אין א כודעש ארום, ווען זיי האָבן געמאכט דעם דריטן אופרײַס, זײַנען בא דער אײַזנבאן-סטאנציע קריזשאָווקע ליגן געבליבן

12 פלאטפֿאָרמעס מיט דײַטשישע אווטאָמאַשינעס, נאָרוואָס פֿון פֿאַבריק ארויס.

פּארטיזאנישע אופּרײַסער ווייסן עס זייער גוט: קריכסט פֿון דער הויט ארויס, מײַדסט אויס כיטרע מעניעס אפֿן וועג, שוצגריבער, לויער־פּונקטן, פּארצוימונגען, מינעס, דערגייסט שוין ביז דער באַן און גאַרניט, ס'גייט ניט!

ס'דערנעענטערט זיך דער יאָרטאָג פֿון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. פּאראַן א פּארטיזאנישע טראַדיציע: אין דעם טאָג מוז עס הילכן! פֿינף מאָל פּרוּווט ציליעס גרופּע צוגיין צום אופּרײַס־אָביעקט. עמעס, אן אָרט האָבן זיי אויסגעקליבן גאָר א געפערלעכס: צווישן אן אײַזנבאַן־בריק און א פּראָזשעקטאָרן־פּונקט. זיי האָבן שוין באַוויזן אונטערלייגן דעם טאָל און פּלוצעם, ווי פֿון אונטער דער ערד—„האלט!" ציליע האָט זיך ניט פֿארלוירן. זי האָט באַוויזן דעם טאָל (דאָס טײַערסטע פֿאר א פּארטיזאנישן מינירער) ארויסצוכאַפּן. עס פֿליִען ראַקעטעס, און ארום ווערט ליכטיק, ווי באַטאָג. אווטאָמאַטן און קוילנוואַרפֿערס האָבן די געגנט ארום באַוואָרפֿן מיט טראַסירנדיקע קוילן. די פּארטיזאנער־גרופּע איז ארויס גאַנץ פֿון דעם דאָזיקן געהענעם. וואָס טוט מען ווײַטער? איז געבליבן: אין לאַגער קערט מען זיך ניט אום. מיט קיין ליידיקע הענט קומט מען ניט צוריק.

לאַנג האָט די גרופּע געלויערט אפֿן דעם אײַזנבאַן־וועג און ערשט פֿינף טעג נאָך יאָמטעוו באַוויזן אָפּצוטאָן איר ארבעט. טאַקע מיט א פֿארשפּעטיקונג, אָבער מיט א רויִק הארץ און ריינעם געוויסן האָט מען ראַפּאָרטירט דעם קאָמאַנדיר: באַוויזן צו פּאַטערן אן עשעלאָן פֿון 27 וואַגאָנעס מיט פֿאַשיסטישע פּראָנט־באַנדיטן, וועלכע זײַנען צוליב „באַזונדערע פֿאַרדינסטן" געפֿאָרן אפֿן אורלויב קיין דײַטשלאַנד. די פּארטיזאנער־גרופּע האָט זיי געגעבן אן אָנטערמיניקן אורלויב...

אוואַדע איז אָפּקאָכן א ביסל געקעכטס פֿאר פּארטיזאנער זייער א וויכטיקער איניען, אויסוואַשן א העמד איז פּאָשעט א כאַוועריִשער כויוו. ציליע באַטוויניק פֿלעגט עס אין יעדער פֿרײַער מינוט טאָן גערן, פֿון גאַנצן הארצן. אָבער פּאַטערן פֿינף עשעלאָנען פֿון סוינע איז אויך אן איניען, באַזונדערס פֿאר א פֿרוי, וואָס האָט אין אונטערערד פֿון מינסקער געטאָ געטרוימט וועגן יענער מינוט, ווען זי וועט פֿון איר נײַער כשעכישער ביקס שיקן די ערשטע קוילן אין הארץ פֿון די מערדער, וועלכע האָבן אומגעבראַכט איר גאַנצע מישפּאָכע.

## V. דער געלער מילנער

צווישן זיך פלעגן מיר אים אין געטאָ רופן „דער געלער מילנער". געוווסט האָבן מיר, אז דאָס איז א ייִד ערגעץ פון א שטעטל לעבן מינסק, איז מאמעש פון דער גרוב אנטלאָפן און איז געקומען קיין מינסק „יאק סטאָי". אז ער איז א געלער געווען, האָט מען זיך געקענט מעשאער זײַן פון די עטלעכע געלע פעדעם, וואָס האָבן זיך דורכגעוואָרפן אין זײַן אש־גרויער באָרד. אז ער איז א מילנער געווען, האָט קיינער ניט געוווסט. זײַנע געדיכטע ברעמען, וואָס פלעגן פארשטעלן די גרינלעכע אויגן, האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן שטענדיק ניט ראָזעווע מעל געווען באשאָטן. וויאזוי ער האָט אונדז, אונטערערד־טוער, אויסגעפונען, האָט קיינער ניט געוווסט. ער פלעגט נאָכגיין אונדזערע פוסטריט, דערקלײַבן זיך צו יענע מעקויםעס, ווו ס'פלעגן זיך צונויפקומען די אלע, וואָס פלעגן אוועקגיין צו די פארטיזאנער, זיך אוועקשטעלן אין א ווינקל און שווײַגן. מיט אָט דעם דאָזיקן אקשאָנעסדיקן שווײַגן האָט ער זײַנס אויסגעפירט. מיר האָבן אים מיט איינער פון די ערשטע גרופעס, אין אָנהייב 1942 יאָר, אָפּגעשיקט אין א פארטיזאנישן אָטריאד.

מיר האָבן שוין לאנג וועגן „געלן מילנער" געהאט פארגעסן, ערשט אין איינעם א בריוול שרײַבט אונדז דער אָנפירער פון דער מינסקער אונטערערדישער אָרגאניזאציע סלאוועק: „א גרוס אײַך פון „געלן מילנער" (ווײַזט זיך ארויס, אז אויך בא די פארטיזאנער האָט מען אים אזוי גערופן). ער איז ריידעוודיק געוואָרן. שיקט וואָס מער אזעלכע יאטן". — א שיינער יאט — טראכטן מיר זיך בייסמײַסע. — דער ייִד האָט אוואדע איינִיקלעך איבערגעלאָזן אין דער גרוב בא זײַן היים־שטעטל, ניט ווײַט פון מינסק.

דער פארטיזאנישער אָטריאד, צו וועלכן ס'האָט געהערט דער „געלער מילנער", איז בא רודינסק באפאלן געוואָרן פון א דײַטשישן שטראָף־אָפּטייל — פון א 700 אָפּגעקליבענע באנדיטן. דער פארטיזאנישער אָטריאד האָט פארנומען א פארטיידיקונגס־ליניע. דער „געלער מילנער" האָט זיך אויסגעצויגן לעבן א סאָסנע, ארויסגעלייגט די קוילן, אָנגעלאָדן די ביקס און גענומען ציילן:

— אָט דאָס האָסטו דיר, מערדער, פאר מײַן געטרײַער פרוי סאָרע אָלע־האשאָלעם, — און א היטלער־יונג איז געבליבן ליגן רעכטס פון מילנערס סאָסנע.

— און אָט איז פאר דיר, מײַן עלטסטע טאָכטער כאנע, — און ווידער איז א מערדער געבליבן ליגן.

— פאר מײַן זון, פאר נאָסענען, ווײ איז מיר...
— פאר לײענען... פאר עטלען... פאר בײלטשען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דרײַ מאָל האָט דער „געלער מילנער" איבערגעלאָדן זײַן ביקס (קלײנשטעטלדיקע ײִדן, ווי באוווסט, האָבן געהאט גרויסע מישפּאָכעס), ער זעט גאָרניט, וואָס ארום טוט זיך, ער זוכט בלויז יעדעס מאָל א נײַעם ציל, און ער שיסט און טרעפט.

דער „געלער מילנער" פילט, אז עמעצער שלעפּט אים פארן פוס.

— געלער! — שרײַט צו אים, אזש רויט ווערנדיק, זײַן אָפּטײל־קאָמאנדיר, — קריך אפּ אלע פיר צוריק, אז ניט וועלסטו באלד בלײַבן. פארלאנג א באפעל — אָפּגײן!

— ווארט א מינוט! — און דער געלער פאַרעט זיך שוין ווײַטער בא זײַן ביקס, באוויײַזט א פעט מאָל זי אָנלאָדן און ארויספּליס־טערן, שיקנדיק זײַן קויל אין 16-טן פאשיסט:

— דאָס איז לעקאָוועד דיר, צו לאנגע לעבעדיקע יאָר, קאָמאנ־דיר איבער אלע קאָמאנדירן כאווער סטאלין...

„...פון דאן אָן, — שרײַבט דער אָנפירער פון דער אומלעגאלער מינסקער קאמפּס־אָרגאניזאציע, דער כ' סלאוועק, — איז דער „געלער מיל־נער" ריידעוודיק געוואָרן".

## VI. אויס יאָסעמ

צוויי מאָל איז דער 12-יאָריקער וויליק רובעזשין א קײַלעכדי־קער יאָסעמ געבליבן. דאָס ערשטע מאָל, ווען די ברוינע ראָצכים־באנדע האָט פארנומען זײַן היימשטאָט מינסק, און ער איז איינער אליין געבליבן, ניט ווייסנדיק, ווו ס'זײַנען אהינגעקומען זײַנע על־טערן, איז זײַן מישפּאָכע געוואָרן די אונטערערדישע אָרגאניזאציע אין מינסקער געטאָ. וויליק איז געווען אונדזער בעסטער קוריער. ווו ס'האָט זיך נאָר געפאָדערט געשיקטקײַט, פלינקײַט און שנעלע אָריִענ־טאציע — אהין פלעגן מיר וויליקן שיקן. וויפל מאָל אין טאָג מע האָט געדארפט דורכקריכן די געטאָ־צוימען, איז וויליק דורכגעקראָכן, און קיין איין מאָל איז מיט אים קיין דורכפאל ניט געשען. האָט מען וועמען געדארפט אופזוכן אין שטאָט, אפילע ניט ווייסנדיק קיין גע־נויעם אדרעס, האָט עס וויליק געטאָן. אז גרעסערע גרופּעס פון גע־טאָ האָבן גענומען ארויסגיין אין וואלד, איז וויליק געוואָרן דער פאָרויסגייער, דער אויסשפּירער, דער אָנזאָגער, צי מ'קען ווײַטער גיין.

וויפל מאָל האָט ער זיך בא אונדז געבעטן: לאָזט מיך, ביז וויפל

איז מיר דער שיר צו זיצן אין געטאָ? ווילִיק האָט ווירקלעך גע־קענט אוועקגיין מיט דער ערשטער בעסטער גרופּע. איז ער אָבער זייער דיסציפּלינירט און האָט פּײַנט לאַנג צו טײַנען: ניין איז ניין! אָפּלאָזן ווילִיקן פון געטאָ איז פאַר אונדז זייער שווער געווען.

ווען ווילִיק איז ענדלעך אָנגעקומען אין וואַלד, אין דזערזשינסקי־אָטריאַד, האָט דער אוילעם פּאַרטיזאַנער לעכאַטכילע אים אָנגעקוקט ווי א בייזווונדער (בא זײַנע צוועלף יאָר האָט ער דאָן, נאָך דער געטאָ, אויסגעזען נאָך גאָר קינדעריש): וואָס וועט אָט דאָס קינד טאָן בא אונדז? דער קאָמאַנדיר פון אָטריאַד מ. קאַשינסקי האָט אָבער שוין געהאַט געוווּסט, וואָס ווילִיק האָט באַטײַט פאַר אונדז אין געטאָ, און אינעם נאָענטן באַפעל, וואָס איז געלייענט געוואָרן פאַרן גאַנצן אָטריאַד, איז געווען א ספּעציעלער פּאַראַגראַף: „פאַררעכענען דעם פּאַרטיזאַן ווילִיק רובעזשין אין דער 1-טער אָפּטיילונג פון דער 1-טער ראָטע און אים איבערלאָזן אין רעשוס פונעם קאָמאַנדיר פון אָטריאַד פאַר ספּעציעלע אויפגאַבן”.

זײַן עלנטקײַט האָט ווילִיק שוין לאַנג געהאַט אויפגעהערט צו פילן. ער איז קעסיידער אין באַוועגונג, ער גייט אָפּט אין געטאָ און קומט פינקטלעך צוריק, צו ספּילנדיק אַקוראַט אַלע אויפגאַבן. ער האָט שוין געווער באַקומען — אַן אָפּגעשניטענע ביקס, פונקט פאַר זײַן וווּקס, וואָס דער אוילעם פּאַרטיזאַנער רופט זי „וופּפּ” (ווילִיקס פּו־לעמיאָט־פּיסטאָלעט).

א גוט לעבן האָט זיך אײַנגעשטעלט צווישן הויכע ברייטפּלייציקע אוקראַינער פון פּאָלטאַווּשטשינע אַלעקסאַנדער באָריסענקאָ מיטן קליי־נעם ווילִיקן. אײנער אָנעם צווייטן ווערט זיך ניט פון אָרט. מע עסט צוזאַמען, מע שלאָפט צוזאַמען און צוזאַמען גייט מען אויף קאַמפּס־אָפּעראַציעס.

ווילִיק איז א צווייט מאָל א יאָסעם געבליבן. גראָד איז דאָס מאָל אַלעקסאַנדער אוועק אָן ווילִיקן. און ניט ווײַט פונעם שטעטל רובעזשעוויטש האָט אים א פײַנטלעכע קויל געטראָפן. אַלעקסאַנדערס טויט איז פאַר אונדז אַלעמען זייער פײַנלעך געווען. מיר האָבן פאַר אַלעקסאַנדערן נעקאָמע גענומען. די נעסט פון סוינע, ווו אַלעקסאַנדער איז דערהאַרגעט געוואָרן, האָבן מיר ביזן לעצטן ציגל כאָרעוו גע־מאַכט. ווילִיקן האָט עס אָבער קיין רו ניט געגעבן: „פאַרוואָס בין איך דאַן ניט געווען מיט אים צוזאַמען?”. ווילִיק איז זיכער — ער וואָלט אַלעקסאַנדערן באַשיצט. ווילִיק איז א שווײַגער געוואָרן. אויף זײַן יינגלש פּאָנעם איז דערוואַקסענע מעיושעוודיקײַט אַרויף. די פּלייצעס

זײַנענ ווי ברײטער געוואָרנ. באַוואָפנט איז ער שוינ פונ קאָפּ ביז די פיס (כוץ א „גרויסער" ביקס האָט ער אויכ, אלס יערושע פונ אלעקסאנדערנ, א פּיסטאָלעט אונ א גראנאטע). וויליק איז א גוטער רײַטער געוואָרנ אונ רעכנט זיכ פאר דעמ בעסטנ אויסשפּירער פונעמ אָטריאד.

זײַנ גרופּע איז אוועק צומ שאָסיי-וועג, וואָס פירט צו דער וויכטיקער באַנ-סטאנציע נעגאָרעלאָיע. די היטלעריסטנ פילנ זיכ נאָכ דאָרט זייער פרײַ. אווטאָמאַשינעס קורסירנ אפ דעמ דאָזיקנ וועג הינ אונ צוריק, אז ס'איז שווער א מינוט צו כאַפּנ אפ אונטערצולייגנ א מינע. די גרופּע האָט זיכ אויסגעצויגנ ניט ווײַט פונעמ שאָסיי, מע מוז ליגנ פארטײַעט, ס'איז שווער דעמ קאָפּ אופצוהייבנ. וויליק איז אפ אלע פיר צוגעקראָכנ נאָענט צומ שאָסיי. ווענ א לײַכטער פּאסאַזשיר-אווטאָמאָביל, וואָס איז געגאנגענ פאר א קאָלאָנע לאסט-אווטאָס, איז גאָר נאָענט אָנגעפאָרנ, אז וויליק אינ דער גאנצער הייכ ארויס פונ זײַנ באהעלטעניש אונ געוואָרפנ א גראנאטע אינ סאמע מיט פונ דער מאשינ. וויליקס גראנאט-וואָרפ איז געווענ א סיגנאל פאר דער גאנצער גרופּע פארטיזאנער. זיי האָבנ אָנגעהויבנ באשיסנ די איבעריקע מאשינעס אונ געמאכט אפנ שאָסיי אזא „קאשע", אז די דײַטשישע סאניטאר-וועגענער, וואָס זײַנענ שפּעטער אָנגעקומענ, האָבנ קױמ געקענט צונויפקלײַבנ די אָפּגעריסענע הענט אונ פיס פונ די געפאטערטע באנדיטנ. פויערימ פונ שכיינעסדיקע דערפער האָבנ שפּעטער איבערגעגעבנ: 47 היטלעריסטנ האָט מענ אופגעהויבנ געהארגעטע, וויפל פארוווּנדעטע עס זײַנענ געווענ — איז ניט באוווּסט.

וועלכע קאמפּס-גרופּע ס'גייט ניט אפ אנ אָפּעראציע, בעט זי באמ קאָמאנדיר מיטשיקנ וויליקנ מיט איר, ווײַל וויליק איז אינ דער פארטיזאנישער מישפּאָכע אנ „אוניווערסאל" — ער איז א מינירער אונ אנ אויסשפּירער, א קאוואלעריסט אונ א פוסגייער. צו זײַנ 13-טנ געבורטסטאָג ציילט וויליק אָנ זיבנ אראָפּגעלאָזטע פײַנטלעכע צוגנ. זיצנ אינ לאגער, אָפּרוענ — דאָס איז פאר וויליקנ אומעטיק, געפינט ער זיכ דעריבער מערסטנס נאָענט פונ דער אײַזנבאנ, אָדער ער זיצט ערגעצ פארשטעקט אינ א געפערלעכנ פונקט אונ פאָרשט נאָכ יעדנ טראָט פונעמ סוינע, קעדיי נאָכדעמ ברענגענ ווערטפולע אויסשפּיר-יעדיעס צומ נוצנ פונ דער גאנצער בריגאדע.

ניט מיט קיינ לײַכט הארצ האָט דער קאָמאנדיר פונעמ אָטריאד באשלאָסנ אָפּשיקנ וויליקנ אפ דער „גרויסער ערד". אונ אָט איז א פּאסיקע געלעגנהײַט: עס האָט זיכ אראָפּגעלאָזט אפנ פּארטיזאנישנ

אעראָדראָם א סאָוועטישער אעראָפּלאַן. ווי וועט עס זײַן אין אָטריאַד אָן ווילִיקן? פּאַרפאַלן — זאָל ער פליִען. זאָל ער קומען אָפּ דער פרײַער סאָוועטישער ערד, זיך נעמען לערנען און אָניאָגן, וואָס ער האָט פאַר קנאַפּע דרײַ יאָר פאַרלאָרן. אונדזער רויטע אַרמיי וועט דאַן באַקומען אַן אויסגעצייכנט־געשולטן און דערפאַרענעם אָפיצער.

אזוי האָט דער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד, וואָס האָט ווילִיקן פאַר־ביטן פריִער טאַטע־מאַמע און נאָכדעם זײַן געטרײַסטן, בעסטן כאַווער אַלעקסאַנדער באָריסענקאָ, זיך פאַרטראַכט אין סאַמע ברען פון קאַמף וועגן טאַכלעס פונעם 13־יעריקן ייִדישן יאַטל ווילִיק רובעזשין, וועגן דעם ווײַטערדיקן גורל פון יונגן קעמפער פאַר אונדזער היימלאַנד, דעם ערדענטרענער ווילִיק רובעזשין, זאָרגן שוין אונדזער סאָוועטישע מעלוכע און ווילִיקס טאַטע, וואָס האָט זיך פאַר דער צײַט אָפּגעזוכט.

## VII. די פיר פון בודיאָני־אָטריאַד און זייער קאָמאַנדיר

אין אָנפאַנג זײַנען זיי געווען דרײַ — דרײַ 16־יאָריקע יאַטלעך פון מינסקער געטאָ: פימקע פרעסמאַן (אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אָפּ בודיאָניס נאָמען האָט ער באַקומען דעם שפּאַס־צונאָמען „טשולאַנ־טשיק"), אבראשקע קאַפּלאַן און זיאַמקע מיטעל. צוזאַמען מיט נאָום פעלדמאַן זײַנען זיי אין וואַלד געקומען, און געהאַלטן האָבן זיי זיך איינער אין צווייטן — ניט אָפּגעטרעטן. צוזאַמען איז זיי לײַכטער גע־ווען דער ווייטעק פון קינדלעכדיקע יעסורימים. צוזאַמען וועט מען אוואַדע קענען עפּעס גיכער אויפטאָן, קעדיי צו שטילן דעם ברענענ־דיקן צאָרן קעגן די מערדער פון זייערע — פימקעס, אבראשקעס און זיאַמקעס — טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער. פאַרמאָגט מען דאָך אָבער ניט מער ווי צו 16 וויניק דערפאַרענע יאָרן אָפּ די פּלייצעס, האָבן זיי אַלס קאָמאַנדיר פון דער ערשטער דיווערסאַנטן־גרופּע פונעם פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד אָפּ בודיאָניס נאָמען אויסגעקליבן דעם כ׳ וו. קראַווטשינסקי — דעם זעלבן, וואָס האָט נאָך אין געטאָ זיי צוגעגרייט אָוועקצוגיין אין וואַלד. נאָכדעם איז צוגעקומען יוזיק זיבעל, דער ווײַסרוסישער קאָלווירטניק פונעם דאָרף כאַקאָוויטשי (קוידאַנאָווער ראַיאָן) — אויך א 16־יאָריקער — און ס׳איז אַנטשטאַנען דאָס פינפטל אומדערשראָקענע פאַרניכטער פון דײַטשישע צוגן און אווטאָמאַשינען. יעדער איינער פונעם פינפטל האָט פאַרמאָגט מײַלעס, וועלכע האָבן צוזאַמען געגעבן א מעגלעכקײַט דער דיווערסאַנטן־גרופּע אָפּטאָן מײַסים, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן ווײַט אין דער געגנט.

וו. קראַווטשינסקיס רויִקײַט, באַטראַכטקײַט איז ווי דאָס לעבן

נייטיק געווענ די 16-יאָריקע היצקעפּ. יוזיקס ברייטע באקאנטשאפט מיט די פויערים פונ ארום האָט געגעבנ די מעגלעכקייט שטענדיק גענוי וויסנ וועגנ יעדנ טראָט פונ סוינע, וועגנ זײַנע קאמפּס-מיטלענ אונ שוואכע פּונקטנ. אדאנק יוזיקנ פלעגנ פויערים אָפט זיכ אָנשליסנ צומ פינפטל אונ צוזאמענ גיינ רײַסנ די אײַזנבאנ-ליניע. אבראשקע האָט פארמאָגט דאָס, וואָס מע רופט אָנ „פּארטיזאנישע כמעקאלקע". דער סוינע האָט געמעגט זיכ באזאָרגנ פונ אלע זײַטנ מיט וואכ-פּאָסטנס, מיט קוילנוואַרפער-נעסטנ, מיט לויער-פּונקטנ — אבראשקע פלעגט באווײַזנ דורכצוקריכנ אינ דער סאמע נעסט פונעמ סוינע, אויסשפּירנ, דערוויסנ זיכ אלצ, וואָס איז נייטיק אונ באצײַטנס נעלעמ ווערנ. זיאמקעס דרייסטקײַט איז געווענ באוווסט אלעמענ אינ אָטריאד. איידער ער פלעגט אוועקגיינ אפּ א ריזיקאליש שטיקל ארבעט, פלעגט ער פריִער זיכ ארײַפכאפּנ אינ די שכיינעסדיקע דערפער, דורכפירנ פארזאמלונגענ, שמועסנ, לייענענ פאר די ווײַסרוסישע פויערים די פראָנט-באריכטנ. מיט פּאַטערלעכער ליבע פלעגט דאָס דאָרפ יעדעס מאָל באגלייטנ זיאמקענ, פילנדיק, אז פונדאנענ וועט זיאמקעס וועג פירנ דורכ געפארנ אונ גוואלדיקע שוועריקײַטנ. פימקע פרעסמאנענ האָבנ אלע געקענט פאר א גוואלדיקנ אקשנ. אז מע פלעגט אימ זאָגנ: „טשולאנטשיק", קריכ ניט אהינ — דאָרט גייט גאָר א גרויסע מאסע היטלעריסטנ", פלעגט ער ניט הערנ: ער מוז מיט די אייגענע אויגנ זענ, צי איז ווירקלעכ דער סוינע אזוי גרויס אינ צאָל אונ צי וועט זיכ ניט אײַנגעבנ א ביסל א „קעמ טאָנ" די בלאָנד-בעסטישע קעפּ.

מאכט זיכ אמאָל — דאָס פינפטל גייט, ווי געוויינלעכ, נעענטער צו מינסק, קעדיי צו פרווונ מאזל אפּ א דײַטשישנ עשעלאָנ נאָענט פונ דער היימשטאָט. דערוויסנ זיי זיכ אינ וועג, אז אינ דאָרפ קאפּליטשע (א קילאָמעטער דרײַ פונעמ פארטיזאנער-דאָרפ סטאראָיע סעלאָ) האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט אפּ נאכטלעגער זעקס דײַטשנ. וועט עס זײַנ א גוטע „צונג" — דארפ מענ זיי נעמענ לעבעדיקערהייט. איז דאָס פינפטל אוועק אונ האָט די אָפּעראציע טאקטיש אזוי גענוי פאנאנדערגעארבעט, אז אָנ א פּיפּס זײַנענ די היטלער-באנדיטנ בעראָש מיט זייער אָפיצער, ארײַנגעפאלנ לעבעדיק אינ די הענט פונ די פּארטיזאנער, וועלכע האָבנ בארײַכערט דעמ אָטריאד מיט היפּש געווער אונ אמוניציע. ווי געזאָגט, איז דאָס פאָרגעקומענ אגעוו-אורכע. די איקער-ארבעט האָט געדארפט זײַנ אפּנ באנ. איז מענ אהינצו אוועק.

אפּנ 16-טנ קילאָמעטער פונ מינסק, צווישנ וואָלטשקאָוויטשע אונ

קוידראַנאָוו האָט דאָס פּינפטל באַשלאָסנ צו פּאַרמינירנ דעמ שאָסיי-וועג. דאָרט פליִענ הינ אונ צוריק היטלערישע אווטאָמאָבילנ. דער וועג איז א שווערער. היטלעריסטנ פונ שטשעמאָטשניצער גאַרניזאָנ לויערנ פונ אַלע זײַטנ. מע האָט זיכ אָבער דאָכ דערקליבנ צומ וועג. איינ מינע איז שוינ אונטערגעלייגט. מע גייט אָפּ א ביסל ווײַטער, קעדיי צו פאַרלייגנ א צווייטע — פּלוצעמ הייבנ אָנ פליִענ ראַקעטעס. אַפּ יוזיקס פּלייצע איז אַרופגעפאַלנ א ראַקעטע אונ אימ שטאַרק אָפּגעבריט. דער סוינע עפנט אַנ אווטאָמאַטנ- אונ ביקסנ-שיסערײַ פונ צוויי זײַטנ. די היטלעריסטנ ווילנ אַפּ אַזא אויפנ אַרײַנטרײַבנ דאָס פּינפטל אינ שכיינעסדיקנ וועלדל, קעדיי עס דאָרט אַרומצינגלענ אונ זיי נעמענ לעבעדיקערהייט. אונדזער פינפטל האָט עס אָבער פאַרשטאַנענ אונ באַשלאָסנ אויסקלײַבנ דעמ סאַמע געפערלעכסטנ וועג — זיכ דורכרײַסנ אינמיטנ פונ ביידע אָנגרײַפנדיקע גרופּעס פונ סוינע.

אַזוי האָבנ זיי געטאָנ. דער סוינע האָט זיי ניט באַמערקט אונ ווײַטער אָנגעגריפנ אַפּנ וועלדל. ס'איז דערגאַנגענ דערצו, אַז ווענ איינ היטלערישע גרופּע האָט באַמ וועלדל געעפנט א שיסערײַ, האָט די צווייטע גרופּע עס אָנגענומענ ווי א שיסערײַ פונ די פּאַרטיזאַנער, אונ זיי האָבנ גענומענ קעגנזײַטיק איינער דעמ צווייטנ אויסראָטנ. די קאָמאַנדשאַפט פונ היטלערישנ גאַרניזאָנ איז אומרויִק געוואָרנ. ס'איז שוינ פרימאָרגנ. א שיסערײַ הערט זיכ פונ אַרומ, אונ וואָס-ווענ — ווייסט מענ ניט. זײַנענ זיי אַפּ אַנ אווטאָמאַשינ אַרויסגעפאָרנ זיכ דערוויסנ אונ זײַנענ פונקט אַרופּ אַפּ דער ערשטער מינע, וואָס דאָס פּינפטל האָט באַנאַכט אונטערגעלייגט...

שכיינעסדיקע פויערים האָבנ איבערגעגעבנ דעמ שטאַב פונ בודיאָני-אָטריאַד: אַפּ צומאָרגנס האָט מענ זיי, די פויערים, צונויפגעטריבנ מיט פערד אונ וועגענער, זיי זאָלנ די פגאָרימ פירנ. פונ וואַלד האָבנ זיי אַרויסגעפירט אַכצנ דערהאַרגעטע אונ פונ שאָסיי צענ.

צומ פּינפטל האָט זיכ פאַרייניקט דער ייִדישער לערער זונדל דראָטפימענ. ס'איז — זאָגט ער — בעקאָרעוו זײַנ געבורטס-טאָג, וויל ער לעקאָוועד אַזא וויכטיקער דאַטע געבנ א פײַערלעכנ סאַליוט. געוויינלעכ פאַרלייגט מענ איינ מינע, זונדל וויל, אַז דאָס מאָל זאָל עס זײַנ שטאַרקער. פאַרלייגט מענ צוויי. מיט א שיינ קאַליגראַפיטער האַנטשריפט (ער איז דאָכ א לערער) שרײַבט ער אָנ עטלעכע „ליבעברייוולעכ" צו די פאַשיסטישע מוגעמ אָנקומענדיקנ דײַטשישנ מיליטער-צוג: „צו מײַנ געבורטס-טאָג — א מאַטאָנע די היטלער-רײַזנדער", אונ ער לייגט זיי פאַנאַנדער איבער דער ליניע. א צוג איז אָנגע-

קומענ גאָר אַ בעקאָוועדיקער, מיט ווייכע פלעצער. אוואדע „הויכגעשטעלטע לײַט". זונדל ציט איינ שנור, קראווטשינסקי מיט אבראשקענ — דעמ צווייטנ, אונ עס פליִענ וואגאָנעס איינער אפנ אנדערנ מיט פארטויבנדיקע אופרײַסנ אונ מיט אנ איליומינאציע, וואָס באלײַכט דעמ גאנצנ ארומ. דער יובילייאר זונדל איז פונעמ סאליוט צופרידנ. אבראשקע קענ זיכ בעשומ־אויפנ ניט אָפרײַסנ פונ אָרט. זײַנ אויער קענ זיכ ניט אָנזעטיקנ מיט די קלאנגענ פונ דער פאר א יאטל פונ געטאָ ליבסטער סימפאָניע — די סימפאָניע פונ יעלאָלעס, קרעכצענישנ אונ כאַרכלערײַ פונ די צעריסענע, גויסעסדיקע פאשיסטנ. א גאנצע נאכט האָבנ די היטלערישע אײַזנבאנ־היטער באשאָסנ די גאנצע געגנט. א גאנצע נאכט האָבנ זיי געפירט די געהארגעטע אונ פארוווּנדעטע. איז עס בא דעמ „פינפטל" (אונ בא זונדלענ דעמ מינירער) קיינ נאָווינע ניט. א נײַס האָבנ זיי זיכ ערשט דערוווּסט, קומענדיק צו זיכ אינעמ אָטריאד־לאגער. ווײַזט זיכ ארויס, אז דער אויסשפּיר האָט שוינ געגעבנ צו וויסנ וועגנ די רעזולטאטנ פונ דעמ דאָזיקנ אופרײַס. ביטנ אופגעריסענעמ צוג איז געפאָרנ גאָר א וואזשנער היטלערישער קנאקער פונ בערלינ מיט א גאנצנ שטאב „געלערנטע" באנדיטנ. בא די היטלער־לײַט אינ מינסק טוט זיכ כוישעכ. ס'איז פונ בענקל אראָפּגעפלויגנ דער דײַטשישער שעפ פונ מינסקער אײַזנבאנ־קנופּ. געכאפּט ווילדעוועט: סטײַטש, וויִאזוי האָט מענ עס ניט באוואָרנט דעמ וועג, מיט וועלכנ ס'איז געפאָרנ אזא הויכגעשטעלטע פערזענלעכקײַט פונ דעמ סאמע באנדיטנ־שטאב אינ בערלינ?

אינ שלאכט — ווי אינ שלאכט: עס זײַנענ פאראנ קאָרבאָנעס. אבראשקע איז אינ קאמפ געפאלנ. ס'זײַנענ געקומענ היטלעריסטנ אינ א דאָרפ נאָענט פונ מינסק. פארטיזאנער האָבנ זיכ פארשטעקט באמ וועג. די אָנקומענדיקע דײַטשנ האָט מענ באגעגנט מיט א העפטיקער שיסערײַ אונ קימאט אלע געפּאטערט. איינער בלויז האָט זיכ באהאלטנ אונטער דער אווטאָמאשינ. ווענ אבראשקע איז אהינ צוגעשפרונגענ, האָט אימ דער היטלער־באנדיט שטערבלעכ פארוווּנדעט.

אומגעקומענ איז אויכ זיאמקע. אינעמ דאָרפ וואָלטשקאָוויטשע האָבנ פאשיסטנ געלויערט. זיי האָבנ אונטער זיאמקענ דאָס פערד פארוווּנדעט. זיאמקע האָט אָנ אופהער געשאָסנ, אָפּגעשלאָגנ דעמ אָנגרײַפנדיקנ סוינע. א קויל האָט אימ געטראָפנ. ער ווייסט: א שווער פארוווּנדעטער וועט ער שוינ פונ סוינעס הענט זיכ ניט ארויסדרייענ. געטרײַ דעמ געבאָט, וואָס ער האָט נאָכ פונ מינסקער געטאָ געבראכט —

„קײנ לעבעדיקער איז סוינעס הענט ניט ארײַנגעפאלנ“, גיט זיאמקע די לעצטע קויל זיכ אינ הארצנ. אינעמ דאָרפ ניעומאָוואקי, מינסקער ראיאָנ, האָבנ ווײַסרוסישע פויערימ מיט גרויס קאָוועד באגראָבנ דעמ העלדישנ זונ פונ אונדזער פאָלק זיאמקע מיטעלנ. בלוי-אויגיקע ווײַס-רוסישע מיידלעכ באפוצנ יעדנ פרילינג זײַנ קייווער, דערציילנדיק וועגנ די העלדישע אופטועג פונעמ אומדערשראָקענעמ פארניכטער פונעמ סוינעס טראנספּאָרט.

האָט דאָס ערשטע „פינפטל“ דיווערסאנטנ פונעמ בודיאָני-אָטריאד מער ניט עקזיסטירט — זײַנען אופגעקומענ אנדערע פינפטלעכ, וועלכע האָבנ, געטרײַ דער טראדיציע אונ דערפארונג פונ אבראשקענ אונ זיאמקענ, טאָג אונ נאכט געקעמפט קעגנ די באצווינגער פונ אונדזער לאנד. ס'זײַנען פונ געטאָ געקומענ לייזער כורגינ, כאציע כורגינ, ליאָווע ביילינ, טאָליע צירלינ, ליאָווע רובינ, יאשע יאלאוויצער אונ א סאכ, א סאכ אנדערע. זיי זײַנען אלע כאוועריש באגעגנט געוואָרנ דורכ סעמיאָנענ דעמ קאָמאנדיר, וועלכער האָט פריער פאר אלצ זיי דערציילט, וואָס יידישע יינגלעכ פונ געטאָ האָבנ אופגעטאָנ אינ קאמפ מיטנ סוינע פונ אונדזער אלעמענס היימלאנד. די ניי-געקומענע פונ געטאָ האָבנ א הייליק וואָרט געגעבנ: זײַנ אזוי ווי אבראשקע, זײַנ אזוי ווי זיאמקע! — אונ זײַנען אלע, ווי איינער, אוועק אינ די דיווערסיע-גרופעס. ווער צום קאָמאנדיר וואנקע סווירעפא — דעמ העלדישנ ווײַסרוסישנ פויער, וואָס האָט וווּנדער באוויזנ אינ קאמפ מיט די היטלעריסטנ, אונ ווער צו פימקע פרעסמאנענ („טשולאנטשיקנ“), וועלכער איז בא זײַנע 18 יאָר באשטימט געוואָרנ אלס קאָמאנדיר פונ אלע דיווערסיע-גרופעס אינעמ פארטיזאנישנ אָטריאד „25 יאָר ווסקר“. אלס עלטסטער פונ א דיווערסאנטנ-גרופע איז באשטימט געוואָרנ אויכ לייזער כורגינ, וואָס אינ מעשעכ פונ איינ כוידעש, ווענ יעדער מעטער אײַזנבאנ-ליניע איז שטארק באוואכט געווענ דורכנ סוינע, האָט ער באוויזנ ארויפלאָזנ דרײַ פײַנטלעכע עשעלאָנענ אונ פאטערנ עטלעכע קילאָמעטער טעלעגראפ-פארבינדונג.

דער קאמפ-סטיל פונעמ ערשטנ דיווערסאנטנ-פינפטל אינ בודיאָני-אָטריאד איז געטרײַ אָפגעהיט געוואָרנ דורכ אלע פארטיזאנער בודיאָנאָוועס, באזונדערס דורכ די נעקאָמענעמער פונ מינסקער געטאָ.

* * *

כאָטש כאָרעוו אונ וויסט זײַנען די גאסנ פונ מינסק, הערשט דאָכ איצט איבער זיי די פרייד פונ צוריק געווונענער פרײַהײַט. עס

שפּאַנט פּימקע פּרעסמאַן — „טשולאַנטשיק" — איבער די קרומע געסלעך פון דער כאָרעווער געטאָ, און ווי ער וואָלט פאַר זיך דעם כעזשבנ געמאַכט, דערציילט ער כאַוויירים און פריינט:

— כ'האָב עלף אייזנבאַן-עשעלאָנען פון סוינע פאַרניכטעט. ניין מאָל האָב איך די אייזנבאַן-רעלסן געפּאַטערט, צוויי היטלערישע ווירט־שאַפטן כאָרעוו געמאַכט, צוויי מאָל אָנטייל גענומען אין דער רעלסן־מילכאָמע. איז וואָס? דער סוינע ראַנגלט זיך דאָך נאָך (געווען איז עס אינעם ערשטן באַפרייונגס-כוידעש פון מינסק, אין יול 1944), דעריבער איז נאָך ניט געקומען די צייט זיך באַזעצן אין דיר, מיין היימשטאָט מינסק.

און פּימקע פּרעסמאַן איז אַוועק אין דער רויטער אַרמיי, קעדיי ענדגילטיק צו פאַרענדיקן דעם כעזשבנ מיטן סוינע.

## VIII. דאַפקע בא דער געטאָ!

דער ערשטער איז פון דער קאַמפּף-דיי אַרויסגעפאַלן כאַים צור־קער (דער געוועזענער קאָמאַנדיר פונעם סערגיי לאַזאָ-אָטריאַד). דעם סוינעס א דום-דום-קויל האָט אים געטראָפן אין דער רעכטער האַנט. נאָכדעם איז אומגעקומען יִצכאָק באָטווינניק. ער האָט באַגלייט א ניי־געקומענע גרופּע פּאַרטיזאַנער פון מינסקער געטאָ. ס'האָט געזאָלט פון זיי געשאַפן ווערן א נייער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד אַפּ כ' קאַ־גאַנאָוויטשעס נאָמען. ווען דער סוינע איז אַפּ דער גרופּע אָנגעפאַלן, האָט יִצכאָק באָטווינניק די מענטשן באַשיצט, געגעבן זיי א מעג־לעכקייט אָפּצוטרעטן. פון זיין אַוטאָמאַט (מיט וועלכן ער האָט זייער שטאָלצירט — ער האָט אים אַליין צונויפגעשטעלט פון טיילן און טיילעכלעך, געזאַמלטע אין מעשעך פון כאַדאָשים) האָט ער געלאָזט איין קוילן-סעריע נאָך דער צווייטער. ער שיסט אָן אויפהער, אַפילע ווען ער ליגט שוין א פאַרוווּנדעטער אַפּ דער ערד. די לעצטע קויל האָט ער איינגעהיט פאַר זיך אַליין, ווי געוויינלעך, בא פּאַרטיזאַנער.

איז נאָכעם גאָלדזאַק געבליבן אַליין מיט זיין פּלאַן, וועלכער איז באַשטאַנען אין דעם, אַז צוזאַמען דאַרף מען אַוועק אין ראַיאָן פון מינסקער געטאָ און דאָרט, דאַפקע דאָרט, פירן די פּאַרטיזאַנישע די־ווערסיע-אַרבעט. ס'איז ניט געווען קיין קאַפּריז — ס'איז געווען אַן אינערלעכע באַדערפעניש צו שעדיקן דעם היטלער-סוינע דאָרט, וווּ ער האָט געשטערעבט אויסצוראָטן אַלע ייִדן. און נאָך איינס: זאָלן די אופּרייס-קנאַלן צוגעבן מוט די געבליבענע אין געטאָ און זיין פאַר זיי א סיגנאַל, זיי זאָלן אַרויס פון די צוימען און זיך נעמען אויס־

פילן דעם גרויסן גערעכטיקייט-אקט, וואָס איז דער פּאַראָל פון יעדן סאָוועטישן מענטשן, — נעקאָמע!

ווען דער קאָמאַנדיר פונעם קוטוזאָוו-אָטריאַד האָט באַשטימט נאָכעם גאָלדזאַקן אַלס קאָמאַנדיר פון אַן אויפרייַס-גרופּע, האָט נאָכעם באַשלאָסן: ס'איז געקומען די העכסטע צייַט צו פאַרווירקלעכן יצחאָק באָטוויניקס, כאַים צוקערס (וועלכער איז שוין פאַרבליבן אַן אינוואַליד) און זייַן, נאָכעמס, טרוים.

אין זייַן דיווערסיע-גרופּע האָט ער אַרייַנגענומען די שרעקלאָזע צילי קלעבאַנאָוו, וועלכע האָט באַוויזן זעקס מאָל דורכצושפּאַנען פון וואַלד אין געטאָ און צוריק מיט וויכטיקע אויפטראָגן פאַרן אָטריאַד. אין דער גרופּע איז אויך אַריין דער יונגער ווייַסרוס פון מינסק וויטקע רודאָוויטש. דאָס איז דער זעלבער, וואָס האָט נאָנקע מאַרקעוויטשן און אַנדערע יוגנטלעכע פון געטאָ באַזאָרגט מיט קוילן. זייַנע עלטערן האָבן געוווינט אין שכיינעס מיט דער מינסקער געטאָ. צו דער גרופּע געהערט אויך דער זינגער פונעם אָטריאַד נאָכעם-עליע קאַהאַן. (געווען איז הונגער אין וואַלד, געווען איז קעלט, און אַרום האָט געלויערט דער סוינע—פלעגן מיר אין אַ מינוט פון אָפּרו זיך צונויפזאַמלען אין אַן ערד-הייל, און נאָכעם-עליע פלעגט אונדז „לייענען" שאָלעם-אַלייכעמען, פּערעצן, קאַפּיטלעך פון בערגעלסאָנען. אַ זיקאָרן האָט ער געהאַט אַן אייַזערנעם, אָט דער געוועזענער מירער יעשיווע-באָכער און שפּעטערדיקער רעוואָלוציאָנער. פלעגט זיך נאָכעם-עליע נאָר באַווייַזן אין אַ פויערישער כאַטע, פלעגט זיך גלייַך דאָס גאַנצע דאָרף צונויפקומען. אַלע האָבן שוין געוווּסט: ס'וועט שוין זייַן דער עמעסער קאָנצערט). צוזאַמען איז מען אַוועק, אַזוי ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט, קיין מינסק. אָפּן טאָטערשן בעסוילעם, ניט ווייַט פון דער געטאָ, האָט די גרופּע זיך אָפּגעשטעלט, צילי איז אַוועק אין אויסשפּיר, און ס'איז געבליבן: אַ „קוועטש טאָן" אין סאַמע פּילבאַרסטן אָרט — באַם סעמאַפאָר.

אין יענער נאַכט, ווען פון נאָכעמס מינע זייַנען פון די אייַזנבאַן-רעלסן אַראָפּ פערציק וואַגאָנעס מיטן סוינעס טאַנקען, איז אין געטאָ מער קיינער ניט געשלאָפן. מענטשן, וואָס זייַנען שפּעטער אין וואַלד געקומען, האָבן דערציילט: דאָס איז געווען איינע פון די זעלטענע גליקלעכע נעכט פאַר די געפאַנגענע פון דער מינסקער געטאָ.

אַ שטיקל צייַט אָפּגערוט, איז נאָכעמס אויפרייַס-גרופּע ווידער אַוועק קיין מינסק און ווידער האָבן זיי אַ קילאָמעטער פאַר דער געטאָ געפּאַטערט צען וואַגאָנעס. דער אויסשפּיר האָט גענוי איבערגעגעבן דעם

**רעזולטאט: 54 געהארגעטע און 40 שווער פארוואונדעטע היטלעריסטן.** כוץ דעם איז אף די רעלסן געבליבן א גרויסער בארג פון צעבראָ-כענער זעניט-ארטילעריע און סאפּיאָרן-געצייג.

א דריט מאָל איז די גרופּע אוועק אף א ריזיקאלישן שריט (בא פארטיזאנישע אופּרייסלער איז ריזיקאַלישקייט א צווייטע נאטור) — איינמיטן העלן טאָג זיינען זיי מיט א פור אריינגעפאָרן אין מינסק. זיי האָבן אָנגעלאָדן דעם וואָגן מיט היי, קארטאָפל, עטלעכע אויפּעס, אייער. אין די קארטאָפל האָט מען באהאלטן דעם אופּרייס-מאטעריאל. גראָד טרעפט צום שלימאזל, אז איינמיטן וועג האָט זיך דאָס פערד אויסגעשפּאנט. פארבייפאָרנדיקע היטלעריסטן מאכן קוילעס, מ'זאָל זיי דעם וועג ניט פארשפּארן. אלץ הענגט אף א האָר. אָבער, ווי גע-זאָגט, מינירער האָבן ליב א שפּיל צו טאָן מיטן טייוול גופא, און דאפקע אין זיין אייגענער מאלינע. מ'איז פארפאָרן צום קאטוילישן בעסוילעם. בא וויטקע רודאָוויטשעס באקאנטע האָט מען א ביסל אָפּ-גערוט, און מע איז באנייס אוועק צו דער ארבעט.

דער קראכ פון דעם באן-אופּרייס אין יענער נאכט האָט די היטלעריסטן אריינגעבראכט אין א באזונדער צאָרן. גראָד דאן האָבן פאָלקס-נעקאָמענעמער געפּאטערט דעם היטלערישן הויפּט-הענקער פון ווייסרוסלאנד דעם סאדיסט קובע. נאָכעם האָט וועגן דעם ניט געוווסט, און וויבאלד אזארט — איז ביזן סאָף: גלייך נאָכן אופּרייס שיקט ער אוועק ציליען מיט וויטקען אין געטאָ דער-ליידיקן א ריי אופגאבן פארן אָטריאד און מיטנעמען מיט זיך מענטשן. אף צומאָרגנס איינדערפרי — די געטאָ איז ארומגערינגלט פון אלע זייטן מיט פּאָליציי און זשאנדארמעריע. די פארטיזאנער האָבן אָבער באוויזן זייערס צו דערליידיקן און בעשאָלעם זיך ארויס-קלייבן פון געטאָ.

אכט עשעלאָנען מיטן סוינעס כאַיל און קריגס-מאטעריאלן האָט נאָכעמס גרופּע געפּאטערט. יעדעס מאָל פלעגט ער זיינע פארטיזא-נער דערמאָנען: די מאָס פון נעקאָמע קאָן ניט פול זיין, קאָלזמאן די בלוטדאָרשטיקע היטלער-בעסטיע שפּאנט אף דער ערד. און נאָך האָט ער געטראכט: וועגן דעם כויוו לעגאבע זיין דערמאָרדעטער פרוי און זון, לעגאבע דעם העלדיש-אומגעקומענעם קאמפס-כאווער יִצכאָק באָטווינניק, לעגאבע די אלע, וואָס זיינען נאָך געבליבן אין געטאָ, פאר וועמען יעדער אופּרייס איז א דערמאָנונג און א רוף צום קאמף, צום דורכברעכן די געטאָ-צוימען.

# IX. דער אַלטער שימענ דערציילט

געווײנלעכ, ווענ ס'צעברענט זיכ דער פּאַרטיזאַנישער שײַטער, ווערנ די געמיטער מילדער. מע זעצט זיכ אויס אַרומ, ענג צונויפגעפּרעסט איינער צומ צווייטנ, אונ מ'קוקט נאָכ מיט טשיקאַווע, ווי פײַנ עס צעשיקעט זיכ אַ צוגעוואָרפנ גרינ סאָסנע-צווײַגל. פונ צײַט צו צײַט וואַרפנ צו די הענט, קימאַט מאַשינעל, אַ טרוקנ צווײַגל, אַנ אויסגעקאָרטשעטנ פּניאָק. אָפּט ווילט זיכ גאָר ניט רירנ זיכ פונ אָרט. די אויגנ זײַנענ האַלב צוגעמאַכט. דאַנ הייבט זיכ אָנ דאָס באַליבטסטע אינ די קורצע פּאַרטיזאַנישע אָפּרו-מינוטנ: דער אַנערקענטער מײַסע-דערציילער הייבט אָנ זײַנ „אַמאָל איז געווענ...״

דער שײַטער האָט זיכ שוינ גאָר לעבעדיק צעברענט, אונ קיינעמ פונ דער מאַכנע מינסקער געטאָ-ייִדנ, וואָס זײַנענ אָנגעקומענ אינ קאָלאָדינער וואַלד, ווילט זיכ גאָר ניט צוזעצנ אַרומ אימ. דער געמיט איז ביז גאָר אופגעברויזט — מ'האָט נאָרוואָס אינ פײַער געוואָרפנ די געלע לאַטעס, מ'האָט נאָרוואָס אויסגעהערט גאָר האַרטע רייד פונעמ קאָמאַנדיר ייִסראָעל לאַפּידוס, וואָס האָט דערקלערט דעמ געזעצ פונ אומבעראַכמאָנעסדיקנ קאַמפ אונ גרענעצלאָזער נעקאָמע. יעדער ווייסט: דער וועג אפ צוריק איז אפ אייביק אָפּגעשניטנ. אָבער דאָרט, אינ געטאָ, איז באַ לייזער לאָסיקנ געבליבנ די כאַמע מיט אַ קליינ שוועסטערל. ווער ס'האָט אַ טאַטנ געלאָזנ, ווער אַ מאַמענ, אַ פרוי, ברידער, שוועסטער — איז ווי וועט עס זײַנ?

ייִסראָעל לאַפּידוס זאָגט: לאָמיר זיכ גוט באַוואָפּענענ, לאָמיר אָנהייבנ דעמ קאַמפ, צוליב וועלכנ מיר זײַנענ אַהער געקומענ, — דאַנ וועלנ מיר באַווײַזנ ברענגענ צענדליקער אונ הונדערטער פונ אונדזערע ברידער אונ שוועסטער.

ס'ווערט לײַכטער אפּנ האַרצנ, מע זעצט זיכ צו צומ שײַטער, אונ איינער פונ די עלטסטע פונ דער מאַכנע — שימענ לאַפּידוס — הייבט אָנ זײַנ מײַסע וועגנ דעמ, וויאַזוי ס'איז געווענ אַמאָל, מיט אַ יאָר עטלעכע אונ צוואַנציק צוריק, ווענ ער, שימענ, איז צומ ערשטנ מאָל אוועק פּאַרטיזאַנעווענ אינ די ווײַסרוסישע וועלדער.

— ...דאָס יונגע סאָוועטישע לאַנד איז באַלעגערט געווענ פונ אַלע זײַטנ — ס'איז געווענ דאָס שווערע קאַמפס-יאָר 1919. מיר זעענ דעמ סוינע, ער אונדז — ניט. האָבנ מיר אימ אָנגעטאָנ אַזויפיל צאָרעס, אַז ער פלעגט פאַרזאָגנ אַ צענטנ ווי זיכ צו באַווײַזנ אינ אונדזערע מעקוימעס. ס'וועט אויכ איצט זײַנ אַזוי. מ'דאַרפ בלויז דאָס אויג אונ

דעם אויער שטענדיק האלטנ אָנגעשפּיצט, און די קויל אינ ביקס — טרוקנ און ריינ. אָט לעמאָשל...

ס'לייגנ יאטנ צו אנ אָנגעשטרענגטנ אויער, קעדיי צו הערנ שי־מענס מאָשל. האָבנ זיי אימ אָבער דאָס מאָל ניט געהערט. זיי האָבנ אימ דערפאר דערזעו, באשײַמפּערלעכ דערזעו, מיט די אייגענע אויגנ...

ס'איז געקומענ דער באפעל פונעם קאָמאנדיר: זײַנ גרייט צומ קאמפּ!

זעכציק מאנ, באוואָפנט מיט ביקסנ און מיט פיר קוילנוואַרפערס, זײַנעו אוועק צו דעם שאָסיי־וועג, וואָס פירט פונ פּוקאָוויטשי קיינ סטאריע דאָראָגי. באמ דאָרפ אָמעלנע האָט מענ זיכ פארטײַעט, פאר־מאסקירט און געזודלדיק („דעריקער איז געדולד"! — זאָגט דער דער־פארענער אלטער פּארטיזאנ שימענ) געוואַרט... און זיכ דערוואַרט.

נײַנ לאסט־מאשינעס מיט פונ קאָפּ ביז די פיס באוואָפנטע געס־טאפּאָ־ראָצכים זײַנעו געפאָרנ מיטנ טראקט דורכצופירנ זייער געוויינ־לעכע טאָג־טעגלעכע בלוטיקע מעלאָכע אינ די ארומיקע ווידערשפּע־ניקע ווײַסרוסישע דערפער. זײַנעו זיי געפאָרנ, געפאָרנ און... ניט דערפאָרנ.

— פײַער! — האָט באפוילנ דער קאָמאנדיר יִסראָעל לאפּידוס. נאָכ דעם ערשטנ קנאל האָבנ די געפּלעפטע פאשיסטנ גענומענ פליענ פונ די מאשינעס. זידלערײַענ און קרעכצענישנ פארהילכנ דעם ארומ. זײַ־נענ די פארטיזאנער נעענטער צו, און ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ א גע־ראנגל איינס אפּ איינס. אווראָמ כאליאווסקי שפּאלט מיט דער ביקס דעמ מויעכ פונ א בלאָנדער בעסטיע, און יאָסעפּ יאנקעלעוויטש שטיקט א צווייטנ מיט די בלויזע פינגער. דער אלטער שימענ איז שוינ אפּ א דײַטשישער מאשינ, און רופט:

— קוילעט, ברידערלעכ! דערמאָנט זיי, ווי ס'איז געווענ אינ ט. טשינקע!

פיר און זיבעציק היטלער־באנדיטנ זײַנעו ווי די בערווענעס גע־וועג אויסגעלייגט אפּ דעם שאָסיי־וועג. ניט אלע האָבנ אָבער אזא מאזל געהאט — אכט זײַנעו לעבעדיק ארײַנגעפאלנ צו די פארטיזאנער אינ די הענט. ווענ די אכט האָבנ דערהערט דאָס יִדישע לאָשנ פונ די פארטיזאנער, איז זייער טרייפנ בלוט פארגליוועט געוואָרנ, נאָכ איידער די קויל האָט זיי אונטערגעטראָגנ די פארדינטע שטראָפ...

אינעמ צײַטווײַליקנ לאגער פונעמ פארטיזאנישנ אָטריאד פונ מינס־קער געטאָ־יִידנ פלאקערט פרײלעכ דער שײַטער. כאָטש די קליידער

זײַנענ בא א סאכ דורכ נאס, טריקנט זיכ אָבער ניט קיינער. מ'איז אזוי פארנומענ, אז מ'האָט אָנ אַלצ פארגעסנ. וואָס קענ נאָכ זיסער זײַנ, ווי ציילנ אונ טראָגנ די גענומענע טראָפייענ פונ סוינע, די פרייד פונעם געלונגענעם נעקאָמע־אקט? די האָפענונג אז מיטנ פארכאפטנ געווער וועט מענ באוואָפענענ א גאנצע מייע נײַע פארטיזאנער, האָט אָפגעפרישט די צעווייטעקטע גלידער. מ'האָט פארגעסנ אינעם אָפרו, וואָס מע האָט פארדינט נאָכ דער אָנגעשטרענגטער קאמפ-אָפעראציע.

איבער די דערפער פונ דער ארומיקער געגנט איז אוועק א קלאנג: ס'האָבנ זיכ באוויזנ יידנ פארטיזאנער, וואָס גיבנ צו שמעקנ פולווער די ראָצכים. זיי האָבנ שוינ באוויזנ צו פאטערנ אזויפיל אונ אזויפיל עסעסאָווצעס. צו יסראָעל לאפידוסעס אָטריאד, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ אינ מינסקער געטאָ, האָבנ גענומענ זיכ ציענ סאָוועטישע מענטשנ פונ פארשיידענע פעלקער. ס'זײַנענ געקומענ די ווײַסרוסנ קאָנסטאנטינ שעלעג אונ עדוארד טשערניאק, די רוסנ באָריס סטאָלבאָוו אונ סטעפאנ אנאָכינ, דער אָסעטינער צאקולאָוו אונ דער ציגײַנער זאָלאָטארענקאָ. קינדער פונ איינהײַטלעכנ סאָוועטישנ פאָלק האָבנ אינ קאמפס-פרײַנטשאפט זיכ ענגער באהעפט. אונ צוזאמענ האָט מענ געשאפנ דעם רומ פונ 5-טנ פארטיזאנישנ אָטריאד פונ דער 2-טער מינסקער פארטיזאנישער בריגאדע.

* * *

פאר פארטיזאנער איז דאָס זייער א שווערער אינ'יענ—אומגעריכט אופנעמענ אנ אָפענע שלאכט מיטנ סוינע. גייט דער 5-טער (אָדער ווי מע רופט אימ — לאפידוסעס) אָטריאד אפ א קאמפס-אופגאבע צו דער אײַזנבאנ. ביז ס'וועט פינצטער ווערנ, רוט מענ אָפ אינעם דאָרפ גרויס-סענטשי (פוכאָוויטשער ראיאָנ). ערשט דער אויסשפיר גיט צו וויסנ: ס'דערנעענטערט זיכ גאָר א שטארק באוואָפנטער קויעכ פונעם סוינע — מיט הארמאטנ אונ קוילנווארפער. ס'איז נאָכ פאראנ צײַט אָפצוטרעטנ, איז עס אָבער ניט אינ דער געוווינהײַט פונעם 5-טנ אָטריאד. אונ ווידער: ווי לאָזט מענ עס איבער דערפער מיט לײַבלעכ נאָענטע ברידער אונ שוועסטער אפנ באראָט פונ די פאשיסטישע מערדער? האָט מענ אופגענומענ דעם אומגלײַכנ קאמפ.

פארביטערט קעמפנ יאנקל שיפ אונ אלעקסיי קריוועטשיק, הירשל

דוקאָרסקי און איוואן ראדקעוויטש, עליע גאָלדבערג און וואסיל קא-
שועמיאטשענקאָ. דער סוינע שיקט ראקעטעס, ער בעט הילף אין די
שכיינעסדיקע גארניזאָנען. פון פּוכאָוויטש קומען אָן טאנקען. זיינען
די פארטיזאנער אָפּגעטראָטן ביזן שכיינעסדיקן דאָרף קלעטישינא, זיך
דאָרט פארפעסטיקט און דעם פילפאך-גרעסערן און בעסער באוואָפנטן
סוינע ניט דורכגעלאָזן. נאָך דער דאָזיקער שלאכט איז דער אָטריאד
אוועק אויספילן די פלאנמעסיק אָנגעמערקטע אויפגאבע.

קיין שום געווינט איז דאָ ניט געווען. נאָר לייזער לאָסיק איז
אפ א האָר ניט אָפּגעשטאנען פון אווראָם כאליאווסקי. וויפל בא
אווראָמען זיינען געווען אראָפּגעלאָזטע פיינטלעכע צוגן, אזוי־פיל האָט
בא לייזערן געמוזט זיין. זיי ביידע זיינען דערגאנגען צו דער צאָל
צוועלף געפּאטערטע עשעלאָנען. גרויס איז געווען די פרייד און דער
שטאָלץ פונעם גאנצן אָטריאד, ווען צווישן די ערשטע פארטיזאנער
פון ווייסרוסלאנד, וואָס זיינען נאָך אין וואלד באלוינט געוואָרן מיט
דער זילבערנער פארטיזאנער-מעדאל, האָט זיך אויך געפונען דער
איפרייסער פון היטלערישע צוגן לייזער לאָסיק. ער האָט עס פאר-
דינט, און ניט שטאָלץ האָט ער דעם מעדאל אפ זיך געטראָגן.

מאכט זיך אמאָל: לייזער פאָרט מיט דער גרופּע אויפרייסער אין
א נאָענטן דאָרף. שטעלט אים אָפּ אין וועג א באקאנטער פויער,
קוקט אָן דעם מעדאל מיט לענינס און סטאלינס פּראָפילן און קאָן
זיך ניט אָפּכידעשן — אזוינס האָט ער נאָך ניט געזען.

— ווי באקומט מען עס אזעלכעס?

— אין קאמף.

לייזער האָט דעם פויער אָן אויפגאבע געגעבן, און יענער האָט
זיך גערן דערצו גענומען. ער איז אוועק אין מינסקער געטאָ ברענ-
גען יידן. איין מאָל אוועק און מיט מאזל צוריקגעקומען (לייזערס
מאמען און שוועסטער האָט דער פויער געבראכט). א צווייט מאָל — און
אלץ איז געווען קעשורע. באם דריטן מאָל איז דער סוינע דעם וועג
פארלאָפן. דער פויער איז אומגעקומען. ניט דערלעבט חאָטש ער דעם
טאָג, ווען אויך זיין ברוסט, אונטער וועלכער ס'האָט געקלאפּט א הייס
הארץ פון א געטרייען סאָוועטישן פאטריאָט, וואָלט באצירט געוואָרן
מיט א פארטיזאנער-מעדאל. האָבן אנדערע פאָרגעזעצט די ארבעט.
מ'איז אוועק קיין מינסק און מ'האָט דאָרט יידישע קינדערלעך גע-
נומען, אויפגעקליבן קינדער אפ די וועגן (קינדער פון געטאָ פלעגן
אליין גיין זוכן לאפידוסן) און זיי אין די דערפער פון דער זאָנע,
ווו ס'האָט געקעמפט דער 5-טער אָטריאד, איינגעאָרדנט, זיי איינגע-

היט ביזנ העלנ באפרײַונגס-טאָג. אינ אײנ דאָרפ בלויז, פאָרעטשע (פוכאָוויטשער ראַיאָנ), זײַנענ אפ אזא אויפנ אײַנגעהיט געוואָרנ פערציק ייִדישע קינדער.

## X. ווענ די דײַטשישע באָמבע האָט אופגעריסנ

קײנ באפעל איז ניט געווענ — פונ זיך אלײנ זײַנענ די רווישיקע זומער-פארנאכטנ מיט הארמאָשקע, מיט געזאנג, מיט הארציקנ געלעכטער אינעם פארטיזאנישנ אָטריאַד נאָכ פארכאָמענקאָס נאָמענ, אלץ שטילער אונ שטילער געוואָרנ. טיפע זאָרג האָט זיך ארופגעלײגט אפ די פענעמער פונעם פארטיזאנישנ אוילעמ. וואָס מע האָט געטאָנ — האָט מענ געטאָנ גרינטלעכער, שנעלער, אָנ איבעריקע טײַנעס.

ס'איז ערעוו „מאראפאָנ” — אזוי האָט איבערגעגעבנ דער פארטיזאנישער אויסשפּיר, אזוי גיט צו וויסנ די פארצווײַגטע פארטיזאנישע אגענטור פונ אלע ארומיקע אדמיניסטראַטיווע פונקטנ, ווו ס'געפינענ זיך דעמ סוינעס גארניזאָנענ.

ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל, ווענ דער סוינע ציט אָפּ גאנצע דיוויזיעס פונ פראָנט, קעדיי זיי צו ווארפנ אינ קאמפ קעגנ דער ברײט פארצווײַגטער פארטיזאנער-באוועגונג („מאראפאָנ” הײסט עס אפנ פארטיזאנער-לאָשנ). אויסדויערנ אונ בײַקומענ אינ דעמ פאָרשטײענדיקנ אומגלײַכנ קאמפ — אזא איז די זאָרג פונ די פארכאָמענקאָ-פארטיזאנער, פונ וועלכע די מערהײַט איז ערשט מיט 4-3 כאדאָשימ צוריק געקומענ פונ בינסקער געטאָ.

לעבעדיקער איז מיטאמאָל געוואָרנ, ווענ אינ אָטריאַד איז אָנגעקומענ דער ערשטער „גרוס” פונעם סוינע. אפנ לאגער איז אָנגעפלויגנ א סטײַע פאשיסטישע עראָפּלאנענ. ייִצכאָק מינדעל איז גראָד געווענ בא זיך אינ בײַדל, ווענ בא אימ צופוסנס איז ארופּגעפאלנ א באָמבע. אראָפּגעפאלנ אונ געבליבנ ליגנ א ניט אופגעריסענע.

— דארפכט גוימל בענטשנ, — כאָכמענ זיך יאטנ.

ניט וועגנ גוימל בענטשנ האָט געטראכט דער פארטיזאנ צוקערמאנ, ווענ ער האָט פונ אלע זײַטנ באטראכט אונ ארומגעטאפּט די דײַטשישע „מאטאָנע”. ער איז צוזאמענ מיט כאימ בערנשטײנ אונ כאימ דוואָסקינ אוועק, מיטגענעמענדיק מיט זיך די באָמבע, קעדיי זי אָפּצושיקנ, ווי זיי האָבנ געזאָגט, „נאלאָזשנימ פּלאטעזשאָמ” אירע באלעבאטימ.

בא פאָלדאָראָזשיע (זיווענעצער ראַיאָנ) האָט דער דרײַלינג פאר-

מינירט מיט דער דײַטשישער באָמבע דעם וועג, פֿון וועלכן מ'האָט דערוואַרט דעם אָנגריף פֿון סוינעס כאַיל אפֿן פּאַרטיזאַנישן וואַלד.

פּאָרזיכטיק האָט אין וואַלד געגומען זיך אַרײַנשלײַכן אַ לאַסט-מאַשין, פֿול אָנגעלאָדן מיט היטלערישע אווטאָמאַטלער. פֿאָרויס זײַנען געגאַנגען אויסשפּירער, און זיי האָבן פֿון צײַט צו צײַט געגעבן צו וויסן: מ'קען! דער וועג איז פֿרײַ!

האָבן די הערצער בײַ די דרײַ פּאַרטיזאַנער מינירער אַזוי האַס-טיק גענומען קלאַפּן, אַז ס'האָט זיך זיי געדוכט, דער סוינע קען עס דערהערן. וועט דען דער וועג ווירקלעך פֿרײַ זײַן פֿאַר די ברוינע מערדער?..

דער וועג איז אַף אַ שטיק צײַט פֿאַרפֿראָפּט געוואָרן.

די דײַטשישע באָמבע האָט אויפֿגעריסן און זיך צעפֿליגן אַף שטיקער צוזאַמען מיט קעפּ, הענט און פֿיס פֿון דרײַסיק היטלער-באַנדיטן, וואָס זײַנען געקומען „מאַראָדאָנעווען" אינעם פּאַרטיזאַנישן וואַלד.

געווען איז אַ צווייטער פֿאַרנאַכט, אַ שפּעט-האַרבסטיקער, און ווי-דער האָט דער געוויינלעכער שטייגער אינעם פֿאַרכאָמענקאָ-אָטריאַד אַ האַסטיקן טרייסל באַקומען. איבער דער גרויסער נאַליבאָקער פּוש-טשע האָט זיך פֿון איין עק ביזן צווייטן בליצשנעל פֿאַרשפּרייט די ידיעה: די היטלעריסטישע אַגענטן פֿון דער פּוילישער עמיגראַנטן-קליקע האָבן דערמאָרדעט דרײַצן ייִדן פּאַרטיזאַנער פֿונעם 106-טן אָטריאַד. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל פֿאַר די פּילצאָליקע פּאַרטיזאַנישע ברי-גאַדעס און אָטריאַדן זיך אַ נעם צו טאָן און אויסראָטן די דאָזיקע פּראָוואָקאַטאָרישע באַנדע, וואָס האָט טעראָריזירט די אַרומיקע באַפֿעל-קערונג.

די קאָמאַנדירן פֿונעם פֿאַרכאָמענקאָ-אָטריאַד האָבן באַקומען אַ ידיעה, אַז אין אַ דאָרף פֿון לידער ראַיאָן האָבן די ווײַספּוילישע באַנ-דיטן זיך גאָר פֿעסט אײַנגעניסטעט. איז געקומען אַ באַפֿעל: אויסראָטן די באַנדע ביז איינעם! צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער טשאַפּײַעווצעס און פֿורמאַנאָווצעס האָט מען גענומען אַרומרינגלען די באַנדיטן. זיי לאָזן זיך אָבער ניט. געווער איז בײַ זיי אַ סאַך פֿאַראַן, און זיי האָגלען מאַמעש מיט קוילן.

שלוימע קאַצנבאָגען באַמיט זיך וואָס טרעפֿלעכער צו שיסן, ער בײַט אָפֿט דאָס אָרט, רוקט זיך אַלץ נעענטער אין דער זײַט פֿונעם סוינע. ס'איז אָבער ניט דאָס! ער כאַפּט אַ פֿערד און לאָזט זיך אין גאַלאָפּ גלײַך אין דער ריכטונג פֿון דער באַנדיטן-נעסט. איצט

זעט ער שוין געבוי, ווי אונ אינ וועמענ ער שיסט. ס'העלפנ ניט די וואַרענישנ פונעם וווואָד-קאָמאנדיר סיאָמע פייגינ, אז ס'איז אנ אומ-זינ רײַטנדיק צו פליענ, ווענ דער סויגע איז אזוי נאָענט.

שלוימע איז א פאַרווונדעטער געפאלנ. ער ליגט אויסגעצויגנ, אונ די הענט גראָבנ זיך קראַמפּהאַפט אײַנ אינ דער ערד. דער ווײ-טעק איז גרויס. די אויגנ זײַנענ פאַרגאָסנ, אונ דער קאָפּ איז מוי-רעדיק שווער געוואָרנ. ער האָט אָבער דערהערט די טריט פונעם סוינע, וואָס האָט זיך צו אים דערנעענטערט. ווי האָבנ זיך קויכעס גענומענ! ער האָט די ביקס א כאַפּ געטאָנ אונ באוויזנ פופצנ קוילנ אַרײַנהאקנ אינ דער כאַמע געדיכמענישׁ פונ די אָנגרײַפנדיקע פאַ-שיסטנ.

שלוימע קאצנבאָגענ האָט מיט פראָצענט באצאָלט פאַר די דרײַצנ דערמאָרדעטע יידישע פאַרטיזאַנער פונעם 106-טנ אָטריאַד.

צווישנ די זעכציק געהארגעטע פאַשיסטנ האָט א באַדײַטנדיקער טייל באקומענ דעם טויט פונ דער האנט פונעם שווער פאַרווונדעטנ שלוימע קאצנבאָגענ.

## XI. די קראַנקנ־שוועסטער טאניע

ס'איז געווענ א צײַט, ווענ א פאַרטיזאַנ פלעגט זיך ווינטשנ: בעסער דער טויט, איידער ערנסט פאַרווונדעט ווערנ. וואָרעמ מעדי-קאַמענטנ זײַנענ ווייניק געווענ, דאָקטוירימ זײַנענ אויך ניט אינ אלע אָט-ריאדנ געווענ. איז א פאַרווונדעטער אויסגעקומענ שוידערלעך זיך צו מאַטערנ (אווראַמ שליאַכטאָוויטש אונ סיאָמקע לייקינ האָבנ אליינ זיך „אָפּערירט" — זיי האָבנ אָפּגעשניטנ די פולשטענדיק אָפּגעפרוירענע פינגער; כאַימ צוקער פלעגט בייס די גרעסטע ווייטעקנ פונ דער דורכגעשאָסענער האנט זיך לינדער מאכנ... זינגענדיק דאָס לידל „יעסלי ראַנילי דרוגאַ"...

זינט טאניע איז פונ מינסקער געטאָ אָנגעקומענ אינ אָטריאַד, האָט קיינ פאַרווונדעטער, מעג זײַנ מיט דער שווערסטער ווונד, זיך מער דעמ טויט שוינ ניט געווונטשנ.

ווענ מיר האָבנ טאניענ מיט נאָכ עטלעכע יידישע פרויענ דאָס ערשטע מאָל* באגעגנט לעבנ א דאָרפ, ניט ווײַט פונ אונדזער לאַגער, האָט איר היילעכ, ניט ווילנדיק, ארויסגערופנ בא אונדז א געלעכטער. זי האָט מיט אונדז צוזאמענ מיטגעלאכט. די ביקס, מיט וועלכער זי איז געקומענ אינ אָטריאַד, האָט זיך אזוי ווייניק געפאַסט צו איר גאנצנ אויסזענ, אז בא אונדזער גאנצער צוגעווווינטקײַט צו זענ פאַר-

פּיזאַנער אין די פֿאַרשיידנסטע טראַכטן — אין האַרטע און ווייכע היט, אין די פֿאָרמעס פֿון די פֿאַרשיידנסטע אַרמייען אין דער וועלט, האָט דאָך טאַניעס „קעמפּפערישער" אויסזען געצווונגען זיך אַ ווייַל טאָן אַפּ איר כּעזשבן.

פֿון פּאַכ איז זי אַ לערערן. געאַרבעט האָט זי ביז דער מילכאָמע אין אַ מינסקער מיטלשול. בייַס דער דייַטשישער אָקופּאַציע האָט זי געאַרבעט אַלס שוואַרצאַרבעטערן אַפּ אַ ציגל-זאַוואָד אונטער מינסק, דורכ וועלכן ס'פֿירן די וועגן אין דער מייַרעוודיקער פּאַרטיזאַנער-זאָנע. פּונדאַנען טאַקע איז זי מיט נאָכ מענטשן פֿון געטאָ, אָן אַ וועגווייַזער, אַוועק „אין דער וועלט", קעדיי אָנצוקומען אין אַ פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. צו מעדיצין האָט זי געהאַט אַ שטיקל שייַכעס: זי האָט אַמאָל געהאַט געענדיקט אַפּטייקער-קורסן. איז זי געוואָרן די מעדיצינ-שוועסטער און די דאָקטערן פֿריִער אינעם לאַזאָ-אָטריאַד און נאָכדעם אינעם קוטוזאָוו-אָטריאַד.

פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַלטן, אַז בײַ טאַניען איז אַ מאַזלדיקע האַנט. טאַניע האָט צו איר באַשיידענע הייל-קענטעניש פֿאַרמאָגט נאָכ עפּעס, וואָס איז אין פּאַרטיזאַנישע באַדינגונגען גאָר, גאָר וויכ־טיק: די געטרייַשאַפֿט און ליבע פֿון אַ מוטער.

ווען מ'האָט דעם שווער פֿאַרוווּנדעטן פּאַרטיזאַן וואַניושקע בו-ראַטשעווסקי ענדלעכ אַרייַנגעזעצט אין אַ סאָוועטישן אַעראָפּלאַן, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַפּ אונדזער פּאַרטיזאַנישן אַעראָדראָם, קעדיי אים, דעם שווער פֿאַרוווּנדעטן, צו נעמען אַפּ „דער גרויסער ערד", האָט ער אַפּ זייַן אומפֿאַרשטענדלעכן לאָשן גענומען רופֿן, בעטן. מ'האָט, ענדלעכ, פֿאַרשטאַנען, וואָס וואַניושקע וויל: ער פֿאָדערט, מע זאָל אויכ טאַניען אַרייַנזעצן אין אַעראָפּלאַן.

פֿון אַ פֿייַנטלעכער דום-דום-קויל איז בײַ וואַניען אויסגעשלאָגן גע-וואָרן אַן אויג, און איז אָפּגעריסן געוואָרן די צונג. וואַניעס „שפּראַכ" האָט קיינער פֿון אונדז ניט פֿאַרשטאַנען, בלויז טאַניע — זי האָט יע-דעס „וואָרט" זייַנס פֿאַרשטאַנען און איז געווען אונדזער איבערזע-צערן. זי איז פֿון דעם פֿאַרוווּנדעטן אַפּ קיין מינוט ניט אָפּגעטראָטן, שלאָפֿלאָזע נעכט און גרויסע מי-פּולע טעג פֿאַרבראַכט און דערפֿירט דערצו, אַז דער פֿאַרצווייפֿלטער וואַניושקע, וואָס האָט ניט איין מאָל געבעטן אים דערשיסן, האָט אָנגעהויבן זיך צו שעמען פֿאַר זייַן קליינ-מוטיקייַט, האָט אָנגעהויבן וועלן לעבן...

געשען איז דאָס, וואָס אין פּאַרטיזאַנישן לעבן איז עס טאָג-טעגלעכער שטייגער. ס'איז געקומען אַ באַפֿעל זיך צו רירן פֿון

אָרט, אריבער אינ א צווייטנ, גאָר ווײַטנ ראַיאָנ. דער וועג איז א געפערלעכער — מ'דארפ צוויי מאָל דורכגיינ אײַזנבאנ-ליניעס. אָנ קאמפ וועט עס אוואדע ניט געלינגענ. נעמענ מיט זיכ שווער פארווונדעטע איז אומעגלעכ. בלײַבט, אז די שווער פארווונדעטע וועט מענ לאָזנ אפנ אָרט, אינ א שכיינעסדיקנ ייִדישנ פאמיליענ-לאגער. פאר טאניענ שטייט די זייער הארבע דילעמע: מיטגיינ מיטנ קאמפס-אָטריאד, מיט די אלע לײַבלעכ-נאָענטע פארטיזאנער, מיט וועלכע טאניע איז שוינ ניט איינ פײַער דורכגעגאנגענ, אָדער בלײַבנ מיט די אנדערע כאווײרימ, מיט די פארווונדעטע אונ קראנקע, וועלכע נייטיקנ זיכ אינ איר הילפ. טאניע האָט באשלאָסנ: זי בלײַבט מיט די פארווונדעטע. זי וועט ווײַטער טאָנ איר פארטיזאנישע זאכ אינ די גאָר שווערע באדינגונגענ פונעמ ייִדישנ פאמיליענ-לאגער. די פארווונדעטע, קראנקע, צעקאליעטשעטע פארטיזאנער וועט זי צוריק ברענגענ אינ די קאמפס-רייענ, קעדיי זיי זאָלנ מיט צווייענדיקער ענערגיע נעקאָמע נעמענ פאר זייערע ווונדנ, פארנ געפאטערטנ געזונט אונ איינוווגס — פאר טאניעס, דער ייִדישער לערערנ פונ מינסק, פײַנ, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיינ אינ דער מינסקער געטאָ.

## XII. דער 14־יאָריקער פאָנענ־טרעגער

— שוינ? געענדיקט?

ער ווייסט עס גוט, דער 14-יאָריקער פארטיזאנ ליאָנקע אָקונ, אז צומ לעצטנ מאָל האָט דער אָטריאד הײַנט זיכ אויסגעשטעלט רייענווײַז, קעדיי אויסצוהערנ דעמ באפעל פונ דער קאָמאנדשאפט.

בײַזײַענדיקע קאָמאנדירנ פונ די פאָדערשטע רויטארמייִשע פראָנט־טיילנ ריידנ פארנ אוילעמ, דערציילנ: די גרויסע פעלקער־שלאכט קעגנ פאשיזמ דערנעענטערט זיכ צומ זיגרײַכנ סאָפ. יעדער פונ אײַכ, פארטיזאנער, וועט דארפנ אפ זײַנ פלאצ אָנשטרענגענ אלע קויכעס, קעדיי צו דערנעענטערנ דעמ טאָג פונ גרויסנ ניצאָכנ.

באלד קומט דער באפעל פונ דעמ שטאב:

— גרייט זײַנ צומ אָפמארש אינ דער הויפטשטאָט מינסק!

— נאָכ וואָס קיינ מינסק? — פרעגט שטיל דאָס מינסקער יאטל ליאָניע אָקונ. זײַנ מאמע אונ שוועסטער האָבנ די פאשיסטנ אינ געטאָ דערהארגעט. פונ טאטנ אונ ברודער ווייסט ליאָנקע גאָרניט. וווהינ וועט ער זיכ אומקערנ, אונ וואָס וועט ער אזוינס דאָרט קענענ טאָנ צו שטילנ דאָס אופגעברויזטע הארצ, צו זעטיקנ די גירי־קײַט נאָכ נעקאָמע פאר זײַנ יעסוימעשאפט, פאר זײַנ בארויבטער יוגנט?

ליאָנקע איז שטיל אָפּגעגאַנגענ אינ א זײַט, אָפּגעוואַרט, ביז דער עלטסטער צווישנ די רויטאַרמייִשע אָפיצערנ האָט זיכ אָפּגעקערט אפ א ווײַלע פונ דער גרופּע, אונ מיט געבעט זיכ צו אים געווענדט:

— נעמט מיכ מיט זיכ... איכ קענ גוט שיסנ...

ליאָנקע קענווירקלעכ גוט שיסנ. נאָכ אינ מינסק האָט ער בא א היטלערישנ אָפיצער צוגעשלעפּט א פּיסטאָלעט. ער האַלט אויסגעצייכנט געווער אינ האַנט. האָט אים דער רויטאַרמייִשער קאָמאַנדיר מיטגענומענ מיט זיכ.

פונ וואַלד האָט ליאָנקע געבראַכט אינ דער אַרמיי די קענטשאַפט צו לויערנ אונ באַווײַזנ זיכ דאָרט, ווו דעם סוינעס כאַיִל פילט זיכ גאָר זיכער. ער איז אינ זײַנ טייל געוואָרנ א ספּעציאַליסט אפ פאַנגענ „צינגער".

ס'איז געווענ ערעוו דער היסטאָרישער שלאַכט בא די גרענעצנ פונ דײַטשלאַנד. א „צונג" איז נייטיק געווענ ווי דאָס לעבנ. ליאָנקע בעט זיכ — ער וועט ברענגענ.

דעם היטלעריסט, וועלכנ ליאָנקע האָט אָנגעמערקט אלס „צונג", האָט ער פריִער פאַר אַלצ געפּלעפּט מיט זײַנ פײַנ דײַטש ריידנ (דאָס האָט ער זיכ נאָכ אינ מינסק אויסגעלערנט). באַלד האָט ער אים מיטנ אווטאָמאַט אַזאַ טשמעליע געטאָנ איבערנ קאָפּ, אַז יענער איז ווי א בערוועזנע געבליבנ ליגנ. אינ א האַלב פאַרכאַלעשטנ צושטאַנד האָט אים ליאָנקע געבראַכט אפנ קאָמאַנדירנ-פּונקט. פאַרנ אויסגעשטעלטנ רויטאַרמייִשנ טייל איז אויסגעלייענט געוואָרנ דער באַפעל וועגנ באַלוינענ ליאָניע אָקונ מיט אַנ אָרדענ פונ רום III-טע שטופּע.

א צווייט מאָל ערעוו א וויכטיקער שלאַכט איז ליאָנקע אַוועק מיט נאָכ עטלעכע אַרמייער אונ געבראַכט גאַנצע צוויי לאָשנגעבערס. זײַנ שמאָלע יינגלשע ברוסט איז באַצירט געוואָרנ מיט אַנ אָרדענ פונ רום II-טע שטופּע.

געווענ זײַנענ אינ ליאָנקעס קאַמפּס-טעג גאָר שווערע, קריטישע מינוטנ, איז אים דאַנ באַזונדערס צוניצ געקומענ די האַרטקײַט אונ קאַלטבלוטיקײַט, וואָס ער האָט פונ פּאַרטיזאַנישנ אָטריאַד מיטגעבראַכט.

ס'איז געקומענ דער באַפעל צו שטורעמענ א הויכפּונקט, פונוואַנענ דער סוינע האָט געהאָגלט מיט קוילנ. מיט א שטורעמדיקנ ה.ו.א. איז דער רויטאַרמייִשער טייל אַוועק אינ אָנגריפ. פאָרויס — די קאַמפּס-פאָנ. דער פאָנענטרעגער איז געפאַלנ, אונ א צווייטער כאַפּט אונטער די פאָנ. איז אויכ דער צווייטער געפאַלנ. ליאָנקע שפּרינגט פלינק צו, הייבט אופ די פאָנ אונ לאָזט זיכ אַוועק מיט איר פאָרויס — ער איז דער ערשטער אפנ הויכפּונקט.

לאנג פאַרהאַלטן זיך טאָר מען ניט, מ׳דאַרף טרײַבן דעם סוינע, ער זאָל ברעכן האַלדז-און-נאַקן. ס׳פֿילט ליאָנקע, ווי די קויכעס גייען אים אויס. עס באַגיסט אים אַ קאַלטער שווייס, ער לויפֿט אָבער פֿאָרויס מיט דער פֿלאַטערנדיקער פֿאָן, און צוזאַמען מיט אים — די אָנגרײַפֿנדיקע קאַמפּס-כאַוויירים. ס׳שרײַט דער קאָמאַנדיר צו ליאָנקען: „לייג זיך! די סאַניטאַרן וועלן דיך צונעמען! דו וועסט דאָך מיט בלוט אָפּגיין". ליאָנקע שטעלט זיך ניט אָפּ, ווײַל גרעסער ווי דער ווייטעק פֿון דער וווּנד איז געווען די פֿרייד, די גרויסע פֿרייד פֿון אָנגרײַפֿן און זיגן, וואָס האָט אָנגעפֿילט דאָס האַרץ פֿונעם געטאָ-קינד.

וויאַזוי ער איז אין שפּיטאָל געקומען — געדענקט ליאָנקע ניט. רויטאַרמייער דערציילן, אַז אַ פֿאַרכאַלעשטער איז ער געפֿאַלן, האַלטנדיק אַזוי פֿעסט צוגעדריקט צו זיך די פֿאָן, אַז מ׳האָט זי מיט קויכעס געמוזט בײַ אים אָפּנעמען.

און נאָך האָבן רויטאַרמייער ליאָנקען דערציילט, ווען ער איז צום ערשטן מאָל צו זיך געקומען אין שפּיטאָל, אַז דאָ איז געווען דער קאָמאַנדיר און געמאָלדן: דער געוועזענער פּאַרטיזאַן, דער רויטאַרמייער ליאָניד אָקון, געבוירן אין 1930 יאָר אין דער שטאָט מינסק, ווערט פֿאַר העלדישקייט און דרייסטקייט אין קאַמף קעגן די דײַטשישע פֿאַרכאַפּער צוגעשטעלט צום באַלוינען מיט די אָרדענס „רויטער שטערן" און „רויטע פֿאָן".

ווען דער סאַניטאַר-צוג, מיט וועלכן ליאָנקע איז געפֿאָרן, האָט זיך דערנעענטערט צו מינסק, האָט דאָס האַרץ בײַ אים האַסטיקער גענומען קלאַפּן. ווי זעט זי איצט אויס, די היימשטאָט, נאָך כאַדאָשים און יאָרן געטאָ, וואַלד-קאַמף און פֿראָנט? אַוועק איז ער נאָך קימאַט אַ קינד און קערט זיך אום צוריק אַ פֿאַרהאַרטעוועטער מאַן (כאָטש קוים 15 יאָר איז אים איצט). דעם סוינעס קוילן האָבן אין עטלעכע ערטער דורכגעלעכערט זײַן קערפּער. פֿונדעסטוועגן איז די האַרט און פֿעסט זײַן טראָט איבער די גאַסן פֿון דער אופֿגעלעבטער היימשטאָט, אָט אַזוי האַרט און פֿעסט, ווי ס׳שפּרײַזן איבער אַלע גאַסן און וועגן פֿון אונדזער גרויסן און ברייטן היימלאַנד אַלע זײַנע זין און טעכטער, וואָס האָבן מיט זייער לײַב-און-לעבן באַשיצט זייער פֿרײַהײַט און אומאָפּהענגיקייט.

## XIII. מיר ראַפּאָרטירן!

אַלע וועגן, וואָס פֿירן קיין מינסק, זײַנען איבערגעפֿולט מיט באַוואָפֿנטע מענער און פֿרויען, יונגע און אַלטע, וואָס אײַלן אין שטרענגע געשלאָסענע רייען צו דער ווײַסרוסישער הויפּטשטאָט. דעם

דאָזיקנ אופמארש פונ די הונדערטער אונ טויזנטער באַגלייטנ די גרויסע אונ געדיכטע וועלדער פונ ווײַסרוסלאַנד, וועלכע האָבנ אזוי געטרײַ געדינט אינ מעשעכ פונ דרײַ יאָר אלס פלאצדארמ אונ פעסטונג פאר דער מעכטיקער ארמיי פאָלקס־נעקאָמעניעמער. ווידער זײַנענ ווײַסרוסישע וועלדער בלויז וועלדער געוואָרנ. פארלאָזענע ערד־היילנ אונ בלעטער־בײַדלעכ זײַנענ דאָרט געבליבנ ווי סימאָנימ פונ יענעמ שטורמישנ לעבנ, וואָס האָט ווי אנ אונטערערדישער שטראָמ געריזלט אונ איז איצט ארויס אפ דער אויבערפלאַכ. ס'איז דער טאָג פונ באפרײַונג.

אפנ גרויסנ פלאצ פונ מינסקער היפּאָדראָמ זאמלענ זיכ די פארטיזאנישע בריגאדעס אונ אָטריאדנ צומ כאכאקל־ראפּאָרט פונ קאמפ קעגנ סוינע אינ זײַנ הינטערלאנד.

מיר האָבנ עס אלע געוווּסט: ווי אביימל, ווי א דאָרפישע כאטע אונ א שטאָטישער מויער, לויערט דאָרט דער סאָוועטישער מענטש קעגנ סוינע, קעדיי אימ אומצוברענגענ. מיר האָבנ עס גוט געוווּסט, אז אינ פּילצאָליקע ראיאָנענ זײַנענ די געזעצנ פונ דער לײַבלעכער סאָוועטנמאכט אײַנגעשטעלט געוואָרנ א סאכ פריִער, איידער ס'איז געקומענ די ענדגילטיקע באפרײַונג אונ איר טרעגער — די רויטע ארמיי.

אָבער באשײַמפערלעכ דערזענ די גרייס אונ מעכטיקײַט פונ אונדזער פארטיזאנישנ קויעכ אינ זײַנ גאנצנ פארנעמ האָבנ מיר ערשט אינ דעמ דאָזיקנ היסטאָרישנ באפרײַונגכ־טאָג פונעמ כוידעש יול 1944.

דיי נאָכ ריי, אָטריאד נאָכ אָטריאד, ראפּאָרטירנ פאר די פאָרשטייער פונ דער פארטיי אונ פונ דער רעגירונג וועגנ זייער בײַטראָג אינ דעמ אלפאָלקישנ קאמפ קעגנ פאשיסטישנ באצווינגער, וועגנ דער פולשטענדיקער גרייטקײַט ווײַטער צו גיינ אינ קאמפ ביזנ ענדגילטיקנ ניצאָכנ.

אינ די דאָזיקע קאמפס־רייענ מארשירנ אויכ די, וואָס האָבנ געבראָכנ די געטאָ־צוימענ אונ האָבנ זיכ באהעפט צו דער מעכטיקער באוועגונג פונ נעקאָמענעמער.

אינ דעמ אלגעמיינעמ פארטיזאנישנ קאמפס־ראפּאָרט איז אויכ פאראנ וועגנ דעמ, אז אינ די שוידערלעכסטע באדינגונגענ פונ דעמ אויסראָטונגס־לאגער, וואָס האָט געהייסנ געטאָ, האָבנ געטרײַע פאָלקס־זינ הויכ אופגעהויבנ די קאמפס־פאָנ, וואָס האָט גערופנ:

ניט פארלירנ דעמ גלויבנ אינעמ ניצאָכנ פונ אונדזער גערעכטער זאכ!

ניט פארלירנ דעמ קאמפס־מוט, וואָס איז נייטיק

פאר דער פולשטענדיקער באצאָלונג פאר אונדזע-
רע ליידנ און קאָרבאָנעס!

צעברעכנ די צוימענ פונ געטאָ און פעסטיקנ די פריינטשאפט צווישנ די סאָוועטישע פעלקער אויכ אינעם סוינעס הינטערלאנד!

פארייניקנ זיכ צומ אלפאָלקישנ קאמפ אפ צו פארניכטנ ביזנ סאָפ דעמ פאשיסטישנ סוינע!

צענדליקער טויזנטער האָבנ געפאָלגט דעמ דאָזיקנ רופ — בלויז טויזנטער זיינענ דערגאנגענ צו די פארטיזאנער־רייענ.

מיר ראפאָרטירנ אונדזער פארטיי און אונדזער רעגירונג: די מענטשנ פונ מינסקער געטאָ זיינענ די אָרגאניזאטאָרנ פונ זיבנ פאר-טיזאנישע אָטריאדנ.

פונ פארטיזאנישנ אָטריאד 406 (וואָס האָט זיכ שפעטער פארייניקט מיטנ רומפולנ אָטריאד פונ „דיאדיע וואסיע");

פונעמ 5-טנ פארטיזאנישנ אָטריאד אפ קוטוזאָווס נאָמענ (פונ דער 2-טער מינסקער פארטיזאנער-בריגאדע);

פונעמ פארטיזאנישנ אָטריאד אפ בודיאָניס נאָמענ (בריגאדע אפ פאָנאָמארענקאָס נאָמענ);

פונעמ פארטיזאנישנ אָטריאד אפ דזערזשינסקיס נאָמענ (בריגאדע אפ פרונזעס נאָמענ);

פונ פארטיזאנישנ אָטריאד אפ סערגיי לאזאָס נאָמענ (שפעטער פארייניקט מיטנ קוטוזאָוו-אָטריאד פונ דער בריגאדע אפ פרונזעס נאָמענ);

פונעמ פארטיזאנישנ אָטריאד אפ פארכאָמענקאָס נאָמענ (בריגאדע אפ טשאפייעווס נאָמענ);

פונעמ פארטיזאנישנ אָטריאד 106, אינ וועלכנ ס'זיינענ געווענ העכער 600 יידנ פונ מינסקער געטאָ.

מיר ראפאָרטירנ אונדזער פארטיי און רעגירונג, אז די אלע, וואָס האָבנ זיכ דורכגעריסנ דורכנ טויט-קאָרדאָנ פונ מינסקער געטאָ, האָבנ זיכ דיסציפּלינירט געשטעלט אינ די פארטיזאנישע רייענ און האָבנ העלדנמוטיק זיכ געוואָרפנ אינ שלאכט אפ אלע פילצאָליקע פראָנטנ פונ דער גרויסער פאָלקס-באוועגונג אומבעראכמאָנעסדיקע נע-קאָמענעמער.

און נאָכ ראפאָרטירנ מיר:

פיל פונ די בעסטע, פונ די העלדישסטע האָבנ ניט דערלעבט דעמ גרויסנ טאָג פונ ניצאָכנ. זיי זיינענ געפאלנ אפנ שלאכט-פאָסטנ

סײַ אין געטאָ סײַ אין די פּאַרטיזאַנער-רייען, אױספֿילנדיק ביזן סאָף זייער כױוו אַלס געטרײַע קעמפער פֿאַר אונדזער היימלאַנד.

האָבן מיר, די לעבן-געבליבענע, אַ שווער געגעבן, אַט אַזוי, ווי עס האָבן פֿאַרצײַטנס אונדזערע אורעלטערן געשווירן:

אויב מיר וועלן פֿאַרגעסן די געפֿאַלענע,

זאָל אונדזער אייגן געביין פֿאַרגעסן ווערן.

אַלס באַשיידענער אָנדענק זיי זײַנען געשריבן די דאָזיקע שורעס.

באַפרײַטער מינסק, ווינטער 1945.

---

Г. СМОЛЯР

МИНСКОЕ ГЕТТО

Редактор—*М. Альтшулер*. Художник—*И. Тененбаум*. Техред.—*А. Кантор*.

А—23110. Сдано в производство 23|VIII-45. Подписано к печати 28|XII-45 г. 10½ п. л. 8½ уч.-изд. л. Тип. зн. в п. л. 32.250. Формат 84x108 1/32. Тираж 10.000. Зак. 1117.

Набрано в 13-й тип. треста „Полиграфкнига“ ОГИЗ‘а при Совете Министров РСФСР, Москва, Денисовский, 30. Отпечатано в тип. Госэнергоиздата, Москва, Шлюзовая наб., 10.